# JERUSHALAIMER ALMANACH

Yiddish Writers Group in Jerusalem

רעדאַקטאָר: יוסף קערלער

מיטרעדאַקטאָרן: דוד ספאַרד, אפרים שעדלעצקי

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג
(קולטור־דעפּאַרטאַמענט), משרד הקליטה און אַבסאָרבציע־אָפּטייל
ביי דער סוכנות.

הילע: חיים אַראָנשטאַם





נדפס בישראל 1975

בדפוס קואופרטיבי "אחוה" בע"מ, ירושלים

# אינהאַלט:

זייט

## מע זאָל עס דערציילן אין פריידן...



## שרייבער און ווערק



### פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...



## נאָטיצן, אינפאָרמאַציעס

# יזכור



צכטלר: האַלץ־שניט יד ושם־אַרכיוו

# לזכרון די זעקס מיליאָן...

דעם 9טן אַפּריל 1975 איז אין "בית־אגרון" פאָרגעקומען אַ גרויסע פייער־לעכע טרויער־אַקאַדעמיע געווידמעט דעם יום השואה.

אין זיין קורצן אריינפיר־וואָרט האָט דער פאָרזיצער פון טרויער־אָוונט ד"ר גרשון ווײַנער באַערט דעם אָנדענק פון די 6 מיליאָן קדושים פון אונדזער פאָלק, רוצחיש־פאַרטיליקטע דורך די דייטשישע נאַצי־מערדער און זייערע קאָלאַבאָראַנטן.

דער דיכטער דוד ספאַרד האָט אין זיין אינהאַלטרייכן רעפעראַט באַלויכטן די צוויי וויכטיקסטע אַספּעקטן פון יידישן ווידערשטאַנד: אַקטיווער סאַבאָטאַזש, ביז באַוואָפנטן אויפשטאַנד און קולטור־שעפערישקייט אין די שרעקלעכסטע באַ־דינגונגען פון געטאָ און דעפּאָרטאַציע. ער האָט אויך געגעבן אַן אויספירלעכן אַנאַליז וועגן לעצטנס דערשינענעם בוך פון רחל אויערבאַך "וואַרשעווער צוואות" — זכרונות וועגן די אומגעבראַכטע יידישע שרייבער אין וואַרשעווער געטאָ. מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט איז אויסגעהערט געוואָרן די ליידנשאַפטלעכע אַרויסטרעטונג פון געוועזענעם "שעף פון רויטן אָרקעסטער", דעם לעגענדאַרן אַנטי־נאַצי־קעמפער לייב דאָמב (טרע־פּער). ער האָט גערעדט וועגן דעם ביי־שפּיללאָזן מאַסן־העראָיזם פון יידישן פאָלק קעגן דער נאַצי־הערשאַפט, נישט נאָר בעת די געטאָ־אויפשטאַנדן נאָר אויך אין די רייען פון די רעגולערע אַרמייען, אין דער יידישער בריגאַדע, אין די פּילצאָליקע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן און אין אונטערגרונט. וועגן דעם אַז די פרעמדע וועלט פאַרשווייגט אָט די אומ־דערהערטע גבורה, בייזווייליק פאַרש־פרייטנדיק דעם בילבול, אַז יידן זענען כלומרשט געגאַנגען "ווי שאָף צו דער שחיטה"... לייב דאָמב האָט גערופן צו אַקטיווער וואַכזאַמקייט אין אַנבליק פון דער סאָוועטישער אימפּעריאַליסטישער עקספּאַנסיע און אַנטי־יידישער פּראָפּאַ־גאַנדע אונטערן דעקמאַנטל פון "אַנטי־ציוניזם".

אונטערשטרייכנדיק די ענלעכקייט פון פאַררעטערישן מינכען־גייסט, וואָס האָט געהערשט אין אייראָפּע ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה צו דער סיטואַציע ביי היינטיקן טאָג, ווען די פרייע וועלט טרעט אָפּ פאַר דעם סאָ־וועטיש־אַראַבישן שאַנטאַזש און טעראָר, האָט דער רעדנער באַטאָנט די לעבנס־נויטווענדיקייט פון אַבסאָלוטער אייניקייט פון פאָלק ישראל און מדינת ישראל.

די וואָרט־קינסטלערין הדסה קעסטין האָט מיט גרויס געפיל געלייענט שאַפונ־גען פון די אומגעקומענע יידישע פּאָעטן יוסף קירמאַן, משה שימעל, ישראל שטערן און קלמן ליס, ווי אויך פראַגמענטן פון רחל אויערבאַכס זכרונות.

די טרויער־פאַרזאַמלונג האָט זיך גע־שלאָסן מיט באַערן דעם אָנדענק פון די העלדן און קדושים און מיט זינגען דעם הימן פון יידישן ווידערשטאַנד — "זאָג נישט קיין מאָל...".

## נעלי זאַקס

### דאָס ליד פון די געראַטעוועטע

מיר, די געראַטעוועטע,
דורך וועמעס פוסטן געביין דער טויט האָט שוין גערופן,
דורך וועמעס לייב דער טויט איז שוין אַדורך...
אונדזערע גופים שרייען נאָך אין דער פאַרשטומטער מוזיק...

מיר, די געראַטעוועטע,
עס הענגען נאָך די שטריק אויף אונדזערע העלדזער
אין ליכט פון באַגין...
נאָך פילן זיך אָן די שעהן מיט אונדזער בלוט
אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן...

מיר, די געראַטעוועטע,
נאָך פרעסן אונדז די ווערעם פון פחד,
און אונדזער שטערן וואַלגערט זיך אין שטויב...

מיר, די געראַטעוועטע,
מיר בעטן אייך:
ווייזט אונדז פּאַוואָלינקע אייערע זונען,
פירט אונדז פון שטערן צו שטערן טריט ביי טריט,
זעט, אַז מיר זאָלן זיך אויסלערנען צו לעבן פון דאָס ניי ניט־געאיילט,

ווייל אַ פויגל־געזאַנג,
אַן עמער וואַסער פון ברונעם
קענען נאָך אויפרייסן אונדזער ווייטיק,
וואָס מיר האָבן מיט אַזוי פיל מי באַזיגט,
און מיר וועלן בלייבן פאַרשעמט פאַר זיך אַליין.

מיר בעטן אייך:
ווייזט אונדז נאָך ניט קיין בייזן הונט.
ווייל ס׳קען טרעפן, ס׳קען טרעפן,
אַז מיר זאָלן זיך צוריק פאַרוואַנדלען אין שטויב,
פאַר אייערע אויגן וועלן מיר ווערן שטויב.

ווייל וואָס, אייגנטלעך, האַלט אויף אונדזערע גלידער?
מיר, וואָס האָבן שוין פאַרלוירן דאָס לעבן
און וועמעס נשמות זענען שוין אַרויף צו אים
אין מיטן פון דער לאַנגער נאַכט,
אַ סך, אַ סך פריער ווי ס'האָבן זיך געראַטעוועט אונדזערע גופים
אין דער שיער־ניט פאַרשפעטיקטער רגע...

מיר, די געראַטעוועטע,
מיר דריקן אייער האַנט,
מיר דערקענען אייערע אויגן...
אָבער, ווייסט:
עס פאַראייניקט אונדז בלויז די צעשיידונג...
די צעשיידונג אין דעם שטויב
פאַראייניקט אונדז מיט אייך.

ייִדיש: עליע ווערבלון



ד״ר יוסף קערמיש

# די אמתע אָרגאַניזאַטאָרן פון געטאָ־אויפשטאַנד

עס זענען אַדורך 32 יאָר זינט דעם אויסברוך פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, און נישט איין מאָל זענען אין דער דאָזיקער צייט געמאַכט געוואָרן פרווון צו רעדוצירן דעם געטאָ־אויפשטאַנד צו אַ העגעמאָנישער ראָל פון איין פּאַרטיי (פּ.פּ.ר.). די דאָזיקע טענדענץ צו מאַכן פון אויפשטאַנד אַן אויפשטאַנד פון אַ באַשטימטן אַוואַנגאַרד פאַרמינערט לחלוטין זיין נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און איז היסטאָריש פאַלש. זי האָט נישט קיין שום אחיזה אין די סאַמע אויטענטישסטע דאָקומענטן פון די קאַמפן, אַנטשטאַנענע אין די אויפשטאַנד־טעג, ווי אויך פון די וועלכע זענען אויפגעקומען באַלד נאָך די געשעענישן, וואָס זענען דאָך בלי ספק נענטער צום היסטאָרישן אמת, ווי די שפּעטערדיקע מאַטעריאַלן, וואָס שטיצן זיך אויף אַזעלכע נישט גענויע פאַקטאָרן ווי דער מענטשלעכער זכרון, סוביעקטיווע אָבסערוואַציעס, אָדער גאָר אַזעלכע, אין וועלכע עס דאָמינירט די פּאַרטייאישע אויסטייטשונג. די פּרעפּאַרירטע פאַר פּאַרטייאישע צילן און אויפגעקומענע עטלעכע יאָר נאָך די געשעענישן, מאַטעריאַלן, אויף וועלכע עס איז זיך דער עיקר סומך די דערמאָנטע שיטה, האַלטן נישט אויס דעם פּרווו פון אַנאַליז, דאָס פאַרגלייכן מיט קאָמפּעטענטן קוועלן־מאַטעריאַל. די נטיות פון די טענדענציעזע מאַטעריאַלן צו גענעראַליזירן איינצלנע פאַקטן און פאַסירונגען, צו פאַרגרעסערן און פאַרשענערן זיי אָפט אויף אַ גוזמהדיקן אופן, זענען אַזוי בולט, אַז זיי קומען אויס צו זיין פּרעפּארירט פאַר אַקטועלע פּאָליטישע אויפגאַבן און אַקטועלע פּאָליטישע צילן קאָנען נישט באַטראַכט ווערן אַלס ערנסטע פּאָזיציעס צו דער פאַקטאָגראַפיע פון אויפשטאַנד, אַלס צושטייער צו די שוין באַקאַנטע ידיעות, מיט וועלכע זיי זענען אָפט אין סתירה.

כאַראַקטעריסטיש, אַז שוין אין ערשטן יאָר־טאָג פון געטאָ־אויפשטאַנד (אין יאָר 1944), בעת דער מלחמה נאָך, האָבן שוין אַנגעהויבן אין אויסלאַנד געוויסע עלעמענטן זיך צו באַרימען — צוליב פּאַרטייאישע פּרעטענזיעס און פּאַרטייאישע צילן — מיט פרעמדע אויפטוען. אַ גרופּע אונטערערדישע יידישע טוער אויף דער ״אַרישער זייט״ אין וואַרשע האָט ריכטיק באַצייכנט די דאָזיקע פּרווון, אַלס ״אַ פאַרשוועכונג פון דער ערנסטקייט פון דער גאַנצער זאַך״.

עס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער אמת, אַז דעם אויפשטאַנד האָבן צוגעגרייט

און אַרויסגערופֿן די טעטיקע אין אונטערערד פֿאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס — די אידעיישע כוחות, וואָס האָבן אַרויסגעריסן דאָס געטאָ פֿון אָפּהענטיקייט און רעזיגנאַציע. עס איז ווייטער פֿעסטגעשטעלט, אַז די יידישע קאַמפֿס־גרופּן פֿון אויפֿשטאַנד זענען באַשטאַנען דער עיקר פֿון יוגנט־גרופּן, און דעריבער איז אַ באַדייטנדיקער דער אַנטייל אין אויפֿשטאַנד פֿון יענע פֿאַרטייען, וואָס האָבן געהאַט שטאַרקע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

דער ווייטערדיקער פּרוּוו פֿון אַ קורצן איבערבליק איבער דער פּאָליטישער סטרוקטור פֿון געטאָ־אונטערערד און פֿון אַ קורצן אַנאַליז פֿון די אויפֿשטאַנד־כוחות איז אויסן צו געבן אַ באַגריף וועגן דעם אמתן צושטייער אין דעם קאַמף מצד די באַזונדערע פּאָליטישע גרופּירונגען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

אין דער תקופה פֿון דער דייטשער א. ג. פֿרידלעכער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק לגבי דעם וואַרשעווער געטאָ (ביזן אָנהייב פֿון דער גרויסער פֿאַרניכטונג־אַקציע, זומער 1942) האָט די יידישע באַפֿעלקערונג פֿאַנאַנדערגעוויקלט פֿאַר איר עקזיסטענץ־פֿאַרטיידיקונג ריזיקע גייסטיקע כוחות און א געוואַלטיקע לעבנס־ענערגיע. דעם דערהאַלטונגס־געפֿיל פֿון די וואַרשעווער יידן, זייער שטאַרקן לעבנס־אינסטינקט און ווונדערלעכן ווילן פֿון אויסדויער, איז געווען צו פֿאַרדאַנקען, וואָס דעם שונא איז נישט געלונגען צו פֿאַרמויערן די יידישע באַפֿעלקערונג אין דעם געטאָ־קבר. די עקאָנאָמישע דינאַמיק און עקאָנאָמישער ווידערשטאַנד פֿון די וואַרשעווער יידן האָט זיך אויסגעדריקט אין דער דערפֿינדעריש־קייט אויפֿן געביט פֿון אויפֿשטעלן גאַנצע פּרנסה־צווייגן, וואָס זייער איינציקער אָפּנעמער איז געווען דער קריסטלעכער סוחר; אין דעם שאַפֿן אַלע בויטיקע פֿאָרן פּראָצעס פֿון פּראָדוקציע רוישטאָפֿן, אין דער צייט ווען דאָס געטאָ איז געווען הערמעטיש פֿאַרמאַכט און אָפּגעשניטן פֿון אַלע מקורות פֿון רוישטאָפֿן; אין דעם מוסטערהאַפֿט־אָרגאַניזירטן שמוגל פֿון לעבנסמיטלען. די מעכטיקע וויטאַליטעט און דינאַמישקייט האָט זיך ווייטער אויסגעדריקט אין דער שעפֿערישקייט אויף דעם געזעלשאַפֿטלעכן און קולטורעלן געביט. אונטער דעם דעקמאַנטל פֿון צענטראַלע יידישע הילף־אָרגאַניזאַציעס האָט זיך קאָנצענטרירט סיי די געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע, סיי די קולטורעלע טעטיקייט. נישט געקוקט אויף דעם מערדערישן טעראָר, זענען געווען טעטיק אין געטאָ כמעט אַלע פּאָליטישע און אידעישע ריכטונגען, וואָס האָבן געפֿירט אַ ברייט פֿאַרצווייגטע קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט. עס איז אַרויסגעגאַנגען אין געטאָ אַ רייכע אונטערערדישע פּרעסע פֿון אַלע פֿאַרטייען, וואָס האָט תחילת פּראָפּאַגירט דעם גייסט פֿון פּאַסיוון און שפּעטער פֿון אַקטיוון ווידערשטאַנד. אַ ספּעציעלע מיסיע האָט דערפֿילט די אונטערערדישע יוגנט־פּרעסע, וואָס האָט געוועקט די אידלסטע געפֿילען פֿון אירע לייענער, פֿאַרהאַרטעוועט זייער ווילן און כאַראַקטער און געווען זייער אידעישער וועגווייזער.

דריי אידעישע ריכטונגען רוקן זיך אַרויס אין געטאָ אין פֿאָדערגרונט פֿון פּאָליטישן לעבן: די ציוניסטישע באַוועגונג (דער עיקר די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס

פון די ציוניסטישע אַרבעטער־באַוועגונגען: „דרור“, (פריהייט־החלוץ), „השומר הצעיר“, „גורדוניה“; דאַן די „בני עקיבא“ און „הנוער הציוני“, דער בונד און די קאָמוניסטן. אַ לעבהאַפטע טעטיקייט פירן אויך די פועלי ציון־אָרגאַניזאַציעס (ליבקע און צ. ס.), די אַלגעמיינע ציוניסטן און די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון די רעוויזיאָניסטן — דער בית״ר.

די יוגנט פון די פועלי־ציון פאַראייניקט מיט די צ. ס. — „דרור“ געהערט צו די סאַמע רירעוודיקסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין געטאָ. די אָרגאַניזירטע סעמינאַרן אין 1940—1941 האָט די באַוועגונג געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם אויפֿקום פון אַ יונגן אַקטיוו, וועלכער טראָגט אויס אַלע אַרבעטן פון דער באַוועגונג. אַ וויכטיקער אויפטו איז געווען דאָס שאַפן אין 1940 די לאַנדווירטשאַפטלעכע הכשרה (אין אַפּריל־מאַי 1940 ווערן געגרינדעט די לאַנדווירטשאַפטלעכע קיבוצים אין גראָכאָוו און אין טשערניאַקאָוו), אין וועלכער עס נעמען אַן אָנטייל אַ 350 חברים. צו די וויכטיקע אויפטוען פון „דרור“ געהערן דאָס אָרגאַניזירן פון דער אונטערערדישער העברעיש־יידישער גימנאַזיע, אַ ביבליאָטעק, אַ כאָר און דראַמאַטישן קרייז. די באַוועגונג האָט אָנגעהאַלטן פון דער ערשטער צייט, זייט דעם באַניען איר טעטיקייט פון אַן אומלעגאַלן קאָנטאַקט מיט אַנדערע געטאָס דורך די אויף פיקוח־נפש אויסגעשטעלטע ספעציעלע שליחים. די קאָנטאַקטן צווישן די געטאָס זענען געווען אַ גאָר וויכטיקער פאַקטאָר אין די צוגרייטונגס־אַרבעטן צום אויסדויער און ווידערשטאַנד. די באַוועגונג האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַלע עליה דורך סלאָוואַקיע, אָבער בלויז עטלעכע צענדליק חלוצים איז געלונגען דורכצוגיין די גרענעצן; צענדליקער זענען אומגעקומען, זוכנדיק דעם וועג. עס זענען פון דעסט וועגן געמאַכט געוואָרן די גרעסטע אָנשטרענגונגען כדי אייַנצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט ארץ־ישראל אפילו אין דער שווערסטער באַלאַגערונגס־תקופה, ווען די גרענעצן זענען געווען כמעט ווי נישט דורכצוברעכן. די אונטערערדישע פּרעסע פון דער אָרגאַניזאַציע („דרור“, „ידיעות“) ווי בכלל די אומלעגאַלע פּרעסע פון פ״צ (צ. ס.) „אונדזער וועג“ און אויף פּויליש „נאַשע טאַרי“ און „באַפרייונג“, אַנטהאַלט אַ שלל מיט ידיעות וועגן אַלץ, וואָס קומט פאָר אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע ידיעות האָבן געבראַכט אַ גוואַלדיקע אויפמונטערונג און דערמוטיקונג פאַר דער דערדריקטער יידישער מאַסע. אַ דאַנק דעם איז אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעשוואַכט געוואָרן דאָס געפיל פון פאַריתומטקייט ביי די יידן, ארץ־ישראל האָט געשטאַרקט דעם גלויבן אין יידישן קיום, אין זיין המשך. די פּ. צ. (צ. ס.) און „דרור“־פּרעסע פּראָפּאַגירן דעם געדאַנק, אַז דאָס, וואָס ארץ־ישראל איז געווען פאַר די דייטשע יידן נאָכן קומען פון היטלער צו דער מאַכט, מוז עס ווערן אין אַ גאָר גרויסן פאַרנעם פאַרן גאַנצן רויִנירטן אייראָפּעיִשן יידנטום.

אַ ברייט פאַרצווייגטע טעטיקייט האָט געפירט אין געטאָ דער „השומר הצעיר“. די ערשטע קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונג פון „השומר הצעיר“ אין געטאָ־אונטערערד איז די מועצת הבוגרים והמנהלים (מאַי 1940), אויף וועלכער עס

ווערן געלייגט די גרונט־שטיינער צו דער גאַנצער ווייטערדיקער טעטיקייט. אין דער אַרבעט פון די גדודים האָט זיך אויפֿן ערשטן פּלאַן אַרויסגערוקט דאָס דער־ציען פון יעדן יחיד צו חלוצישע אויפגאַבן, וואָס זענען ווייטער אָנערקענט געוואָרן אַלס יסוד פון קיום פון דער באַוועגונג. אין דער דערציונגס־אַרבעט איז דאָן גרויס אַכט געלייגט געוואָרן אויף דעם אַרויסהויבן די אייגנשאַפטן פון פּערזענ־לעכן מוט און פּערזענלעכער גבורה. אין די גדודים איז אַנטוויקלט געוואָרן אַ ברייטע קעגנזייטיקע הילף, וואָס געהערט צו די שענסטע בלעטער אין דער געשיכטע פון דער מלחמהדיקער דערציונגס־אַרבעט. אַ מעכטיקער דערציונגס־פאַקטאָר פאַרן גאַנצן וואַרשעווער קן, וואָס האָט געציילט אַ 800 מיטגלידער, און בכלל פאַר דער באַוועגונג, איז געווען די ברייט פאַרצווייגטע שומרישע פּרעסע ״נגד הזרם״, דער אָרגאַן פון בוגרים, איינע פון די וויכטיקסטע אונטער־ערדישע צייטשריפטן אין געטאָ; ״על על״, דער מאַנאַט־אָרגאַן פון צופים; די פּאָליטיש־אינפאָרמאַטיווע וואָכנשריפט ״יוטשניא״ (״פּרימאָרגן״), ״פשעד־וויאָשניע״ (״ערב פרילינג״), ״אויפברויז״ און ״זאָזשעוויע״ זענען געווען באַ־שטימט פאַרן ברייטערן עולם. אַ חוץ די דערמאָנטע צייטונגען איז דערשינען אַ טעגלעכער ביולעטין פון 3 זייטן, אין וועלכן עס זענען אַריינגעגאַנגען די פּראָנט־בייעסן, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן יעדן אָוונט דורך דעם געהיימען ראַדיאָ, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַנילעוויטשעס צימער (לעשנא 8), און דאָן באַ־אַרבעט געוואָרן דורך שמואל בראַסלאַוו.

די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון ״התאחדות״ די ״גורדוניה״ האָט אַנטוויקלט אַ קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט אָנהויבנדיק פון 1940, ווען ס׳ווערט געשאַפן די קבוצה ״אופקים״. עס אַנטשטייען דאָן די ערשטע גדודים פון צופים, ווי אויך בוגרים. נאָכן אַריבערפירן די פלוגת־הכשרה ״אופקים״ אין טשענסטאָכאָוו, פאַרנעמט איר אָרט די קבוצה ״במחתרת״. אַ וויכטיקער פאַרדינסט פון דער באַוועגונג איז דאָס אַרויסגעבן די אומלעגאַלע צייטונגען ״אויסדויער״, ״סלאָוואָ מלאָדיך״, און ״פּאָ־כאָדניע״ (אָרגאַן פון וואַרשעווער קן). אַ חוץ דעם איז דערשינען אָן איינמאָליקע אויסגאַבע פון דער הויפּטקאָמענדע ״גורדוניה״ — ״פון דער פּראָבלעמאַטיק פון אונדזער באַוועגונג אין איצטיקן מאָמענט״. פון נאָוועמבער 1941 ווערט די צייט־שריפט ״סלאָוואָ מלאָדיך״ פון אַ צייטונג פאַר מתעוררים פאַרוואַנדלט אין אַן אָרגאַן פאַר בוגרים, ״כדי צו הויבן דעם גייסט פון די אונטערדריקטע, ספּעציעל יוגנט, אָנווייזנדיק זיי אויף אַ סאָציאַליסטיש ארץ־ישראל אַלס ליכטיקע צוקונפט פאַרן יידישן פאָלק״.

די לינקע פּועלי־ציון האָבן אַנטוויקלט אַן אַקטיווע טעטיקייט אין יידישן אונטערערד אויף דעם הויפּט־געביט אין געטאָ־לעבן ביז צו דער ליקווידיר־אַקציע, אין דער זעלבסטהילף־טעטיקייט. — אויף דעם דאָזיקן געביט איז די ראָל פון פּ״צ (לינקע) געווען אַ באַדייטנדיקע. קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונגען פון אַקטיוו זענען געווען אָפטע און לעבהאַפטע. נישט געקוקט אויף אַלע שטע־רונגען זענען פאָרגעקומען פייערונגען פון אַרבעטער יום־טובים און יאָרטאָגן;

באזונדערס פייערלעך זענען אדורכגעפירט געווארן די בארקאוו־יארצייטן. די באזונדערס לעבהאפטע פרעסע־טעטיקייט פון דער פארטיי האט זיך אויסגעדריקט אין ארויסגעבן די וויטערדיקע פ״צ (לינקע) ארגאנען: ״פראלעטארישער געדאנק״, ״יוגנט־רוף״, ״אוואנגארד״ (״ארגאן פון דער יידישער מארקסיסטישער פארטיי־יוגנט״) און ״באשע האסלא״ (״אונדזערע לאזונגען״).

אין דעם ציוניסטישן סעקטאר פון דער נאציאנאלער ווידערשטאנד־באוועגונג האבן פארנומען א באדייטיקן ארט די אלגעמיינע ציוניסטן מיט זייערע יוגנט־ארגאניזאציעס: ״הנוער הציוני״ און ״עקיבא״. די אלגעמיינע ציוניסטן זענען געווען אקטיוו אין דער סאציאלער אלייבהילף, ווי אויך אויפן קולטור־געביט, דער עיקר אינעם פארבאנד פאר העברעישער קולטור ״תקומה״. קאנספיראטיווע פארזאמלונגען זענען פארגעקומען אין טעג פון נאציאנאלע פייערונגען און יארטאגן. א וויכטיקער פארדינסט איז געווען דאס ארויסגעבן די אלגעמיינע חודש־שריפט ״אונדזער האפענונג״.

די ״עקיבא״ האט געהאט אין געטא א גרויסן און לעבעדיקן קן, וואס האט געציילט ארום 300 מיטגלידער. דער ווארשעווער קן פון ״הנוער הציוני״ האט ארומגענומען 700 יוגנטלעכע (12—18 יעריקע). די אומלעגאלע שריפט פון דער ארגאניזאציע איז ארויסגעגעבן געווארן אין העברעיש: ״שביב״ — ״בטאון הנוער הכלל ציוני״.

אין דער אטמאספער פון דער געהיימער ברייט־פארצווייגטער ארבעט פון די יוגנט־ארגאניזאציעס ״דרור״, ״השומר הצעיר״, ״גורדוניה״, ״עקיבא״ און ״הנוער הציוני״ איז אויפגעקומען דער שטארקער באגער, וועלכער ווערט בקרוב פארוואנדלט אין קאנקרעטע מעשים.

צום ציוניסטישן לאגער דארפן אויך פארעכנט ווערן די רעוויזיאניסטן וואס האבן אויך געהערט, דער עיקר די יוגנט־באוועגונג בית״ר, צו די הויפטפרעדיקער פון ווידערשטאנד אין געטא. אויפמערקזאמקייט פארדינען די אומלעגאלע אויסגאבן פון דער רעוויזיאניסטישער ארגאניזאציע: ״מגן דוד״ און ״המדינה״, א ספעציעלע זאמלונג געווידמעט דעם אנדענק פון פארשטארבענעם זאב זשאבאטינסקי (אגב, די איינציקע אויסגאבע אין געטא־אונטערערד, וואס איז ניט געווען העקטאגראפירט, נאר געדרוקט). א לעבעדיקע טעטיקייט האט געפירט דער אונטערערדישער ״בונד״, וואס האט אנגעהאלטן א קאנטאקט מיט דער פוילישער סאציאליסטישער פארטיי, דער עיקר מיט איר לינקן פליגל. אלס וויכטיקע דערשיינונג פון וויטערדיקער טעטיקייט פון ״בונד״, דארף באטראכט ווערן דאס אקטיוויזירן דעם יוגנט־בונד ״צוקונפט״ און די ״סקיף״־ארגאניזאציע (סאציאליסטישער קינדער־פארבאנד — א בונדישע סקויטן־ארגאניזאציע). די פאפולערסטע און פארשפרייטסטע צייטונגען פון ״בונד״ זענען געווען ״ביולעטין״ (ארגאן פון דער פארטיי, דער המשך פון ״ביולעטין״ איז געווען דער ״וועקער״) און די ״יוגנט־שטימע״ (ארגאן פון ״צוקונפט״). אין פעברואר 1941 האט אנגעהויבן צו דערשיינען א חודש־אויסגאבע אין דער פוילישער שפראך ״זא נאשאן

אי וואַשאַן וואַלנאַשטש״ (״פאַר אונדזער און אייער פרייהייט״), וועלכע האָט שטאַרק אויסגענומען ביי דער אינטעליגענץ און פוילישע אַרבעטער־קרייזן. עס איז אויך דערשינען אַ טעאָרעטישער חודש־זשורנאַל ״צייט־פראַגן״. עטלעכע נומערן פון בונדישע צייטשריפטן זענען דערשינען נאָך דער זומער־״אַקציע״; דער לעצטער נומער פון בונד־אָרגאַן איז דערשינען אין אַפּריל 1943, פאַרן אויס־ברוך פון אויפשטאַנד.

די יידישע קאָמוניסטן האָבן זיך תחילת געפונען אין אַ מצב פון צעטיילונג און צעשטויבונג. עס האָבן עקזיסטירט עטלעכע באַזונדערע גרופּן און קרייזן. אַ ווענדונג קומט מיטן אַנטשטיין אין אַנהויב 1942 פון דער פוילישער קאָמוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי (פּ.פּ.ר.), וועלכע זייענדיק אַדורכגעדרונגען צו יענער צייט מיט דער אידעע פון אינטערנאַציאָנאַליזם און פעלקער־פאַרברידע־רונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ פאַרבינדעטער פון דעם צו פאַרניכטונג פאַר־משפּטן געטאָ. דאָס אַנטשטיין פון אַ פּפ״רישער פאָלקס־גוואַרדיע, וועלכע האָט אַרויסגערוקט די לאָזונג פון באַלדיקע־קאַמף־אַרויסטריטן קעגן דעם אָקופּאַנט, האָט געהאַט אַ וויכטיקע באַדייטונג איבעם לעבן פון אונטערערדישן פוילן און האָט אויך משפּיע געווען אויף דער אַנטוויקלונג פון די ווידערשטאַנד־כוחות אין געטאָ. דער אָרגאַן פון די קאָמוניסטן אין געטאָ איז די וואָכנשריפט ״מאָרגן־פריי״. פון נאָוועמבער 1941 איז די צייטונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעג־לעכן ביולעטין ״מאָרגן פרייהייט פּראָלעטאַרישער ראַדיאָ־קאָמוניקאַט״. חוץ דעם איז דערשינען אַ טעגלעכער ראַדיאָ־ביולעטין פון דער קאָמוניסטישער צייטשריפט. פון דער העלפט יאַנואַר 1942 איז די ״מאָרגן פרייהייט״ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעגלעכער אונטערערדישער צייטונג פון דער פּ.פּ.ר.־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ.

די תקופה ביז צום טראַגיש באַרימטן פרייטיק דעם 18 אַפּריל (אין דער נאַכט פון 17 אויפן 18טן אַפּריל 1942 איז פאָרגעקומען אין געטאָ דער ערשטער גרויסער מאָרד־אַקט אויף דעם פּאָליטישן באַדן) האָט ד״ר ע. רינגעלבלום, דער היסטאָריע־פאַרשרייבער פון געטאָ, ריכטיק באַצייכנט אַלס תקופה פון ״לעגאַלער קאָנספּיראַציע״. אין דער דאָזיקער תקופה קומען פאָר כמעט אָפן, אונטערן דעק־מאַנטל פון קולטור־אימפּרעזעס, פאַרזאַמלונגען פון פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. ״אויף איינער אַזאַ פאַרזאַמלונג — גיט איבער ד״ר רינגעלבלום אין זיינע נאָטיצן — האָט אַ רעדנער פאַר אַן עולם פון אַ 150 מאַן גערעדט וועגן אַקטיוון ווידערשטאַנד. איך האָב בייגעוווינט אַ פייערונג מיט 500 יוגנטלעכע — איז ממשיך רינגעלבלום — מ׳האָט שוין אפילו צווישן זיך פּאָלעמיזירט און כמעט זיך געזידלט, ווי אין די גוטע, פאַרמלחמהדיקע יאָרן״. אַזוי, למשל, האָט געפירט אַ שאַרפע פּאָלעמיק מיט אַ סך דעמאַגאָגישע מאַמענטן די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיטן ״החלוץ״ בנוגע דער לאַנדווירטשאַפטלעכער הכשרה. די אַר־בעט פון יידישן אונטערערד אין דער דערמאָנטער תקופה איז געווען דיקטירט דורכן פעסטן ווילן צו שטאַרקן די אויסדויער־קראַפט פון די געטאָ־יידן לגבי די אומדערהערטע גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען, דאָס האָט זיך אים אין אַ געוויסער

מאָס איינגעגעבען. דער פּראָפּאַגירטער דורכן יידישן אונטערערד פּאַסיווער ווידערשטאַנד־גייסט האָט זיך אויסגעדרוקט אין דעם נישט אויספירן אַ סך דראַקאָנישע געזעצן, וועלכע יעדער ייד איז געווען געצווּוּנגען צו ברעכן, אויב ער האָט געוואָלט לעבן. דעם דאָזיקן גייסט האָט ריכטיק אָפּגעשפּיגלט אַ געטאָ־טוער: ״שוין דערמיט, וואָס מיר שטאַרבן נישט אַזוי שנעל, ווי דער שונא ווינטש זיך — האָט ער זיך אויסגעדריקט — שטעלן מיר אַ ווידערשטאַנד איבעם קאַמף, וואָס ווערט געפירט קעגן אונדז״.

אין אַנבליק פון דער דערנעענטערנדיקער זיך כוואַליע פון דער פאַרניכטונגס־אַקציע קומט אויף דער געדאַנק פון קאָנסאָלידאַציע און איינקייט אינערהאַלב דער אונטערערד, עס ווערן אפילו געמאַכט די ערשטע פּרוּוון אין דער ריכטונג, אָבער דאָס פאַרווירקלעכן אים טרעפט אָן אויף ריזיקע שוועריקייטן. זייער שווער קומט אָן דער אונטערערד, וועלכע איז ביז איצט געווען איינגעשטעלט אויף פּאַסיוון ווידערשטאַנד און אויסדויער, דאָס איבערגיין פון דער ״זעלבסטשוץ־אידעע״ צו דער אידעע פון קאַמף. צווישן די באַזונדערע פּאַרטייען און אינערהאַלב זיי קומען פאָר לאַנגדויערנדיקע און שאַרפע וויכוחים וועגן דער קאַפּיטאַלער פראַגע פון פלאַצדאַרם פאַרן קינפטיקן ווידערשטאַנד: געטאָ, צי וואַלד (פּאַרטיזאַנקע)? גרויסע ווידעראַנאַנדן און וויכוחים האָט אויך אַרויסגערופן די גורלדיקע פראַגע, וואָס איז געשטאַנען אויפן סדר־היום פון דער יידישער אונטערערד — ווען אָנהויבן דעם ווידערשטאַנד, אַז ער זאָל נישט צואײַלן דעם פּראָצעס פון ענדגילטיקער ליקווידיר־אַקציע פון געטאָ. די גרופּירונגען פון ״החלוץ״ (״דרור״, ״השומר הצעיר״, ״גורדוניה״, ״עקיבא״) האָבן געהאַלטן, אַז דער עיקרדיקער ווידערשטאַנד דאַרף זיך אָפּשפּילן אין געטאָ. זיי זענען נישט געווען קעגן דעם אַרויסשיקן יידן אין דער פּאַרטיזאַנקע, זיי האָבן אָבער געהאַלטן, אַז די דאָזיקע טעטיקייט טאָר נישט אָפּשוואַכן די געטאָ־צוגרייטונגען צו זיין ווידערשטאַנד. עס זענען בנוגע דער דאָזיקער פראַגע געווען ערנסטע מיינונגספאַרשיידנהייטן צווישן די גרופּירונגען, וועלכע עס האָבן רעפּרעזענטירט דער ״החלוץ״ און די קאָמוניסטן. די לעצטע האָבן אין געטאָ געזען נישט קיין קאַמף־אָפּשניט, וואָס איז אייגנציקאַרטיק אין זיין כאַראַקטער, נאָר אַ געוויינלעכן אָפּשניט, וואָס איז געגליכן צו אַלע אַנדערע אָפּשניטן פון אַנטיפאַשיסטישן פראָנט. דעריבער האָבן די קאָמוניסטן געהאַלטן, אַז די גאַנצע יוגנט דאַרף מאָביליזירט ווערן און אַרויסגיין אין וואַלד; געווען אָבער אויך אַ גרופּע פון יידישן פ.פ.ר. וואָס האָט געהאַלטן אַז מ׳טאָר דאָס געטאָ בשום אופן נישט פאַרלאָזן.

נישט געקוקט אויף די וואָרנענדיקע מערדערישע סיגנאַלן פון אָנקומענדיקן געוויטער (דער ציל פון די איצטיקע צאָלרייכע מאָרדן איז געווען צו טעראָריזירן די באַפעלקערונג אַזוי, אַז די מורא פאַרן טויט זאָל פאַראַליזירן דעם מינדסטן פאַרלאַנג זיך אַנטקעגנשטעלן) איז ערב דער אַקציע נישט געקומען צו אַ פאַראייניקונג פון דער אונטערערד. די אומלעגאַלע פּרעסע ברענגט וואָס אַן אמת ידיעות וועגן גאַנג פון דער פאַרניכטונגס־אַקציע אין די שכנותדיקע דיס־

טריקטן און אַלאַרמירט וועגן דעם, אַז דאָס וואָס קומט פֿאַר איז אַ רעזולטאַט פֿון אַ געגנוי אויסגעאַרבעטן פֿאַרניכטונגס־פּלאַן, וואָס זיין ציל איז אויסצומאָרדן די אַקטיווערע עלעמענטן, כדי צו קאָנען דערנאָך לייכטער פֿירן די פּאַסיווע מאַסן צום טויט. געוויסע אומלעגאַלע צייטשריפֿטן פֿון יוגנט־אָרגאַניזאַציעס רוקן אַרויס ווידערשטאַנד־לאָזונגען, ווי למשל, דער אָרגאַן פֿון ״דרור״ (״ידיעות״) שטעלט די פֿאָלגנדיקע אים מאַטערנדיקע פֿראַגע: ״צי האָט זיך קיינער נישט געפֿונען צווישן די צענדליקער טויזנטער אַרויסגעפֿירטע יידן וואָס זאָל שטאַרבן מיט כבוד, וואָס זאָל הייסן דעם מערדער באַצאָלן מיט בלוט פֿאַר בלוט? ערב דער אַקציע רופֿט די ״דרור״־פּרעסע צו ״פֿאַרטיידיקונג און גרויסער טאַט, וועלכע מיר דאַרפֿן און וועלן אויספֿירן״. ״ווי אַן אַרומגעריגלטע פֿעסטונג דאַרף לעבן דאָס געטאָ — שרייבן די ״ידיעות״ דעם 20טן יוני 1942 — אַלע מיטלען צו זיין פֿאַרטיידיקונג. דער גייסט פֿון מסדה. זיין גרייט! זיין גרייט!״.

״אין משך פֿון דער גיגאַנטישער פֿאַרניכטונגס־אַקציע (ערב תשעה באב תש״ב ביז ערב ראש השנה תש״ג) האָט אַ לאַנגע צייט די שטים פֿון די ווייניקע, וועלכע האָבן גערופֿן צו ווידערשטאַנד און קלאָר געמאַכט, אַז ״אויסזידלונג״ באַדייט פֿיזישער אומקום אין טרעבלינקע, נישט געפֿונען קיין אָפּקלאַנג. די אויסגעמאַטערטע טעראָריזירטע און אויסגעוואָרצלטע יידישע מאַסע, אַ צעטומלטע דורך דער ליגנערישער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע האָט נישט געגלויבט אַז די ״אויסזידלונג״ באַדייט פֿיזישער אומקום און האָט זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער וועגדקע. עס האָט ווייטער ביי די ברייטע מאַסן געהאַמעוועט דעם ווילן צום ווידערשטאַנד דאָס געשפּענסט פֿון קאָלעקטיווער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און דער בליץ־שנעלער טעמפּאָ פֿון דער ״אַקציע״, וואָס האָט אוממעגלעך געמאַכט יעט־ווערע טאַט. פֿון דעסט וועגן זענען שוין פֿאַראַן בעת דער ״אַקציע״ גופֿא ערשטע ווידערשטאַנד־פּרוּוון, וואָס לאָזן זיך קוים מערקן. די געשאַפֿענע דורך די ״החלוץ״ גרופּירונגען דעם 28טן יולי 1942 יידישע קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, נאָך אַ לחלוטין אַן אומבאַוואָפֿנטע, פֿירט אַדורך אַ ריי אונטערצונדונגען פֿון אויסגעליידיקטע הייזער און פֿירט אויס די ערשטע אַטענטאַטן. אַזוי ווערט דעם 25טן אויגוסט געגעבן דער ערשטער שאָס פֿון דער אָרגאַניזאַציע: דער ״עקיבא״־אָנפֿירער ישראל קאַנאַל האָט מיט 2 קוילן פֿאַרוווּנדעט דעם קאָמענדאַנט פֿון דער יידישער אָרדנונגס־פּאָליציי שעריגסקין. ליידער אָבער פֿאַלט אַריין אין דייטשע הענט די ערשטע שיקונג פֿון געווער (באַקומען פֿון דער ״אָרישער זייט״); עס קומען אויך אום בעת דער ״אַקציע״ די אָנגעזעענע ווידערשטאַנד־טוער: יוסף קאַפּלאַן, שמואל בראַסלאַוו, שכנא זאַגאַן און יוסף לעוואַרטאַווסקי. אויף אַזאַ אופֿן ווערן פּאַראַליזירט די ערשטע טריט, וואָס זייער ציל איז געווען — שיצן דעם כבוד און ווירדע פֿון וואַרשעווער יידנטום.

די געגעזע פֿון ברייטערן אַקטיוון ווידערשטאַנד פֿון געטאָ דאַרף מען זוכן אין דעם גרויסן ווייטיק און צער, אין דער בושה און חרפּה פֿאַר דער נאָכגע־ביקייט און נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד, אין דעם חשבון הנפש, וואָס איז

געקומען צום אויסדרוק אויפצומאַרגנס נאָך דער "אַקציע", נאָך וועלכער עס זענען נישט פאַרבליבן נישט קיין סך מער ווי 50,000 יידן (אין די שפּעטערדיקע חדשים זענען צוגעקומען גרעסערע גרופּן יידן פון די אַרומיקע מקומות); עס איז געווען די אַלגעמיינע איבערצייגונג, אַז דאָס נישט אַנטקעגנשטעלן זיך האָט נישט פאַר־קלענערט, נאָר פאַרגרעסערט די קאַטאַסטראָפע. "מען האָט געדאַרפט אַרויסצוגיין אין גאַס אונטערצינדן אַלץ — אין די דאָזיקע ווערטער גיט איבער ד"ר רינגעל־בלום די שטימונג פון גאַס — אויפרייסן די מויערן און אַריבער אויף יענער זייט. די דייטשן וואָלטן דערפאַר גענומען נקמה, עס וואָלט געקאָסט צענדליקער טויזנטער קרבנות, אָבער נישט קיין 300 טויזנט". "דער עולם וויל — באַטירט ד"ר רינגעלבלום אין זיינע פאַרצייכענונגען דעם 5טן נאָוועמבער 1942 — דער שונא זאָל טייער באַצאָלן פאַרן לעבן. מען וועט זיך וואַרפן אויף אים מיט מעסערס, מיט קלעצער און מיט קוילען. מען וועט נישט דערלאָזן צו קיין בלאָ־קאָדעס, וויל מען ווייסט, אַז יעדער אַרבעטס־לאַגער הייסט אין היינטיקע צייטן טויט".

אין רעזולטאַט פון אַזעלכע שטימונגען קאָן איצטער פּאַנאַנדערוויקלען אַ ברייט פאַרמאָסטענע טעטיקייט די יידישע אונטערערד. די אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען "החלוץ" ("דרור", "השומר הצעיר", "עקיבא") פּ"צ (צ.ס.־התאחדות), לינקע פּ"צ, פּ.פּ.ר. און אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן זיך פאַראייניקט אויף דער פּלאַטפאָרם פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד קעגן שונא אין אַ יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט. די צוזאַמענאַרבעט מיטן בונד איז דערמעגלעכט געוואָרן דורכן שאַפן סוף אָקטאָבער 1942 אַ יידישן קאָאָרדיניר־קאָמיטעט, די יידישע קאַמפּס־אָרגאַ־ניזאַציע פּאָפּולער שפּעטער אונטערן נאָמען "זשאָב" און "פּאַרטיי", איז אויסגע־ברייטערט געוואָרן עס האָבן זיך אין איר פאַראייניקט דער רוב עקזיסטירנדיקע אין געטאָ זעלבסטשוץ־אָפּטיילן.

דורך די ערשטע געלונגענע אַטענטאַטן פון "זשאָב" אויף די סאַמע דעמאָראַ־ליזירסטע, צו די דייטשן פאַרקויפטע פאַרברעכער — דעם קאָמענדאַנט פון אָרדנונגס־פּאָליצײַ לעיקין (ער איז דערשאָסן געוואָרן דעם 29טן אָקטאָבער דורך דעם שומר אליהו רוזשאַנסקי), דעם פאַרשטייער פון יודנראַט ביים "אויסזיד־לונגס"־שטאַב פירשט (דעם טויט־אורטייל האָט אויסגעפירט דעם 29טן נאָוועמבער דער "דרור"־חבר דוד שולמאַן) — איז געריייניקט געוואָרן די אַטמאָספער פון געטאָ.

דעם טיפן קער אין די שטימונגען פון געטאָ ביים איבערגיין פון פּאַסיוויקייט צו קעמפערישער אַקטיווקייט שטעלן פאַר די ווידערשטאַנד אַקטן בעת דער יאַנואַר־"אַקציע" 1943 מצד די באַוואָפנטע און קאָנצענטרירטע אין זייערע קי־בוצים גרופּן פון "השומר הצעיר" און "דרור". אין רעזולטאַט פון אומגעריכטן ווידערשטאַנד זענען די דייטשן געווען געצוווּנגען איבערצורייסן די "אַקציע", אין די נשמות און מוחות פון די צום טויט פאַרמשפּטע יידן איז פאַרגעקומען אַן אויפטרייסלונג. דער עולם האָט זיך איבערצייגט, אַז אַ באַוואָפנטער ווידער־

שטאַנד איז מעגלעך. די יידישע קעמפער זענען אַרויס פון ערשטן פּאַרמעסט דערהויבענע און דערמונטערטע. אַ דאַנק דעם העלדישן יאַנואַר־אַרויסטריט ווערט די יידישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג אויך פּאָפּולער אויף דער פּוילישער גאַס. דער "זשאַב" באַקומט אַ גרעסערע שיקונג געווער פון דער פּוילישער רעגירונגס־אונטערערד. אין די באַדינגונגען קומט פאַר אַ רעאָרגאַניזאַציע פון "זשאַב", וואָס נעמט אין באַטראַכט די דערפאַרונגען און פעלערן, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן בעת די יאַנואַר־צוזאַמענשטויסן. דער "זשאַב" ווערט איינגעטיילט אין קאַמף־גרופּן וועלכע ווערן קאַסאַרירט אויף די באַזונדערע געטאָ־געביטן. פון די 22 שטאַט־קאַמפּס־גרופּן געהערט די העלפט צו די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון "החלוץ" ("דרור" — 5; "השומר הצעיר" — 4; "עקיבא" — 1; "גורדוניה" — 1; די איבעריקע 11 גרופּן בילדן די פּ.פּ.ר. (4 גרופּן); פּ. צ. (צ. ס.) — (1 גרופּע); פּ. צ. (לינקער) — (1 גרופּע) און "הנוער הציוני" (1 גרופּע). אַזוי אַרום האָבן 14 קאַמפּס־גרופּן געבילדעט די פּראָ־ארץ־ישראלדיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען, דערפון 12 גרופּן פון דער ציוניסטיש סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז די 11 גרעסערע קאַמפּס־גרופּן זענען געווען די חלוצישע גרופּעס. זיי האָבן זיך אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע גרופּעס דערמיט, וואָס אין זייערע רייען זענען געווען אויך בחורות. די חלוצישע גרופּעס זענען געווען דער חוט־השדרה פון "זשאַב". דער געמיינזאַמער ציל אין לעבן, די ווערטן פון דערציונג צו הגשמה עצמית האָבן די חלוצישע גרופּעס נאָך שטאַרקער צונויפצעמענטירט אין די טעג פון סכנה און קאַמף.

זיי האָבן געשעפּט גייסטיקע דערהויבונג און גבורה פון די תל־חי פּאַרטיי־דיקער אין ארץ־ישראל און גענומען זיי פאַר אַ ביישפּיל אין זייער האַלטונג. דעם איבערוועגענדיקן אַנטייל פון די חלוצישע קאַמפּס־גרופּעס בעת דעם אויפ־שטאַנד וועט אַרויסהויבן אין זיינע ראַפּאָרטן ווי אויך אין בילדער־באַריכט דער אונטערדריקער פון ווידערשטאַנד, דער עס.־עס.־ישער גענעראַל שטראָפּ, אין זיין קאַלעקציע פון פאָטאָגראַפיעס געפינט זיך אַזאַ בילד פון די "מיט וואָפן געפאַנ־גענע וייבער דער חלוצים־באַוועגונג". און אין דעם שלוס־באַריכט פון דער גאַנצער אַקציע שרייבט ער בוכשטעבלעך אַזוי: "פון צייט צו צייט האָבן אַלץ נייע קאַמפּס־גרופּן אין דער צאָל פון 20—30 און מער יידישע בחורים אין עלטער 18—25 יאָר מיט דער זעלביקער צאָל פרויען אויף ס'ניי זיך געוואָרפן אין קאַמף. די דאָזיקע קאַמפּס־גרופּן האָבן געהאַט אַ באַפעל צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד ביז צו לעצט און איינגעמען סם אין פאַל, ווען זיי וועלן אריינפאַלן אין געפאַנגענ־שאַפט". וועגן דער ראָל פון דער יידישער קעמפערין און קודם כל דער חלוצה לייענען מיר אין דעם זעלביקן ראַפּאָרט אַזוי: "אין דער צייט פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד זענען די ווייבער, וואָס האָבן געהערט צו די קאַמפּס־גרופּן געווען פונקט אַזוי באַוואָפנט ווי די מענער, אַ טייל פון זיי זענען געווען מיטגלידעריננס פון דער חלוצישער באַוועגונג. בישט זעלטן האָבן זיי געשאָסן פון ביידע הענט מיט פּיסטוילן. ווידער און ווידער האָט געטראָפן, אַז די דאָזיקע ווייבער האָבן

געהאַלטן פּיסטוילן און האַנט־גראַנאַטן פאַרבאָרגן אין זייערע הייזלעך ביז צו דער לעצטער מינוט כדי דער נאָך זיי אַנצווונדן קעגן די מענער פון עס.־עס.־ וואַפן פאָליציי און ווערמאַכט״. דער באַריכט פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אומלעגאַל פון וואַרשע דעם 24טן מאַי 1944, האָט ריכטיק באַטאָנט, אַז הונדערטער קעמפער האָבן געקעמפּט און זענען געפאַלן מיטן געדאַנק, אַז זייער טויט וועט זיין איינער פון די פונדאַמענטן פאַר דער סאָציאַליסטישער צוקונפט פון די יידישע מאַסן אין ארץ־ישראל. אין זיין לעצטן באַריכט קיין אויסלאַנד האָט דער היסטאָריקער ד״ר רינגעלבלום פעסטגעשטעלט, אַז בעת די קאַמפן אין געטאָ ״האָט זיך אויפן אויבנאָן אַרויסגערוקט אונדזער העלדישע יוגנט פון אַלע ריכטונגען צוזאַמען מיטן אַרבעטער־אַקטיוו און קודם־כל די ארץ־ישראל־טרייע אָרגאַניזאַציעס״. פאַרשטענדלעך, אַז אין משך פון די צו־גרייטונגען צום ווידערשטאַנד און בעת די קאַמפן האָבן זיך אין אַ גרויסער מאָס פאַרווישט די פאַרטייאישע אונטערשידן צווישן די מיטגלידער פון ״זשאָב״־ אידעיאישע מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען. עס האָט געהערשט אַ מוסטער־האַפטע קאַמף־ברודערשאַפט צווישן חלוצים און קאָמוניסטן ווי אויך בונדיסטן.

מיט דעם ווידערשטאַנד אין געטאָ האָט אָנגעפירט און איז געווען דער הויפּט־טרעגער פון די קאַמפן דער ״זשאָב״. ער האָט אויסגעטראָגן כמעט אויסשליסלעך די גאַסן־קאַמפן פון ערשטן אויפשטאַנד־טאָג, די העלדישע פאַרטיידיקונג פון בערשטער־געביט, דאָס אַרויסטרייבן די אַטאַקירנדיקע דייטשן פון געטאָ אין משך פון די ערשטע טעג פון די קאַמפן, די לאַנגדויערנדיקע פאַרטיידיקונג פון טעבענס־שולץ־געביט, די פאַרטיזאַנען־קאַמפן במשך אַ לענגערער צייט.

עס זענען אַ חוץ דעם ״זשאָב״ געשאַפן געוואָרן נאָך דער יאַנואַר־״אַקציע״ אויך אַנדערע קאַמפס־גרופּעס. אַ שטאַרקע קאַמף־איינהייט האָט געשאַפן דער בית״ר. דעם אַ. ג. ״יידישן מיליטערישן פאַרבאַנד״. באַקאַנט אונטערן נאָמען ז׳.ז.וו. מיטגלידער פון דאָזיקן פאַרבאַנד זענען אויך געווען אומפּאַרטייאישע און אָנגעהעריקע צו פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, נישט אויסגעשלאָסן אפילו קאָמוניסטן. צווישן דעם ״זשאָב״ און דער ז׳.ז.וו. האָט זיך איינגעשטעלט טראָץ אַלע פּאָליטישע און פּאַרטייאישע דיפערענצן און מחיצות (דער מיליטערישער פאַרבאַנד האָט זיך אונטערשיידט פון ״זשאָב״ דערמיט, וואָס עס האָט אים גע־פעלט דער בולטער אידעישער־אַנטיפאַשיסטישער מאָמענט) אַ געוויסע צוזאַמענ־אַרבעט. אין דער צייט פון די צוגרייטונגען און באַוואָפנטן טאָט זענען די פאַר־בינדונגען געוואָרן ענגער. עס איז געקומען צו אַ קעגנזייטיקן הסכם בנוגע דער פאַרטיילונג פון פאַרטיידיקונגס־אָפשניטן. דער פאַרבאַנד איז געווען גוט באַוואָפנט.

די ז׳.ז.וו.־קעמפער האָבן אין משך פון 4 טעג (19—22 אַפּריל) אָפּגעשלאָגן אַלע אַטאַקעס פון שונא אויף מוראַנאָוו. אַ גרויסער קאַמף איז פאָרגעקומען דעם 27טן און 28טן אַפּריל מחוץ די גרענעצן פון געטאָ מיט אַ גרעסערער קאַמף־איינהייט פון פאַרבאַנד (120 קעמפער איבערגעטאָענע אין דייטשע מונדירן און באַוואָפנטע מיט רעוואָלווערן, ביקסן, גראַנאַטן, און אַ לייכטן מאַשין־געווער).

אויסער די קאַמפּס־גרופּן פון ״זשאַב״ און ז.ז.וו., וועלכע האָבן אייגנטלעך געשאַפן די אַטמאָספער פון אַקטיוון, באַוואָפנטן קאַמף, האָבן אויך עקזיסטירט גרעסערע און קלענערע קאַמפּס־גרופּן, וועלכע האָבן צוליב פאַרשידענע סיבות נישט אָנגעהערט צו די פריער דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן ווי פאַר־געשטעלט קאַדרען פון יענע אָרגאַניזאַציעס. געוועזן פון זיי גרופּן אָרגאַניזירטע דורך פּאָליטישע פּאַרטייען (ווי למשל, די יוגנט־גרופּע אינעם שאָפּ פון רעריך, אָנגעפירט דורך דעם פּ.פּ.ר. קעמפער, שוואַרצפוס, וועלכע האָט מיטגעאַרבעט מיטן ״זשאַב״ און אָנטייל גענומען בעת די קאַמפן אין די שולץ־וואַרשטאַטן), און א. ג. ״ווילדע״ באַוואָפנטע גרופּן, וואָס זענען מיטגעריסן געוואָרן מיט דעם אַלגעמיינעם שטראָם און האָבן זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע דאָס שיצן זייערע בונקערס מיט געווער אין האַנט. פאַרן אויסברוך פון אויפשטאַנד זענען געוועזן אין געטאָ עטלעכע הונדערט בונקערס, פון וועלכע אַ גאַר גרויסער טייל איז געוועזן באַוואָפנט. אין תוך גענומען איז נישט געוועזן קיין יידישע בונקער־גרופּע, וועלכע זאָל נישט האָבן פאַרבינדן דעם פּאַסיוון ווידערשטאַנד מיט דער בויט־וועלדיקייט פון באַזיצן געווער. פון די ווילדע גרופּן האָבן זיך שפּעטער, נאָכן דערדריקן דורך די דייטשן דעם אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד, רעקרוטירט די ״גרוזאָוועצעס״ (״חורבהניקעס״), וועלכע האָבן זיך אַ לאַנגע צייט פאַרטיידיקט אויף די חורבות און רואינעס.

אַזוי אַרום האָט דאָס וואַרשעווער געטאָ געציילט הונדערטער קעמפער, אָרגאַניזירטע אין ״זשאַב״, אין ז.ז.וו. אין פּאַרטייאישע גרופּן און א. ג. ״ווילדע״, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער השפעה פון ״זשאַב״ און אַנדערע אָרגאַני־זירטע גרופּן. אין קאַמף קעגן אַלגעמיינעם שונא האָט זיך אויסגעבילדעט אַ גרויסער, שטאָלענער מויער פון יידישע קעמפער, אָן אונטערשיד פון וועלכע עס איז ריכטונגען און שאַטירונגען. דעם רוב מנין האָבן געבילדעט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע און ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און קעמפער.

# צום 80טן געבוירן־טאָג פון פרץ מאַרקיש ז״ל

פרץ מאַרקיש איז אַלט געווען עטלעכע און פופציק יאָר, ווען די סאָוועטישע נאַצי־פאַרברעכער האָבן אים דערמאָרדעט, צוזאַמען מיט אַנדערע וויכטיקע יידישע שרייבער, קינסטלער, קולטור־טוער.

אונדזער בליק וועט שוין קיין מאָל נישט גרייכן צו יענע ווייטע האָריזאָנטן, וווּהין ס׳וואָלט אים נאָך פאַרטראָגן זיין גרענעצלאָזער שעפערישער שווונג.

אוודאי האָט פרץ מאַרקיש ווי אַלע יידיש־סאָוועטישע שרייבער פון זיין דור, געדיכטעט אונטער אַ צווייענדיקער צוואַנג: סיי דער, פון אויסן — פחד פאַרן רוצחישן סטאַלין־טעראָר, סיי דער, פון איבערן — פון דער זעלבסט־צענזור, לשם זיין אויפריכטיקן גלויבן אין די אידעאַלן פון דער שוין דאַן באַנקראָטירטער אָקטיאָבער־רעוואָלוציע; און דאָך און טראָץ דעם אַלעם איז פרץ מאַרקיש — אין פיל פון זיינע ווערק — אַ מעכטיקער נאַציאָנאַלער פּאָעט. ״שוועלן״, ״די קופּע״, ״וואָלין״, ״ברידער״, ״די טענצערין פון געטאָ״, ״דור־אויס, דור־איין״, ״טראָט פון דורות״, ״קאַווקאַז״ און די מערסטע קאַפּיטלען פון דער עפּאָפּייע ״מלחמה״ — זענען אוודאי איבעראַשנדיקע ווערק, סיי לויט זייער אייגנאַרטיקער נאָוואָטאָרישער סטרוקטור סיי אויך לויט דעם אייגנטימלעכן, בלויז מאַרקישן, ברייטסטן דיאַפּאַזאָן פון יידישער פאָלקישקייט, און דאָך איז מאַרקיש מער ווי אַלע אַנדערע, נאָך אַלץ געווען אין פּראָצעס פון שעפערישער יורונג און וווּקס, ווי קיינער איז דער עיקר־מאַרקיש צו אונדזער צער פאַרבליבן ערשט אין זיין דיכטערישן באַרג־אַרויף.

מיר פאַרעפנטלעכן היינט נאָך נישט געדרוקטע פראַגמענטן פון זיין לעבנס־ווערק ״דער פערציקיעריקער מאַן״, אַ פּאָעמע, וועלכע אַנטפּלעקט פאַר אונדז ווידער אַ מאָל מאַרקישעס פּאָטענציעלע געניאַליטעט, וועלכע איז אַזוי אַכזריות־דיק פאַרשניטן געוואָרן דעם 12טן אויגוסט 1952 . . .

## פרץ מאַרקיש

### פערציקיעריקער מאַן

(פראַגמענטן פון דער פּאָעמע)

מאַן ! אין טאָל איז אַ רעגן, אין טאָל איז אַ גאָס
איז אויף יעטוועדן צווייג און אויף יעטוועדער גראָז

הענגען לעמפּעלעך ליכט, הענגען לעמפּעלעך טוי
און זיי ברענען מיט שניט און מיט זעט און מיט ברויט

און ס׳קלינגען די שטראָמען מיט טאַצן פון גאָלד
און פאַרטיילן די טויען און טאַיען אין טאָל —

נאָר דאָס מויל איז אין דאָרשט און אין פיבער פאַרזוימט
וועל איך אויפגיין צו דיר און דיר זאָגן אַזוי :

ס׳איז אַרויס היינט דער טאָג אין דער ווייט אין דער ברייט
ווי אַ זוניקער קעמל געלאָדן מיט פרייד

און ביים הימל דאָס מויל איבער רוימען אַליין
און פון בלאַנקנדער זון ווי פון בינטעלע היי

האָט געצופּט דאָרט דער טאָג, און אַזוי זיך גענערט
און אַזוי ביי די טעג און אַזוי ביי די נעכט

נאָר ווי קעמל אין וועג איז געפאַלן דער טאָג
אונטער לאַסט פון געטרייב, און אין יאָד פון געטראָג

אומעטום איז אַ קוואַל — אַזוי פריש, אַזוי גרויס
און פון דאָרשט גייט דער טאָג, און פון דאָרשט גייט ער אויס

און דער פירער ז׳ביז לענדן פאַרזונקען אין זאַמד
ער קאָן ניט דריאָגן און קומט ניט און זאַמט...

ווען איך אויפגיין צו דיר, פערציקיעריקער מאַן,
לאָז ווי צוים אויף מיר פאַלן די פיין פון דיין האַנט

טאָמער ביסטו ניטאָ, אויב די ביסט ניט פאַראַן,
זאָל דער וועג זיין צו דיר, פערציקיעריקער מאַן!

ס'איז אַלץ איינס — צי ס'איז ווייט, ס'איז אַלץ איינס צי ס'איז נאָענט,
ווייל דער גאַנג הויבט אויף ס'נײַ יעדע רגע זיך אָן

און דער גאַנג איז אַרויף! און די ווייט — זי' פאַרזויגט, —
נאָר ס'צעצווייט זיך דער וועג, און ס'צעצווייט זיך דאָס אויג...

אַז דער קאָפּ איז אין זון און דער טראָט איז אין זאַמד,
און עס ווייסט ניט פון צווייגן פון העכסטע — דער שטאַם...

און דאָס מויל ווערט אין דאָרשט און אין פיבער פאַרזויגט —
ווען איך אויפגיין צו דיר און דיר זאָגן אַזוי:

אַלע נאַכט קומט מיין דר'הרגעטער זיידע צו מיר
און ער נעמט פאַר דער האַנט מיך און פירט מיך און פירט, —

"גיי צום באַרג פון דער פיין! און איך שעם זיך צו גיין,
ווייל ס'איז פאַלש דאָס געזאַנג און ס'איז פאַלש דאָס געוויין.

אַלע מאָל קומט אַ ווינט און דער ווינט גיט אַ טראָג:
מיט געלאָד האָט אין זאַמדן פאַרהיזנעט דער טאָג...

און עס קומען פאַרפייניקט — אַ יונג נאָך אַ יונג —
און אַ צאָן פונעם מויל, נאָר קיין וואָרט פון דער צונג!...

ז'וויפל מענגעס נאָך מענגעס — מען קומט און מע גייט
מיט די לעבנס אויף ד'הענט ווי מיט פאָנען און — גרייט

זיך צעזעמדלען אין זאַמד, זיך צעשטיינען אין שטיין
נ'אין דער לענג נ'אין דער ברייט, — ס'זאָל דער טאָג ניט פאַרגיין

ווען איך קומען צו דיר און צו דיר זיך פאַרטרויען
זאָל דיין פיין אויף מיר גיין, ווי אויף גראָזן דער טוי

טאָמער ביסטו ניטאָ, אויב דו ביסט ניט פאַראַן, —
זאָל מיין וועג צו דיר זיין, פערציקיעריקער מאַן!...

* * *

ציען זיך ווייטן, ציען זיךברייטן
אויף וואָס פאַר אַ זייט ס'זאָל דאָס אויג ניט אַ גיי טאָן.

ס'איז אַזוי דורכזיכטיק, ס'איז אַזוי לויטער
גאָלדענער ברעג אין דערוואַרטונג זיך הוידעט...

אָט איז ער דער ברעג, און אָט איז ער נישטאָ
און דאָרט אויפן ברעג איז דאָס לאַנד און די שטאָט...

טרינקט מען די ווייטן און טרינקט מען די ווינטן
און גוט איז אין זון און אין ווינט זיך צו טרינקען

נאָר דאָס מויל איז אין דאָרשט און אין פיבער פאַרזוימט
וועל איך אויפגיין צו דיר און דיר זאָגן אַזוי:

מיר האָבן דעם ים און די שיפן מיר האָבן
און ימישע פלאַכן מיר שניידן און גראָבן

מיר האָבן אַ טייל און מיר דאַרפן אין גאַנצן
אָט איז עס. אָט ליגט עס. נאָר שווים און געשפּאַנט זיי!

נ'מיר שווימען אַלץ און מיר שווימען וווּ טיפער
נאָר ס'ציטערט די האַנט ביי דעם ציטריקן שיפער

ער צערטלט דעם רודער און קוקט אויף די הענט זיך
און וואַגט נאָר אַ קוק טאָן אַריבער דער גרענעץ

און ס'וואַקלט די שיף זיך, ווי קינדערשער וויג:
— אַ קלאַפּטער פאָרויס און צוויי אויף צוריק!

וועל איך אויפגיין צו דיר, פערציקיעריקער מאַן
לאָז ווי צוים אויף מיר פאַלן דער פיין פון דיין האַנט

טאָמער ביסטו ניטאָ. אויב דו ביסט ניט פאַראַן;
זאָל דער וועג צו דיר זיין, פערציקיעריקער מאַן...

זענען אַלע געקומען, ס׳האָט קיינער פאַרפעלט
פון ווייט און פון נאָענט, פון גאָר דער וועלט.

און דער טאָל איז פאַרפלייצט, און דער טיש איז באַזעצט,
און ווער ס׳איז צום ערשט און ווער ס׳איז צום לעצט

פון יונג און פון אַלט, פון קינד און פון קייט
אַ רינג נאָך אַ רינג, און אַ קייט נאָך אַ קייט

און מחנות נאָך מחנות דערלאַנגט האָריזאָנט
פון גאָר דער וועלט פון ווייט און פון נאָנט.

און ווער מיטן האַרץ און ווער מיט דער פאָן
נאָר אַ טרונע פאַרנעמט דאָרט דאָס אָרט אויבנאָן.

אַן אָפענע טרונע מיט רויטן באַדעקט
ס׳איז דער לערער געשטאָרבן אין מיטן דעם וועג

און ס׳טראָגט אומעטום דאָס געביין מיט דאָס פאָלק
פון טאָל אויפן באַרג און פון באַרג אויפן טאָל

אַלע געקומען, פון גאָר דער וועלט
פון ווייט און פון נאָנט, עס האָט קיינער פאַרפעלט

בלויז דעם פירער אַליין ביי דעם זוניקן ראַנד
נישט באַשערט איז געוועזן אַריינגיין אין לאַנד

אויפן טאָל פון דער פרייד, אויפן טאָל פון דער פרייהייט
באַשערט אים געווען איז אַ קוק פון דער ווייט

אַ קוק טאָן פון ווייטן און אויסגיין פון פרייד
מיט אַ קוש פונעם פאָלק מיט אַ קוש פונעם טויט

איז ווער מיטן האַרץ און ווער מיט דער פאָן
נאָר ליידיק און וויסט איז דאָס אָרט אויבנאָן.

באַוויזן זיך קאַרליקעס האָבן אין טאָל
אַזעלכע פלינקע און בויגיק ווי שטאָל

בייכלעך מיט וואַסער און שטערנס פון בלעך
און בענקלעך צום זיצן הויכע מע פלעכט

איינעמס אַ ברודער און איינעמס אַ פריינט
ערגעץ אין סוף פונם טאָג איז געשפּאַנט

וועט ער שוין ווו נים איז — דאָ אָדער דאָרט:
דאָ מיט אַן עצה, דאָ מיט אַ וואָרט

וועט ער שוין ווי ניט איז גיבן אַ יאָג
— ניט מער פון פאַרנאַכט און ניט מער פון קאַיאָר

וועט ער שוין ווי ניט איז גיבן אַ טרייב
דאָ מיט זיין חכמה, און דאָ מיט זיין ווייב...

און בלוטיק אין טאָל איז אַ יעטוועדער שפּאַן
אַ יעטוועדער טראָט, פערציקיעריקער מאַן,

און דאָס מויל איז אין פיין און אין פיבער פאַרזוימט,
וועל איך אויפגיין צו דיר און דיר זאָגן אַזוי:

עס איז איצט אַ געוועט, ס'איז איצט אַ געלאָף
ווער עס וועט שנעלער און העכער אַרויף

טראָגט יעדער קאַרליק אַ לייטער מיט זיך
אויף יאָגן און שטייגן אויף שנעל און אויף גיך

איז מעסטן זיך איצטער אויף גליטשיקע טרעפּ
די הויך פון די לייטערס און ניט פון די קעפּ

נ'וואָס העכער דער לייטער, וואָס שנעלער דער שטייג
אַלץ שטאַרקער דער אומפאַל דער לעצטער וועט זיין!

עס קלינגען קיין גלאָקן, קיין קלויסטערס ניטאָ,
נאָר ס'דרייען מאָנאַכן אַרום זיך אין טאָל

מאָנאַכן מיט ווייררויך פון רויטן געבאָט
און ס'טשאַדעט פון זייער פון יעטוועדן טראָט.

װי פלעדערמייז פּינצטערע שװעבן זיי אום
די אויגן געשיקלט און מײַלער פֿאַרקרומט

אויף יעטװעדן שמײכל, אויף יעדן געהויל :
אַ פּסוק פֿון שריפט, און אַ קללה אין מויל.

געזיכטער ביי זיי זענען בלענדנדיק גלאַט
און בייז לויטן ראַנג און בייז לויטן שטאַט.

און דאָס מויל איז אין דאָרשט און אין פיבער פֿאַרזוימט,
װעל איך אויפגיין צו דיר און װעל זאָגן אַזוי :

די נאַכט איז אַװעק נאָר דער חושך איז דאָ
און טשאַדעט מיט רויטלעכן װיירויך אין טאָל.

עס שושקעט און שפּרעכט דאָרט מאָנאַך מיט מאָנאַך
אין אַרבל אַ שטערן, אין בוזעם די נאַכט

און שפּרעכן אַזוי און פֿאַרשפּרעכן אַזוי
ביי נאַכט אין די היילן און שלאָפן מיט שטרוי

ביי נאַכט אין די היילן. אין הייל — ניט אַ לעכט
זיי שניידן פֿאַר פרומקייט זיך אויס דאָס געשלעכט.

זיי קעמען די האָר און די בערד זיך ניט אויס
און זענען זיך נוקם װען ס׳טרעפט זיך אַ לויז

נאָר יונג איז דער טאָג און פריש איז דער טאָג
ס׳בראָט זיי די זון אויס װי פלעקן פֿון טאָל.

# אַ שפּאָגל נייע מאַרקיש־געשטאַלט

אין משך פון יאָרן און יאָרן, שוין אָן פּרץ מאַרקישן גופא, איז אַט דער פּרווו ווידער צו שרייבן וועגן אים — דער פינפטער. און נאָך נישט דער לעצטער.

ווי קאָן עס דען זיין דער לעצטער? אַז ביי יעדן ווייטערדיקן פּרווו צע־פּראַלן זיך פלוצעם נייע און נייערע מאַרקיש־טויערן. ווען האָט דען די פּאָעמע "דער פּערציקיאָריקער מאַן", אַזאַ לאַנגע צייט פאַרהוילן, געגומען צו ביסלעך אַנטפּלעקן זיך פאַרן לייענערישן אויג, אויער, געמיט? זינט געציילטע יאָרן. און שוין דאַכט זיך, אַז "דער פּערציקיאָריקער מאַן" קאָן זיך שטעלן בראש פון אַלע מאַרקישעס ווערק, ווי אַ הקדמה. און אפשר קאָן די פּאָעמע שליסן מיט זיך אַלע ווערק פון פּרץ מאַרקישן — ווי אַ נאָכוואָרט, שיער נישט ווי אַן אויספּיר.

אַזוי צי אַזוי, ביים אָנהויב אָדער ביים סוף, עפנט די פּאָעמע "דער פּערציק־יאָריקער מאַן" (וואָס איז אַ ברייט און טיף פאַרוויקלטע פּרשה אַליין פאַר זיך) מער ווי איין ריכטונג צו פּרץ מאַרקישן גופא און אַ סך מער ווי איין נייעם וועג צו זיין שאַפונג.

אַט זאָגט דאָך אין דער פּאָעמע פּרץ מאַרקיש:

...ס'איז אַלץ איינס, צי ס'איז ווייט, ס'איז אַלץ איינס צי ס'איז באַענט,
ווייל דער גאַנג הייבט אויף ס'ביי יעדער ווײלע זיך אָן...

נישט איין, און נישט צוויי, נאָר אָן אַ צאָל מאָל, ווען עס חזרט זיך איבער אין דער פּאָעמע, אַז דאָס מויל (אָדער דאָס האַרץ) איז אין דאַרשט אָדער פיבער פאַרזוימט, ווען אויך דער לייענער דערפילט אויף זיך גופא, אַז דעם מחבר פעלט שוין ווידער אויס אָטעם — דעמאָלט, אינעם זעלבן אויגנבליק, באַווייזט זיך אַ קינד, באַווייזן זיך אַ סך קינדער...

...אַט איז דער מחבר אויך צווישן קינדער אַ קינד, אויף בעמען פּייער מיט נאַקעטע הענט... אַט האַלט ער אַ קינד אין די אָרעמס, אַט טראָגט ער אַ קינד אויפן אַקסל — און בלייבט שטענדיק מיט ליידיקע הענט... אַט ביים זוים, ביי דעם גאָלדענעם זוים פון קאַיאַר, רופט ער אויף זיין דור צו געזעגענען זיך מיט די קינדער... און אַט פאַרשווינדן די קינדער נאָך שנעלער ווי זיי האָבן זיך באַוויזן. אָבער צווישן, הינטער און אַרום די שורות, הערט זיך אַ דייטלעכער אָפּ־הילך פון פּילפּיסיקן קינדערשן טראָט, און עס דאַכט זיך: נישט דער פּערציק־יאָריקער מאַן, נאָר קינדער פירן אָן און רעגירן מיטן גאַנג פון דער שאַפונג,

און דאָס שיקן זיי, די קינדער, טאַקע אַ שטרענגע, געדעכטע אויפפאָדערונג צו די קומענדיקע דורות, ווייט־ווייט פאָרויס אין דער צוקונפט.

זיין ווייט נישט געענדיקטן "פערציקיאָריקער מאַן", האָט פּרץ מאַרקיש אָנגעהויבן שרייבן אין די צוואַנציקער יאָרן. אין משך פון דער צייט, האָט אַט די שאַפונג אַלץ מער און געדיכטער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין פּינקלדיק־שעפערישן קאָנצענטראַט פון מאַרקישעס קאָפּשווינדלדיקן קינסטלערישן גאַנג.

ווער איז ער, אַט דער פערציקיאָריקער מאַן, וואָס צו אים הערט דער מחבר נישט אויף צו גיין, און אָפט דערגייט ער נישט — מיט אַ יעדעס מאָל אַנדערן, טיפערן מענטשלעכן הילף־רוף: ס.אָ.ס.!? איז דער פערציקיאָריקער מאַן דאָס געוויסן פון מאַרקישעס דור, פון מאַרקישעס פאָלק? איז ער דאָס געוויסן פון ראַטן־פאַרבאַנד, פון דער גאַרער וועלט? און אפשר איז ער, אַ סך פּראָסטער, פּשוטער און גלייכצייטיק אויך אַ סך קאָמפּליצירטער — דאָס געוויסן פון פּרץ מאַרקישן גופא? אַזוי צי אַזוי, וועט יעדער לייענער באַזונדער פאַר זיך אין אַט־דעם אַן אַ שיער געשטאַלטיקן, אַן אַ שיער פּנימדיקן פערציקיאָריקן מאַן, סיי ווי דערזען אַ שפּאָגל נייע געשטאַלט, אַ שפּאָגל ניי פּנים...

(גיטל מייזיל — "פּרץ מאַרקיש" פון בוך "עסייען")

---

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## מיט נייע עולים פון רוסלאַנד

דער נייער וווין־קוואַרטאַל אין די בערג פון ירושלים — נוה־יעקב איז נאָך אין רעכטן בוי, אָבער ס׳צייכענען זיך שוין די קאָנטורן פון זייער אַ שיינער מאָדערנער שכונה: ברייטע פּראָספּעקטן, הויכע, פיין־דעקאָרירטע בנינים און פיל גרינס. דאָ האָבן זיך שוין באַזעצט דער עיקר יונגע פּאָרלעך און נייע עולים פון רוסלאַנד. אויף וויפל עס זענען נאָך פאַראַן שוועריקייטן מיט דער רעגולערער קאָמוניקאַציע פון די אויטאָבוסן, שפּירט זיך דאָ דערווייל אַ געוויסע אָפּגעריסנקייט און דערווייטערונג פון שטאָט־צענטער, אָבער אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון די אַקטיווע און ענערגישע פרוי מעלאַמעד און פרוי וואַראַנעל איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ קולטור־קלוב פאַר נייע עולים.

דאָ איז פאָרגעקומען אין אַפּריל דער ערשטער צוזאַמענטרעף מיט יוסף קערלער און דער יונגער העברעישער דיכטערין רבקה מרים. יוסף קערלער האָט גערעדט וועגן די פּראָבלעמען פון עליה און אַבסאָרבציע און וועגן דער ספּעציפישקייט פון דער סאָוועטישער עליה. ער האָט אויך פאָרגעלייענט זיינע נייע ישראל־לידער, וועלכער די פאַרזאַמלטע האָבן זייער וואַרעם אויפגענומען.

מיט באַזונדער אינטערעס איז אויסגעהערט געוואָרן רבקה מרים וועלכע האָט אין איר ליידנשאַפטלעך יידיש וואָרט דערציילט וועגן דעם איינהייטלעכן גורל פון יידישן פאָלק אויף גאָר דער וועלט, וועגן דער נישט צעררייסבאַרער קייט פון יידישע דורות און וועגן דער אייניקייט פון פאָלק ישראל און מדינת ישראל. זי האָט אויך דערציילט וועגן אירע בילדער און פּאָעטישע ווערק. ס׳איז פאָרגעקומען אַ לעבהאַפטער שמועס צווישן די עולים און זייערע געסט.

די באַגעגעניש האָט זיך געשלאָסן מיט געזאַנג פון חסידישע און פאָלקסטימלעכע לידער.

## אפרים רויטמאַן

### פּרץ מאַרקיש

אַ לעבן לאַנג האָט ער געגרייט זיך צו דעם לעצטן וועג, —
יום־טובדיק אין וואָרט,
זויבער־ריין אין די מיטוואָך־טעג.
געקלונגען האָט אין ברוסט: — דור איין, דור אויס,
טיפער, ברייטער ווי אין וואָרט, —
דאָס בליי פון טעג אַ ריר טון פונעם אָרט.

איצט זיצט ער פאַרן אויספאָרשער, דעם קאַט, אַזוי,
גלייך ער וואָלט אין זיין פולער גרויס געשטאַנען.
די אויגן ברענען. זיין ענטפער שרייט:
— ברוין־לייביקע פאַשיסטן!
ווי קומט איר עס אַהער?

זיין שטערן — הויך. דער ווינט מיט האָר
וועקט אויף אין אויג, אין האַרץ די פייער־פונקען:
— ווי טיף, אָ גאָטעניו, זיי זענען עס געזונקען.
דער שר החשכות האָט די וועלט אין קויט דערטרונקען.
און מיר האָבן געגלייבט אין חס׳ישן משיח
און ווי קרח אין דער אָפּטריניקייט געזונקען!

דער אויספאָרשער, די אייגעלעך פאַרצויגן,
לאָזט ווערטעלעך, ווי פלעמלעך צווישן טשאַד:
— מאַרקיש הייסטו? — מאַרק!
איך זידל דיך נישט, פאַרקערט — איך לויב!
זאָגסט פאַשיסטן... ס׳הייסט ווילסט פאַרקויפן מיר
די פעפערלעך — די קאָמוניסטן?... איך וואַרט!

און ס׳עפנט זיך די וואַנט.
אין האַלב־ליכט, ווי אַן איקאָנע שטייט דער צאַר.
און כאָטש די אויגן קוקן און נישט גלייבן,
רייסט אויף דאָס וואָרט ווי ברען־שטאָף:

— דו?! אין לענין־לאַנד, צו מאָרדן און צו רויבן?
— אַ טעות, יידעלע! איר האָט פאַרבלאָנדזשעט ביז אַהער, —
דו און מאַרקס...
צווישן אָט די ווענט, ווייס,
ווער סע זעצט זיך אויף מיין טראָן... ווערט צאַר!

אַ בהלה אינעם זאַל. אַן איילעניש. אַ קלינגען, בראַזגען פון מעטאַל.
פון אַלע זייטן ברענט.
דער אויספאָרשער, ווי אַ שטשור צעפּישטשעט:
— ווּעסט צאָלן, יידעלע! דו האָסט געזען... דערקענט!

שטילשווייגן. מיר גייען נאָך דעם אָרון — יאָר איין יאָר אויס
און דאַנקען אים... מיר זענען אויפגעהעלט!

טשערנאָוויץ 1962



## אַביבה הזז

### ליפּן פון שלאָפנדיקע

ס׳געזעץ פון שווערקייט האַלט דיך נישט געשמידט,
אין מלכות פון פאַנטאַזיע קיניגט דיין באַגער ;
ס׳פאַרגייענדיקע האָסטו אינעם וואָרט פאַרהיט,
סע שטאַרן דיינע ליפּן, נאָר דיין קול איך הער.

סע הענגט ווי אויפן רחמים־טויער פעסטער שלאָס,
ביז וואַנען ס׳וועט דערהערן זיך — דער שופר בלאָזט.
שאַ־שטיל דו גייסט אַרויס און קומסט אַריין אין טיר
פון האַרצן מיינעם ס׳אָפענע אַנטקעגן דיר.

געשלאָסן איז דער רחמים־טויער,
מיין האַרצטיר — ברייט־צעפּראַלט,
די ליפּן דיינע שטאַרן —
דיין שטימע שאַלט.

ירושלים, 1.1.75

פון עברית : ל. אָליצקי

# קיום




פלאקאט

פון יד ושם-ארכיוו

# פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## 30 יאָר זינט דעם נצחון איבער היטלער־דייטשלאַנד

דעם 26טן מאַי 1975 זענען אין ירושלימער לאָקאַל פון די הגנה־קעמפער זיך צונויפגעקומען די וועטעראַנען פון דער אַנטינאַצי־מלחמה — געוועזענע סאָלדאַטן און אָפיצערן פון די רעגולערע אַרמייען, פּאַרטיזאַנער און געטאָ־ווידערשטאַנדלער.

דער געוועזענער פראָנט־קאַפּיטאַן פון דער סאָוועטישער אַרמיי, דיכטער **זיאַמע טעלעסין** האָט אין זיין דערעפענונגס־וואָרט אָפּגעמערקט די באַזונדערע וויכטיקייט פון אָט דעם צונויפטרעף און דעם גרויסן, ביז היינט נישט דערשאַצטן מאָסן־העראָיזם פון די יידישע שלאַכטלייט, פּאַרטיזאַנער און געטאָ־קעמפער בעתן צעשמעטערן די נאַציסטישע וואָפן־כוחות.

סגן־אלוף (אין רעזערוו) **אברהם בערמאַן** האָט אין נאָמען פון די הגנה־וועטעראַנען הייס באַגריסט די פאַרזאַמלטע, אונטערשטרייכנדיק, אַז דער אַנטי־נאַצי־קאַמף פון די יידן אויף גאָר דער וועלט און דער קאַמף פאַרן ווידערגעבורט פון מדינת ישראל איז פאַקטיש געווען איין אומצעטיילבאַרער פראָנט פאַר דער עצם־עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק.

מיט אַן אינטערעסאַנט וואָרט איז אַרויסגעטראָטן דער פּראָפעסאָר פון ירושלימער אוניווערסיטעט **וולאַדימיר באַרבוי**, וואָס האָט זיך אויספירלעך אָפּגעשטעלט אויפן כאַראַקטער פון דער אַנטינאַציסטישער מלחמה און אירע ווייטערדיקע אַספּעקטן.

מיט זייערע פראָנט־זכרונות וועגן דער העלדישקייט פון יידישע שלאַכטלייט אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי, האָבן זיך געטיילט די נייע עולים געוועזענער אינזשיניער־פּאָלקאָווניק **בנימין אייזען**, און געוועזענער פּאָלקאָווניק **נחום אַלשאַניעצקי**, וואָס האָט אויך דערציילט וועגן דעם מסירות־נפשדיקן געראַנגל פאַר אַ פרייער עליה קיין ישראל, וועלכע ס'פירן זיינע מינסקער לאַנדסלייט, די הויכע אָפיצערן **יעפים דאַווידאָוויטש** און **לעוו אָסווישטשער** ווי אויך דער פּאָלקאָווניק **יוסף פּאָלטיניקאָוו** פון נאָוואָסיבירסק. די פאַרזאַמלונג האָט איינשטימיק אָנגענומען אַ ווענדונג צו די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען מיט דער פאָדערונג אָפּצושטעלן די רדיפות און פאַרפאָלגונגען קעגן אָט די פאַרדינסטפולע יידישע שלאַכטלייט און דערלויבן זיי זיך רעפּאַטריירן קיין ישראל.

דער פאַרזאַמלטער עולם האָט האַרציק אויפגענומען די שלאַכט־און מלחמה־לידער, וועלכע ס'האָבן פאָרגעלייענט **יוסף קערלער**, **רחל בוימוואָל** און **זיאַמע טעלעסין**.

יצחק יאַנאַסאָוויטש

# 4 לידער —

# 4 אַספּעקטן פון יידישער באַציונג צו מדינת ישראל

.1

עס איז קלאָר, אַז פּונקט ווי מיר גריבלען זיך הייַנט אינעם עבר, כדי צו דערגיין די געדאַנקען און די געפילן פון די יידישע דורות, וואָס האָבן געלעבט מיט הונדערטער יאָרן צוריק, אַזוי וועלן די יידישע דורות, וואָס וועלן לעבן מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער, זיך מיען צו דעשיפרירן די געדאַנקען און געפילן פון די יידן וואָס לעבן אין אונדזער הייַנטיקער עפּאָכע.

אונדזער עפּאָכע, שטעלן מיר זיך פאָר, וועט באַזונדערס פאַראינטערעסירן די קומענדיקע יידישע דורות, וואָרעם אין איר איז דאָך פאָרגעקומען דער גרויסער נס אין אונדזער געשיכטע. אין אונדזער עפּאָכע האָט דאָך דאָס יידישע פאָלק איבערגעלעבט זייַן גרעסטן חורבן און זייַן גרעסטע גאולה־באַנייִונג. אָט דער נאָענטער צונויפטרעף פון נסיון און נס, פון אומקום, פון וועלכן עס האָט אַרויס־געשפּראָצט אויפקום, וועט האַלטן וואַך דעם דורותדיקן בייגיר פון יידישן פאָלק צו אונדזער תקופה, צו אירע געשעענישן און צו די דאָזיקע יידן, וואָס האָבן מיט זייער בלוט און פלייש, מיט זייער מאַרך און גייסט, אויסגעטראָגן אויף זיך די דאָזיקע געשעענישן און זעגען מיט זיי אַרייַן אין דער אייביקייט פון דער יידישער געשיכטע.

די דאָזיקע יידן פון שפּעטער, זאָגן מיר, וועלן האָבן אַ ברענענדיקן אינטערעס פאַר די טראַכטענישן פון אונדזער דור און פאַר די געפילן פון אונדזערע עמאָציעס. זיי וועלן גיין אין פאַרשערישן שפּאַן, כדי אויפצולעבן פאַר זיך אונדזער הייַנט, כדי פאַר זיך קלאָר צו מאַכן דאָס בילד פון אונדזערע איבערלעבונגען, ווי די דירעקטע עדות פון די דאָזיקע גרויסע טעג אין אונדזער דברי־הימים.

וווּ וועלן זיי זוכן, די דאָזיקע שפּעטערדיקע, צוקונפטיקע יידן, אונדזער הייַנטצייטיקייט, אונדזער גייסטיקע רעאַקציע אויף די פּאַסירונגען אין די היס־טאָרישע גאולה־טעג? דער ענטפער איז: אין די געשיכטע־ביכער! אויף די בלעטער פון דער פאַרשריבענער היסטאָריע, אין די מוזעאַלע איבערבלייבן פון דעם הייַנטיקן דור.

מער אָבער ווי די געשריבענע היסטאָריע, מער ווי יעדער מוזעאַלער איבער־

בלייַב און מער ווי יעדער טרוקענער דאָקומענט, וועט די קומענדיקע דורות דער־ציילן וועגן אונדזער צייט די ליטעראַטור, די יידישע און די העברעישע, פון אונדזער עפּאָכע. אויב די דעמאָלטדיקע יידן וועלן טאַקע אויף אַן אמת וועלן וויסן נישט נאָר די טרוקענע פאַקטן און ציפערן, און ניט נאָר די געשעענישן און פּאַסירונגען, נאָר אויך די אינערלעכע איבערלעבונגען פון די יידן אין אונדזערע טעג, זייערע מחשבות און שפּירונגען, זייערע געדאַנקען און שטימונגען, זייערע האָפענונגען, טרוימען און פריידן, וואָס די אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון מדינת ישראל האָט דערוועקט און אַרויסגערופן ביי אונדזער פאָלק אינעם איצטיקן דור, וועלן זיי מוזן אָנקומען צו דער קינסטלערישער ליטעראַטור אין ביידע שפּראַכן און בעיקר — צו דער פּאָעזיע אין די ביידע לשונות. ווייל די קינסטלערישע ליטעראַטור, ווייל די פּאָעזיע, דאָס איז דער גייסטיקער סייסמאָגראַף, וואָס פאַר־פיקסירט לדורות אַלע פּסיכישע און אידעישע וויברירונגען פון דער יידישער נשמה. זי פאַרצייכנט דאָס תמציתדיקע פון די כלל־רעיונות, דאָס אינטימסטע פון די ציבור־געפילן. זי איז די אמתע, די וועזנטלעכע גייסט־געשיכטע פונעם פאָלק. זי קאָן ריידן מיט דער שפּראַך פון לעבעדיקער בילדלעכקייט צו די ווייטסטע דורות און זי קען דערציילן, מאָלן און שילדערן דאָס לעבן אַזוי, אַז מען זאָל עס אַלע מאָל דערפילן און פאַרשטיין. די קינסטלערישע ליטעראַטור מיט איר בילד, די פּאָעזיע מיט איר מוזיק, איז אַלע מאָל הייַנטיק און אַלע מאָל איצטיק. און, פּונקט ווי עס רעדט צו אונדז הייַנט דאָס געזאַנג פון ביבלישן "שיר השירים", אַזוי וועט צו די קומענדיקע צוקונפטיקע יידן, צו זייער געמיט און פאַרשטאַנד, רעדן דער מאָדערנער שיר השירים, דער שיר השירים פון דער יידישער און העברעישער שעפערישקייט אין אונדזער צייט.

.2

איך האָב אַמאָל געשריבן, אַז ס'וואָלט געווען קאָלאָסאַל וויכטיק צונויפ־צוזאַמלען צווישן די צוויי טאָוולען פון אַ בוך, אָדער אין די טאָוולען פון מערערע ביכער, דאָס אַלץ, וואָס יידישע שרייבער האָבן געשריבן און געזונגען אין קינסט־לערישער פּראָזע און אין פּאָעזיע צו ארץ־ישראל און צו מדינת ישראל. אַזעלכע איינזאַמלונגען וואָלטן אונדז נישט בלויז אַנטפּלעקט די גאַנצע פילפאַרביקע גאַמע פון יידישע מחשבות און עמאָציעס צו אונדזער אַלטן און באַנייטן היימלאַנד, נאָר זיי וואָלטן אויך, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַ סוף געמאַכט צו דעם שקר־בילבול, אַז די גאַנצע יידיש־שעפערישקייט איז כלומרשט פיינטלעך צו דער גאולה־אידעע און אַז זי האָט נישט גענומען קיין גענוג־אַקטיוון אַנטייל אין דעם פּראָצעס פון אויפריכטונג, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט דורך שיבת ציון און דורך דעם קאַמף פאַר דער אַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה. דורך דער צייט זענען אַזעלכע איינזאַמלונגען טאַקע דערשינען און זיי האָבן פול־שטענדיק באַשטעטיקט די דאָזיקע טעזע.

אין די ווייטערדיקע שורות וועל איך מיר דערלויבן צו ברענגען פיר קורצע

לידער פון פיר באַדייטנדיקע יידישע פּאָעטן וועגן מדינת ישראל. די דאָזיקע פיר לידער זענען גענומען פון טויזנטער און זיי אילוסטרירן צום בולטסטן פיר אַס־פּעקטן פון דער יידיש־שעפערישער באַציונג פון אונדזער דור צו דעם נס פון אתחלתא דגאולה. דאָס זענען פיר לידער — פיר זייטן פון אונדזער גאולה־באַנעם. זיי זינגען אַרויס דאָס וועזנטלעכע און דאָס אינטימסטע פון אונדזער דורס מדינת־ישראל־וויזיע און מדינת־ישראל־בענקשאַפט. און דערפאַר, וואָס זיי זענען אַזוי אויטענטיש פאַר די געפילן, שטימונגען און טראַכטונגען פון אונדזער דור, וועלן זיי זיך אויך אַריינזינגען אין די שפּעטערדיקע, קומענדיקע דורות, וועלכע וועלן דורך זיי באַנעמען און פאַרשטיין, וואָס אַזוינס עס האָט געטראַכט, געפילט און איבערגעלעבט דער ייד פון אונדזער צייט, דער עדות פון די גרויסע טעג אין אונדזער געשיכטע.

כ׳וועל ברענגען צום סאַמע ערשט דאָס ליד "שהחיינו" פון אברהם סוצקעווער:

וועו כ׳וואָלט ניט זיין מיט דיר בייַנאַנד,\
ניט אַטעמען דאָס גליק און ווי דאָ, —\
ווען כ׳וואָלט ניט ברענגען מיטן לאַנד,\
ווולקאַניש לאַנד אין חבלי לידה.\
ווען כ׳וואָלט אַצינד נאָך מיין עקידה,\
ניט מיטגעבוירן מיטן לאַנד,\
ווו יעדער שטיינדל איז מיין זיידע —\
געזעטיקט וואָלט מיך ניט דאָס ברויט,\
דאָס וואָסער ניט געשטילט דעם גומען.\
ביז אויסגעגאַנגען כ׳וואָלט פאַרגויט,\
און בלויז מיין בענקשאַפט וואָלט געקומען.

דאָס ליד האָט אברהם סוצקעווער געשריבן אין יאָר 1947, אַ יאָר איידער די מדינה איז געבוירן געוואָרן. אין סאַמע ברען פון די ביטערע און שווערע גע־ראַנגלען, וואָס זענען געקרוינט געוואָרן מיטן דערפאָלג פון דער מדינה־אַנטשטייונג.

וואָס האָט דער פּאָעט סוצקעווער אויסגעזונגען אין דעם דאָזיקן ליד? ער האָט דערין אויסגעזונגען דעם באַוווסטזיניקן רעיון פון זיין דור, אַז ווען ער — און צוזאַמען מיט אים צענער טויזנטער אַנדערע יידן, געראַטעוועטע פון דעם חורבן — וואָלטן נאָך דער מאָוימדיקער עקידה אין מזרח־אייראָפּע נישט אויף ס׳ניי מיטגעבוירן געוואָרן מיט דעם יידישן לאַנד, ווו יעדער שטיינדל איז זיין זיידע, וואָלט ער ערגעץ ווו אויסגעגאַנגען פאַרגויט. דאָס ברויט וואָלט אים ניט געזעטיקט און דאָס וואָסער וואָלט ניט געשטילט זיין גומען. עס איז דאָ אין געזאַנגיקן בילד אַרויסגעבראַכט געוואָרן קלאָר און דייטלעך די שפּירונג פון אונדזער דור, אַז ווען נישט דער נס פון דער מדינה, וואָלט דאָס יידישע לעבן, חלילה, קיין תקומה מער נישט געהאַט. די מדינה־אַנטשטייונג האָט געגעבן דעם

פאָלק אַ נייעם סטימול צום לעבן. דער דור איז מיטגעבוירן געוואָרן אויף ס'ניי מיטן לאַנד. אַט דאָס האָבן געפילט יידישע שעפער אין אונדזער דור און דאָס האָבן זיי געזען אַלס דער נס פון אונדזער צייט פאַר דעם המשך פון אונדזער פאָלקס קיום.

.3

אויפן הר הכרמלס רוקן
וואַקסן נייע, ווייסע שטיבער,
אויסגעשטרעקטע, און זיי קוקן
גלייך צום ים און ווייט אַריבער.

דאַכט זיך — וואָס ? ווי אַלע שטיבער :
פענצטער, טירן און באַלקאָנען ;
אָבער אַז דו זאָגסט עס איבער,
נעמסטו וווּנדערלעכעס אָנען.

פון די טירן נעמט עס פלאַמען
מיט אַזויבע זיג־זאַג פליגל
ביז אין זיי, מיט זיי צוזאַמען,
פראַלן אויף אי שלאָס, אי ריגל.

יעדע וואַנט, ווי קוים דערוואַרט זיך
אויף דעם וווּנדער דעם צעבלענדטן,
גיט אַ הייב זיך און צעטאַנצט זיך
אויף די זיילן־פונדאַמענטן.

און באַלקאָנען — נאָך מער וווּנדער —
טראָגן זיך אַוועק, ווי שיפן
אי אין איינעם, אי באַזונדער,
צו די ימימדיקע טיפן.

איבער זיי די הימלען בלויע,
ווי אַט ערשט צעשפּרייטע, נייע,
און אויף זיי דאָס וואָרט והיה
פון דעם אחרית פון ישעיה.

דאָס ליד איז פון ה. לייוויק. עס איז געשריבן בעת דעם פּאָעטס ערשטן באַזוך אין מדינת ישראל, אַ קורצע צייט נאָך דער מדינה־אַנטשטייונג. אין דעם דאָזיקן

ליד איז אַרויסגעבראַכט אין זינגענדיקן פערז אַ צווייטער אַספּעקט פון יידיש־שעפערישער באַציונג צו דער מדינה און צו דעם וווּנדער, וואָס זי שטעלט מיט זיך פאַר פאַרן יידישן פאָלק.

ה. לייוויק זעט אין דער מדינה נישט בלויז דעם רעטונגס־גאַרטל פאַרן פאָלק אין די צעבושעוועטע סכנותדיקע וואַסערן פון דער צייט. ער זעט אין איר דעם ווייטער־געשפּין פון יידיש־נביאישן טרוים, וואָס אין זיין זכות האָט דאָס יידישע פאָלק אַ קיום. פאַר לייוויקן איז נישט גענוג וואָס די מדינה שאַפט פאַרן פאָלק נייע מעגלעכקייטן צו לעבן און עקזיסטירן ווי אַ פאָלק. ער זעט אין דעם מדינה־נס אויך די המשכדיקייט פון יענעם גאולה־אידעאַל וואָס צוליב אים זענען מיר געבליבן אַ פאָלק; וואָס צוליב אים האָבן מיר געליטן און דערלעבט די באַנייונג. לייוויק זעט אויפן הר הכרמל נייע, ווייסע שטיבער, אַ רגע דאַכט זיך אים אויס, אַז דאָס זענען נישט קיין סתם נייע געביידן, נאָר דאָס זענען בנינים, אויף וועלכע עס שפּרייט זיך אויס דאָס ליכט פון די בלויע הימלען, וועלכע האָבן פאַרנומען דעם באחרית־חזיון פון נביא ישעיה. דער פּאָעט האָט דאָ אין זיין ליד אַרויס־געבראַכט די מחשבות פון זיין דור, אַז מדינת ישראל איז נישט געקומען בלויז, כדי צו פאַרזיכערן די פיזישע עקזיסטענץ פון עם ישראל, נאָר אַז די מדינה איז געבוירן געוואָרן כדי ישראל סבא זאָל ווייטער קענען שפּינען זיין טרוים פאַר וועלט־גאולה. פאַר מענטש־גאולה, פאַר דער גאולה פון די פעלקער אויף דעם גאַנצן כדור הארץ.

מדינת ישראל, ווי אַ המשך פון דעם אייביקן יידישן גאולה־אידעאַל פאַר דער גאַנצער וועלט — דאָס איז דער צווייטער אַספּעקט אין אונדזער דורס באַציונג צו דעם גרויסן געשעעניש אין אונדזערע טעג. אויך דאָס דאַזיקע וועלן די קומענדיקע דורות קענען אַרויסלערנען און זיך דערוויסן פון דער יידישער פּאָעזיע.

.4

אַז אין מדינת ישראל טאָר נישט קומען צו קיין איבעררייס מיט דער מאַ־ראַלישער שיינקייט און עטישער גוטסקייט, וואָס דאָס פאָלק ישראל האָט אָנגע־זאַמלט אין זיין פיינפולן וועג, דורך גלות צו אייגן לאַנד — ברענגט אַרויס דער דיכטער יעקב גלאַטשטיין אין זיין ווייטערדיקן ליד:

מיין פאָלק, מיין פאָלק פון רחמנות,
ייד פון מיין גאַנץ לעבן.
כ׳וועל דיר נישט אָוועקשענקען
פאַר די גרעסטע אַרסענאַלן פון גבורה.
פאָלק פון מיין גוטן טאַטן,
אויף פרעמדער פוילישער ערד.
וויפל האָסטו מיט מיר איינגעקנעלט גוטסקייט,

פון מיינע חדר־יאָרן אָן.
שטאָלץ מיינער, אויסדערוויילטער.
פאַרגלוסטטע פעסטקייט.
באַפריי זיך נישט פון מיינע גערעכטע דלד אמות.
גיי נישט אַוועק אין וועלט־געפּאַנגענשאַפט,
מיט בלוטיקע קייטן אויף די הענט.

דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן נאָך די טרויעריקע געשעענישן אין קיביאַ, ווען אין דער גאַנצער יידישער וועלט, ביי אַלע ערלעכע יידן פון אונדזער דור, איז אַנטשטאַנען די מורא, אַז די נויטווענדיקייט פון פּאַרטיידיקן די מדינה און דאָס לעבן פון אירע בירגער, זאָלן חלילה, נישט שאַפן אין מדינת ישראל אַ טענדענץ צו גלאָריפיצירן גבורה לשם גבורה. דער דיכטער וויסט, נאַטירלעך, אַז די דאָזיקע סכנה איז נישט רעאַל, אָבער ער וואָרנט קעגן איר מיט אַ ציטער־דיק האַרץ. דערביי ברענגט שוין דער דיכטער אַרויס נאָך אַ רעיון, וואָס באַאומרויקט די דענקענדיקע יידן פון אונדזער דור: דעם רעיון, אַז די מדינה זאָל חס־וחלילה נישט פאַרקערעווען אויף די וועגן פון אָפּקייטלען זיך פונעם יידישן עבר, פון שולל זיין דאָס גייסטיקע פאַרמעגן פון דורות. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם צערודערט זייער שטאַרק די יידישע וועלט און עס קומט וועגן דעם פאַר אַ געגנונג העפטיקע פּאָלעמיק. דאָס איז אויך דער דריטער אַספּעקט אין דער באַציונג פון אונדזער דור צו מדינת ישראל, וואָס איז פאַראייביקט אין דער יידישער פּאָעזיע.

און אָט איז אַ טייל פון אַ ליד וואָס דער דיכטער אפרים אויערבאַך זינגט אין מדינת ישראל.

זאָגן וויל איך דיר, אַז ס'האָט מיך הייבט באַוועלטיקט
טרויער און אַליינקייט, אַז איך טו זיך שעמען.
לעבן־מיינס האָב איך אין דער פרעמד געצעלטיקט,
ביז די אייגנקייט פון היים קען איך נישט באַנעמען.

איצט איז אויפדערנאַכט. איך זיץ ביים ים התיכון,
כוואַליעס קושן שטיינער מיט צעשוימטע ליפּן, —
דאָ בין איך אַ גאַסט. איך פאָר אַוועק אין גיכן,
ווי וועל איך דעם דאָ מיטן דאָרט מיינעם פאַרקניפּן?

ווידער וויל איך זאָגן, אַז מיט אומרו גלי איך,
כ'זאָל דעם יום־טוב מיינעם נישט פאַרצערן, —
זיי מיר מוחל, זיידע, איך בין דיך מטריח.
טרויער מיינעם אויף דיין תמימות אַנצושפּאַרן.

דאָס ליד האָט דער דיכטער געזונגען בעת ער איז געווען אויף אַ באַזוך אין דער מדינה. אָבער היות דער באַזוך ענדיקט זיך און ער דאַרף באַלד צוריקפאָרן קיין חוץ־לארץ, ווערט זיין געמיט טרויעריק און ער הייבט זיך אָן שעמען דער־פאַר, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג "געצעלטיקט" אין דער פרעמד ביז ער האָט שוין נישט געקענט מער באַנעמען דעם טעם פון אייגנקייט אין דעם יידישן לאַנד. דאָס איז אַ געפיל וואָס באַוועלטיקט היינט אַ סך, אַ סך יידן אין דער וועלט, וועלכע שעמען זיך דערפאַר, וואָס זיי קענען נישט מקיים זיין די מצווה פון שיבת ציון און ווייסן דעריבער נישט ווי אַזוי צו פאַרקניפּן דעם "דאָ" מיט דעם "דאָרט". און היות זיי קענען נישט געפינען קיין לייזונג אויף דער פראַגע, האָבן זיי מורא, אַז זיי זאָלן דעם יום־טוב, די פרייד מיט דער מדינה, נישט פאַרשווערכן מיט צער. גרויסע טיילן פון יידנטום אין אונדזער דור לעבן היינט מיט דער דאָזיקער מורא, וועלכע דער דיכטער האָט דאָ אַרויסגעבראַכט און פאַר דעם ייד פון דורות אַרום וועט אינטערעסאַנט זיין צו וויסן, אַז דאָס איז געווען אַ הויפּט־מחשבה אין אונדזער דור און אַז מיט אָט דער מחשבה האָט זיך אונדזער דור געראַנגלט און האָט געזוכט פאַר איר אַ באַשייד. וואָס דער באַשייד איז, וועט די צוקונפט ווייזן. אָבער אויף יעדן פאַל גלייבן מיר, אַז ווען דער געדאַנק פון קיבוץ גלויות זאָל אַלץ בלייבן דער הויפּטציל פון דער מדינה, וועט דאַך געפינען ווערן אַ וועג אויך פאַר די דאָזיקע יידן, וואָס וועלן נישט פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן ציל, אַז זיי זאָלן באַפרייט ווערן פון דער מורא פאַר דער אומפאַרקניפּונג פון דעם "דאָ" און דעם "דאָרט" און זיי זאָלן דעריבער קענען אָנטייל נעמען אין דער פרייד פון דעם מדינת־ישראל־יום־טוב, ווי גאַנצע יידן און ווי פולע מיט־שותפים צו דער דאָזיקער שמחה.

5.

דאָס זענען נאָר פיר אַספּעקטן פון אונדזער דורס באַציונג צו מדינת ישראל, אַרויסגעבראַכט דורך פיר לידער פון פיר יידישע דיכטער. די זעלביקע אַספּעקטן און אויך פיל אַנדערע געפינט מען אין די שאַפונגען פון יידישע פּאָעטן, וועלכע מיר האָבן דאָ נישט דערמאָנט. די דאָזיקע אַלע לידער וועלן מוזן געלייענט ווערן אין יאָרן אַרום דורך די, וועלכע וועלן זיין פאַראינטערעסירט צו וויסן, וואָס עס האָט געטראַכט און וואָס עס האָט געפילט דער ייד פון אונדזערע טעג, ווי אַן עדות פון דעם נס וואָס זיין נאָמען איז: די אַנטשטייונג פון מדינת ישראל.

**יוסף קערלער**

## דער יום הדין אַלץ דויערט...

### אין כישוף־קרייז

אַ ליד איז נייטיק פונקט ווי ברויט,
אַ מאָל — נאָך מער אַ ביסל,
ווען ביי דעם גאָרגל כאַפּט די נויט —
די אָרגלען אויפצושליסן

און ס׳פּלייצט געזאַנג ווי הימל־בלוי
אַריבער בערג און טאָלן,
ווו ס׳טריקנט שוין דער לעצטער טוי
אויף ערד פון בלוט געשוואָלן,

אויף ערד, וואָס בייז און שטייניק־האַרט,
און קאַלט איז צום גערעכטן
און דאָך פון טיפסטער טיף זי גאַרט
צעפּענטען זיך פון שלעכטקייט

און ס׳קלאַפּט אַן אויסגעווייטיקט האַרץ
אין ענגער שטייג פון ריפּן —
אָ, מיין געזאַנג, מיין אומדערוואַרטס
אויף שרפהענדיקע ליפּן,

ווי קוואַליק טריפסטו צו מיין דאָרשט
און ס׳האָט דער טויט קיין שליטה
אין כישוף־קרייז פון לידער־וואָרט,
ווו איך בין אין דער מיטן.

* * *

נישט געוווּסט — כ׳בין אין דעם זיך מתוודה,
אַז ניט מילד איז מיין היימישער גרונט...
כ׳וואָלט זיך לייכטער פאַרפלאַנצט אין קאַנאַדע,
נאָר ווי קאָן איך דען שניידן דעם בונד,

וואָס פאַרקניפּט איז אויף אייביק און אייביק
צווישן מיר און דעם האַר פון דער וועלט —
מיר, דעם ייִד, וואָס איז שטויביק און גלייביק
צו פיל מער, וויפל עמעצן פעלט,
מיר דעם ייִד, וואָס איז קלענער און גרעסער
צו פיל מער, וויפל עמעצער קלערט...
נישט געוווּסט, אַז אַליין כ׳בין דאָס מעסער
און אַליין — די צעאַקערטע ערד,

אַז אַליין כ׳בין דער זייער און פלאַנצער
און אַליין כ׳בין די פלאַנץ און די טראַכט
פון די גרונטן פאַרבענקטע.

אין גאַנצן —
ביים זכרון כ׳בין היינט אויף דער וואַך...

כ׳וואָלט זיך אפשר פאַרזייט ערגעץ אַנדערש,
ווען איך וואָלט זיך אַזוי נישט פאַרזאַמט,
ביז צום קומען אַהער פון מיין וואַנדער,
פון מיין לויפן פון פייער אין פלאַם,

פון מיין יאָגן פון פלאַם צו דעם חלף
דורך געביל, דורך געוווי און געוויין
כ׳בין געקומען און אויב איך וועל פאַלן,
וועל איך אויפגיין אפילו דורך שטיין.

## ווּ זיינען זיי...

ווּ זיינען זיי, די אויגן מיינע?
זיי זיינען זיך צעלאָפֿן,
ווי צעפּאַלאָכעטע לאָשעקעס,
באַרוישטע פֿון פֿרימאָרגן־טוי
אויף ערשטער פֿרילינג־פּאַשע...

זיי זיינען זיך צעפֿלויגן,
די אויגן מיינע,
ווי שוואַלבן דאָרשטיקע.
און כ׳לויף זיי נאָך
און קאָן זיי נישט דעריאָגן.

אַוודאי וועלן זיי
זיך אומקערן צוריק,
פֿאַרפֿרוירענע פֿון חרמון־באַרג,
צי אָפּגעבריטע
פֿון די הימלען טרוקענע
איבער דעם נגב...

נאָר דערווייל,
דערווייל פֿאַרבליבן כ׳בין
מיט פּוסטע, בענקענדיקע אויגן־לעכער —
איז ווי זאָל איך זיי נאָכיאָגן,
די ווילדע?

אין דען אַ וווּנדער,
וואָס אַזוי פֿיל מאָל
איך פֿאַל און ברעך מיר
רוק־און־לענד,
נישט וויסנדיק אַליין,
צי ס׳איז אַ שטיין אין וועג,
צי גאָר אַ שפּיצל
פֿון מיין גוטן ברודער קין?...

# דער יום הדין...

דער יום הדין.
ער דויערט אַלץ און דויערט,
זינט יענעם גזר
פון יענעם יום הדין...

כ׳וואָלט איינגעבראָכן זיך
פון נישט געטרייסטן טרויער
און ס׳וואָלט די שיינע וועלט
אַזאַ מין בראָך פאַרגינט...

נאָר כ׳האָב קיין רעכט, —
ווי טאָר איך זיך פאַרגעסן!
דערשטיקן כ׳מוז מיין ווייגעשריי ביז טאָג.
אויף ריינסטן פייער
שמיד איך מיינע שלעסער
און צוים באַצייטנס
די פאַרפלייצעניש פון קלאָג.

זיי גרייט מיין האַרץ
און שטאַרק זיך מיט זכרון,
מיט זיקנה, וועלכע דרינגט
אין טיפסטער ווייט,

מיט זון־געבענטשטער
בראשיתדיקער קינדהייט,
אויף וועלכער
ס׳האָט קיין שליטה ניט
די צייט — — — — — — —
— — — — — — — — —

מיין אורפאָטער
די אָפּגעטער דאָרט שמעטערט
און ס׳פליען שפליטערס
טויטע שוין פון שרעק...

נאָר ווײַ, זײ װעלן װידער שפּראָצן שפּעטער,
ווּ נאָר אַ העק, ווּ נאָר אַ שטיקל שטעג —
פון נוצרי ביז צום יויזל דזשוגאַשווילי
פון המנען, פון היטלערן ביז הײַנט
ווּ נאָר פון בײזער װאָגלעניש מיר װילן
געפינען רו — געפינט אונדז אויך דער פײַנט.

און איצט, מײַן לאַנד,
מיר זײַנען װײניק, װײניק
און ס'איז מיט געצנדינער
גאָר די װעלט פאַרפלײצט
אויף נאַפט און בלוט געאײניקט און פאַראײניקט —
דער סערפּ און האַמער, און דער מולד
און דער קרײץ...

זײ שטאַרק, מײַן האַרץ.
פאַרפּאַנצער טיר־און־טויער —
פון אורפאָטער ביז קינדער פון מײַן קינד —
דער יום הדין ער דויערט נאָך
און דויערט,
ביז צו דעם עכטן, דעם גערעכטן יום הדין.

*יהושע וויגאָדסקי

# דאָס ייִנגל מיטן ראָווער

ווי ער איז מיר דערגאַנגען די יאָר, ווי ער איז מיר דערגאַנגען די יאָר, כ׳האָב געוווּסט, ווען עס הייבן זיך אָן די לעקציעס נישט ווייט, אין ווייסן דריישטאָקיקן בנין, כ׳האָב געוווּסט, ווען זיי ענדיקן זיך. ער איז געפאָרן גאַנץ פרי אין שול אַריין אויף זיין דאַזיקן פאַרשאַלטענעם ראָווער, טרומייטערנדיק אָן אויפהער און אַזוי, דריקנדיק כסדר די גומקע פון טרומייטערל, וואָס איז געווען צוגעפעסטיקט צו דער ראָם פון ראָווער, האָט ער אָנגעזאָגט דער גאַנצער שכונה, אַז ער איז דאָ, אַז ער עקזיסטירט, אַז ער קומט אָן — ער, דער אויסגעצייכנטער ראָווערייסט!

איך פלעג אין דער צייט שוין נישט שלאָפן און רויק אַרבעטן, די אויטאָבוסן האָבן זיך באַוויזן עטוואָס שפּעטער, די היץ האָט זיך נאָך נישט געהאַט פאַר־וואַנדלט אין טייכן שווייס, אָבער ער, דער טייוול אויפן ראָווער, וועלכער האָט געווילדעוועט מיט זיין טרומייטער און אַרויסגעגעבן אומאויפהערלעך הויכע קלאַנגען — ער איז שוין געווען.

איך האָב געוווּסט, ווען ס׳איז די גרויסע הפסקה — גאַנצע פופצן מינוט פון אַ ווילד טרומייטערן. דער בחור האָט אַרומגעקרייזט דעם בנין, פון צייט צו צייט האָבן אים פאַרשטעלט די ביימער, אָבער נישט געקוקט דערויף, האָב איך געוווּסט ווו ער געפינט זיך, איך בין אים נאָכגעגאַנגען מיטן געהער, ער האָט געיאָגט אין אַ פאַרמאַכטן קרייז, און איך האָב געוואַרט ווי פאַרגליווערט אויף דעם שול־גלעקל, וואָס וועט איבעררייסן די דאָזיקע שפּיל זיינע.

איך האָב געהאַט רו ביז איינס, צי ביז האַלב צוויי, ווען עס האָבן זיך געענדיקט די לעקציעס, און דאַן... דאַן האָט זיך אָנגעהויבן זיין צוריקקער אַהיים. גיכער האָב איך אים פריער דערהערט, און ערשט דערנאָך דערזען, ווי ער טראָגט זיך אויף דעם שמאָלן וועגעלע צווישן די ביימער, אַנדריקנדיק אָן אויפהער אויף די פּעדאַלן און טרומייטערנדיק, ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים! ער איז געווען נידעריק, פעסט געבויט און אויסגעזען אויף אַ יאָר צוועלף, ס׳הייסט צו יונג צו פאַרשטיין, אַז ער דערפירט מיך מיט דער דאָזיקער שפּיל זיינער ביז שגעון, אָבער גענוג געשיקט, כדי מיט איין האַנט האַלטן דעם רודער און מיט דער צווייטער דריקן די גומע פון טרומייטער. אַזאַ ווילדער טרומייטערער! ווען ער וואָלט געמוזט זיך אָנשטרענגען, אָנבלאָזן די באַקן, אָננעמען לופט אין די

לונגען, וואָלט אים אפשר פאַרפעלט אָטעם, אָבער זיין האַנט איז געווען אומ־דערמידלעך. אָנבייגנדיק זיך פאָרויס און יאָגנדיק, האָט ער אָנגעמאַכט אַן אומ־ענדלעכן טומל.

איך האָב געלעבט אין בהלה. אין פריען נאָכמיטאָג באַלד נאָכן אָפּמאַכן די לעקציעס — און אפשר האָט ער זיי אין גאַנצן נישט געמאַכט — האָט ער זיך באַוויזן פון ס׳ניי, איך האָב אים נישט געמוזט זען, כדי צו וויסן אַז ער איז דאָ: ער האָט הילכיק צו וויסן געגעבן וועגן זיין עקזיסטענץ, וועגן זיין אָנוועזנהייט, מיט וועלכער ער האָט מיך דערדריקט. איך האָב געמוזט איבעררייסן די אַרבעט, כ׳האָב פאַרלוירן די זעלבסטבאַהערשונג און אָוועקשטעלנדיק זיך ביים פענצטער, נאָכגעקוקט דעם פרא־אדם. און ווען ער האָט איבערגעריסן, האָב איך אים אויס־געקוקט, זיך איינגעהאָרכט, געוואַרט אויף דעם קלאַנג, כדי אויסצומיידן אַן איבעראַשונג. כ׳בין ווי פאַרלאָפן דאָס פלוצעמדיקע דערהערן פון דעם טרומייטערן.

נישט איין מאָל האָט זיך מיר געוואָלט שרייען, רופן, נאָר איך האָב יעדעס מאָל אָפּהענטיק זיך צוריקגעצויגן. איך האָב געקענט די בייזוויליקייט פון קינדער, וועלכע זענען זיך באַוווסט פון זייער אויבערמאַכט, ווען די דערוואַקסענע ווייזן זיי אַרויס זייער אומבאַהאָלפנקייט. צי האָב איך אים באַדאַרפט זאָגן, אַז זיינע מוזיקאַלישע אויפטועןן שפּילן מיר אויף די נערוון, אַז זיי שטערן מיר אין דער אַרבעט? דאָס וואָלט אים גראָד צוגעדינט... אַזאַ מעלדונג וואָלט אים צוגע־געבן מוט און דאָס "מוזיצירן" וואָלט געווינען אַ צוגאָבלעכן ציל און זין — דערגיין די יאָרן.

כ׳בין געווען אויסער זיך. אָבער צום ערגסטן איז געווען אין די יום־טוב־טעג און אין צייט פון פעריען. ער האָט געהאַט צייט, אַ סך פרייע צייט, און ער האָט זיך געטראָגן איבער דער שכונה און געטרומייטערט ווי אַ באַנומענער מיט ווילייבגלערישער קראַפט. עס זענען נישט געווען קיין לימודים, ס׳איז נישט געווען — נישט קיין גרויסע, נישט קיין קליינע הפסקה, עס איז בלויז געווען די צייט פון מיין גרויסער אויפגעבראַכטקייט.

איך בין נישט געווען פאַראייבזאַמט אין מיין פאַרביסענעם באַגער צו דערגאָ־בערן אַ פּיצל רו. אין אַ געוויסן טאָג איז מיין שכן, וועלכער האָט געוווינט אונטער מיר — אַ יונגער מענטש מיט שוואַרצע וואָנצעס און שרעקלעך שוואַרצע אויגן — אַרויסגעגאַנגען פאַרן הויז און, אָוועקשטעלנדיק זיך אויף דעם ראַנד פון טראָטואַר ביים סאַמע וועג, האָט ער נאָכלעסיק אונטערגעשפּאַרט זיך מיט די הענט, אַרויסגערוקט איין פוס און פאַרקוקט זיך סתם אין דער וועלט אַריין. דער ראָוועריסט האָט גראָד דאַן געמאַכט אַ קרייז און אָנגענומענדיק דעם רודער מיטביידע הענט, געפאָרן אַראָפּ אין דער ריכטונג פון מיין פאַרקוקטן "סתם־אין־דער־וועלט־אַריין" שכן. און ווען דער ראָוועריסט האָט אים געמיטן, האָט מיין שכן מיט אַן האַסטיקן אומדערוואַרטן פליק אַראָפּגעריסן די גומקע פון טרו־מייטערל. ער האָט זיך גלייך שוין אויסגעדרייט, געלאָזט זיך גיין אין דער ריכטונג פון הויז און באַמערקנדיק מיך אין פענצטער, ווי געגעבן צו מיר אַ ווונק..

איך האָב געוואָלט צו אים אַ געשריי טאָן — בראַוואָ! אַ דאַנק, נאָר ער איז גלייך פאַרשוווּנדן אין טויער.

דאָס יאַטל, איבערראַשט און פאַרוווּנדערט פון האַסטיקן, טרעפלעכן אָנגריף, איז שטיין געבליבן און נאָכגעקוקט דעם אַוועקגייענדיקן. עס האָט אויסגעזען, ווי ער זאָל נאָך נישט האָבן באַגריפן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. דערווייל האָט מיין שכן זיך באַוויזן אין פענצטער אונטער מיר. די בליקן פוןביידע קעגנער האָבן זיך צונויפגעטראָפן. די אויגן פון ייִנגל האָבן נישט אויסגעדריקט נישט קיין ליבע און נישט קיין פאַראַכטונג. איך בין דעם שכן געווען דאַנקבאַר. עס איז צוגעפאַלן אַ סעפּטעמבער־אָוונט, איך האָב לייכט אָפּגעאָטעמט — ער איז געווען אַ זייער מילדער מיט אַ טראָפּעלע קעלט, וואָס לאָזט איבער נאָך דער נאַכט אַ שראַן אויף די פּאַלמעס און אויף דעם גראָז.

איך האָב זיך געזעצט צו דער אַרבעט ערשט אויף־צומאָרגנס. און אויף־צומאָרגנס האָט דאָס יאַטל מיטן ראָוער זיך באַוויזן מיט אַ נייער גומקע. ער איז אָבער נישט געפאָרן מער איבער דער שכונה, נאָר זיך אַוועקגעשטעלט גלייך לעבן אונדזער הויז, כמעט אונטער דעם פענצטער פון זיין פאַרפאַלגער, און במילא גלייכצייטיק אונטער מיינעם און — ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שגעון. ער האָט נישט מורא געהאַט, דאָס הויז איז געווען דערוויטערט אויף עטלעכע מעטער פון טראָטואַר און פון דעם שאָסיי און, האַלטנדיק דעם פוס גרייט אויף דעם פּעדאַל, איז ער געווען אין שטאַנד יעדע רגע שנעל אָפּצוציען, ער האָט די האַנט צונויפגעדריקט און לויז געמאַכט, און דער טרומייטער האָט אַרויסבאַ־קומען פון זיין פשוטן אינגעווייד אַ קול, וואָס האָט זיך אויסגעדאַכט צו זיין פול מיט פאַראַכטונג, אַ מין אויסגעצויגענער ציגענער מע־מע־מע, וואָס לאַכט אונדז אויס, שפּעט אָפּ פון אונדז. ווער קען נישט די פאַראַכטונג, וועלכע איז פאַר־שטאַרקט דורך אַ מעכאַנישן קלאַנג, אַן אייגנטאַניקן און פוילן אין זיין אָרעמער מאָנאָטאָנישקייט. כ׳האָב פאַרשאַלטן דעם שכן און ער, אַן איבערגעבויגענער איבער דעם פענצטער האָט זיך נישט צוריקגעצויגן. איך האָב געזען פון אונטן זיין קאָפּ מיט די שוואַרצע האָר, און איך האָב אין האַרצן געשאָלטן דעם עקשן. ווען ער ציט זיך צוריק, וואָלט יענער אפשר אויפגעהערט זיין שפּיל. אָבער ניין! ער איז שווייגנדיק געשטאַנען ביים פענצטער און מיט זיין אַנוועזנהייט פּראָ־וואָצירט דעם קעגנער. זיי האָבן געקוקט איינער אויפן אַנדערן, צייטנווייז האָט דאָס ייִנגל איבערגעטראָגן זיין בליק העכער און דעמלט האָב איך געזען זיינע אויגן. וויפל פאַראַכטונג איז געווען אין דעם בליק, וואָס פאַר אַ טריומפירנדיקע איבערמאַכט איבער אונדזער שווייגן.

און אַזוי טאָג־טעגלעך. באַלד נאָך דער שול, נאָכן מיטאָג, וועלכן אונדזער פאַרפאָלגער האָט זיכער געגעסן אין איילעניש, האָט ער צוריקגעקערט אויף זיין פּאָזיציע ביים הויז, כדי אָנצוהייבן זיינע צולהכעיסדיקע שטיק, זיין ווילדן קאָנ־צערט, וועלכן איך האָב אויפגענומען מיט גוואַלדיקער אויפרעגונג.

מיין שכן האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געליטן אַ מפּלה און איך האָב פאַר־

שטאַנען, אַז פון מיין זייט וועלן איצט קיין שום באַמיונגען און קיין שום אינטער־וועגץ נישט האָבן קיין פּעולה. ער האָט דאָס געטאָן נישט קעגן מיר, ער האָט זיך נוקם געווען אין זיין פערזענלעכן שונא. מיין פאַרביטערונג איז בלויז אַ דרך־אגבדיקער פּועל־יוצא. אַזוי אַרום האָב איך נאָך מערער געליטן צוליב דעם נישט באַטראַכטן טאַט פון מיין שכן. און איך האָב אים פריער נאָך געוואָלט ליבן דערפאַר...

* * *

ס'איז געווען אין אָוונט פון דעם צווייטן טאָג פון דער מלחמה. די שטילקייט, וועלכע האָט זיך געטראָגן פון די אָפענע נישט באַלויכטענע פענצטער; די שוואַרצקייט, וועלכע האָט אַראָפּגענידערט פון אויסגעשטערנטן הימל אויף די גאַסן מיט אויסגעלאָשענע לאַמטערנס, דער אומרו און די שטים פון ספּיקער, וועלכע האָט אין די פּלוצימדיקע הפסקות פון פּליטן־מוזיק געגעבן סיגנאַלן און פאַראַלן פון צוויי צוזאַמענגעשטעלטע ווערטער, יעדעס מאָל פון צוויי ווערטער, וועלכע איך האָב נישט נאָר געהערט, נאָר אויך געזען — אַלץ צוזאַמען האָט אויפגעלעבט דאָס אומפאַרגעסלעכע בילד פון מלחמה, וואָס האָט נאָך יאָרן ווידער געמאָלדן זיין אָנוועזנהייט. איך בין געשטאַנען פאַרן הויז, די גאַס איז געווען ליידיק און די גרילן האָבן הויך און שאַרף געזונגט די נאַכט, אַן איינגעהילטע אין שיין פון דער לבנה. זי איז געווען אַ גרויסע, אַ קלאָרע און קאַלטע.

עמעצער איז אָנגעקומען פון אונטערן בערגל אויף אַ ראָווער, כ'האָב געזען דעם סילועט, וועלכער האָט זיך דערנענטערט. ער האָט זיך פאַרהאַלטן ביים קעגנאיבערדיקן טראָטואַר, מיט אַ האַנט־לעמפּל באַלויכטן דעם טויער, דערנאָך האָט אַ שמאָל שטראָמל ליכט זיך פאַרהאַלטן אויף דעם טעוועלע מיטן נומער און אויף דער האַנטפלאַך מיט צעטלען, וועלכע דער ראָווערניסט האָט וואַרשיינלעך געלייענט. צום סוף האָט ער אָנגעשפּאַרט דעם ראָווער אין טויער און זיך פאַר־נומען אַריינצוגיין, ווען דאָס ליכט פון לעמפּל האָט געוואָרפן אַ שיין אויף זיין פּנים. דאָס איז געווען מיין ראָווערניסט. אין דעם חושך און אין דער שטילקייט האָט ער באַזוכט כמעט דירה נאָך דירה, ווו מען האָט אים אויפגענומען, נישט אָנציינדנדיק קיין ליכט. איך האָב אים נאָכגעקוקט ביז ער האָט דערגרייכט צום ראָג פון דער גאַס און צוריקגעקערט. איצט איז ער געפאָרן אַראָפּ־צו מיט דעם גוט באַקאַנטן אים וועג און ווידער זיך פאַרהאַלטן ביי די הייזער, אין וועלכע ער איז פאַרשוווּנדן אויף קורץ. דערנאָך האָב איך דערהערט אַ גרילץ פון דער קייט, די רעדער האָבן אַרויסגעגעבן אַ שטילן שאַרך און זיך פאַרהאַלטן לעבן מיר, דאָס יינגל האָט אָנגעשפּאַרט דעם ראָווער אין זיין זייט, מיטן לעמפּל באַ־לויכטן דאָס מעלד־צעטל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט, און מיט אַ פאַרשלאָפן קול געפרעגט אויף וועלכן שטאָק עס וווינט... ער האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון מיין שכן און פאַרלאָשן דאָס לעמפּל.

— אויפן ערשטן — האָב איך געענטפערט — וואָס האָסטו דאָרט פאַר אים?

— אַן אויפפאָדערונג. און ער האָט איבערגעחזרט: — אויפן ערשטן?

— דו ווייסט ווער דאָס איז ?

— איך ווייס, אָבער איך האָב נישט געוווּסט, ווי ער הייסט.

איך האָב געזאָגט:

— גיב עס מיר, וועל איך דאָס אים איבערגעבן.

— צוליב וואָס ?

— דו ווייסט צוליב וואָס.

— צוליב דעם!? — האָט ער געזאָגט אַרויסרופעריש — מען האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל עס איבערגעבן פערזענלעך.

— דיר קאָן זיין פריקרע.

— פאַרוואָס ? — זיין שטים האָט געקלונגען פאַרריסן.

— דו ווייסט פאַרוואָס.

— ביין, ס'איז מיר נישט פריקרע, — און איבערגעבנדיק מיר דעם ראָווער, האָט ער צוגעגעבן:

— האַלט אים צו, איך איל זיך.

כ'האָב דעם ראָווער אָנגענומען ביים רודער. מעגלעך, אַז ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז איך האָב געמאַכט מיט דער האַנט נישט קיין געהעריקן זשעסט, ווייל ער האָט צוגעגעבן:

— מען טאָר נישט.

— כ'ווייס, אָבער עס וועט נאָך זיין דערלויבט.

— פון וואַנען ווייסטו ?

— איך בין זיכער.

— אפשר שוין נישט... ער איז אַנטשוויגן. און שנעל, מיט איין אָטעם, האָט ער צוגעגעבן: דער טאַטע איז אַוועקגעגאַנגען נעכטן, דעם ברודער האָב איך איבערגעגעבן אַן אויפפאָדערונג מיט אַ שעה צוריק.

— מען וועט זיכער מעגן.

— ביסט זיכער ?

— אַך, וואָס זענען דאָס פאַר אַ רייד! אַנדערש קאָן גאָר נישט זיין.

איך האָב געהאַלטן דעם ראָווער און ער האָט זיך דערווייטערט. אין דער שטילקייט האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פון גלעקל אין דער וווינונג פון מיין שכן. און ס'איז ווידער געוואָרן שטיל. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: גאָט, אויב דו ביסט פאַראַן, מאַך, אַז ער זאָל מאָרגן ווידער קאָנען ווילדעווען אויף אונדזער גאַס. מאַך, אַז אַלע זאָלן זיך אומקערן און זאָל ער אונדז דערגיין די יאָרן ביי־נאַכט און בייטאָג, ביינאַכט און בייטאָג.

יידיש: ד. ס.

## שלמה רויטמאַן

### פון די "סאָנעטן צו ישראל"

### צום כותל המערבי

(טרילאָגיע)

ביסט טראָץ יאָרטויזנטער, מיין וואַנט, געבליבן שטיין,
זיי האָבן מאָך דיר געלאָזט און זייער מראה;
איעדער וואַרפט לעם דיר אַראָפּ פון האַרץ זיין שטיין,
מע וואָלט פון זיי געקענט דיך בויען ביז דער כמאַרע.

ווער שפּאַרט ניט אָן אויף דיר זיין צער און זיין געוויין,
סע קנייטשן אַלע דיינע שפּאַלטן, דוכט, זיך שטאַרע,
ווי דו וואָלסט זיין דער שטערן גאָר פון פאָלק אַליין, —
אָט אונטער דיר דאָך בליצן אויגן זיינע קאַרע.

מיט טרערן שטיינערנע כ׳וואָלט נעבן דיר אויך וויינען,
אַז אונטערמוליעוועט איך זאָל ניט דיין יסוד,
כ׳וואָלט נעבן דיר פון האַרץ געוואָרפן בערג מיט שטיינער,

נאָר ניט אויף אויפשטעלן דיין מיקדש אין מיין שטאָט;
דו ביסט אַזאַ מין אויסגעוואַשענע און ריינע,
אַז בלייבסט דאָס היכל שוין דאָס איינציקע פאַר גאָט.

✶

פון וועלכן צאַרטן שטיין ביסטו געמאַכט,
וואָס נאָר פאַר דיר האָב איך מיין האַרץ געעפנט?
כ׳וואָלט דיך באַצירט מיט שענסטע באַרעליעפן,
נאָר וואָס איז דיר די אויסערלעכע פּראַכט,

אַז ס׳איז אַריינגעפּאַסט מיט אַזאַ מאַכט
אין אַלע דיינע שפּאַלטן, ווי אין נעפּן,
דער פּערל, וואָס אין ים איז ניט צו טרעפן, —
די טרער, וואָס אונדזער פאָלק האָט דיר געבראַכט?

דערפֿאַר דער מינדסטער שטיין אין דיר ניט שווייגט,
דו ביסט היינט זאַט מיט יענעם הונגער־שטרייק,
וואָס פֿאַר מיין גורל פירן מיינע ברידער ;

היינט קומט מען מיט געזאַנג צו דיר צוגיין,
דו ביסט געווען די וואַנט פון מיין געוויין,
איצט ביסטו שוין די וואַנט פון גאָלע לידער.



דו ביסט די וואַנט פון פֿאָלקישע געזאַנגען,
מיט קעמפערישע הענט, מיט הייסע קעפּ,
איז ביסטו שוין אין גאַנצן איצט באַקלעפּט,
ווי גלייך מיט קרענץ פון וויינטרויבן און זאַנגען,

מיט ברויזנדיקער יוגנט ביסט באַהאַנגען,
מיט מיידלעך ווי מיט צוויט דו ביסט פאַרוועבט,
מיט קינדער, ווי מיט בלעטעלעך, באַלעבט —
באַהויכט ביסטו מיט אונדזערע פאַרלאַנגען.

ביסט אונדזער באַריקאַדע און באַלעמער,
דו ביסט דער ריז, וואָס נעמט אויף זיינע אַקסלען
די זון מיט דער לבנה, ווי צוויי עמער,

און די באַגיסט מיט זיי מיין גייסט. מיין ערד,
אַז אַרום דיר זאָל נאָר די פרייהייט וואַקסן,
ס'זאָל זיין די ליכט דיין אייניציק־איינע טרער.



## צו ירושלים

ס'האָט אין זיין זנות געוואָלט דיך טרענקען בבל,
דער יוון איבערמעקן האָט געוואָלט
דיין פייערדיקן גייסט, וואָס האָסט מיט גאָלד
און הייליקייט פאַרשריבן אויף די טאָוולען.

ס׳האָט רוים געוואָלט דיך מאַכן פאַר אַן אָבל,
האָסט זיך דעם מאוור ווי אַ מעטשעט געמאָלט,
פון די — אַן אָרון שמידן האָט געוואָלט
פאַר קריסטן דער ריטער, ווי אַ קאָוועל,

אַ ווילדקע נאָר געווען ביסט פאַר דעם טערק,
פאַר דעם בריטאַן — אַ בלוטמאַרק צווישן מערק,
נאָר דו, ווי שטענדיק, בלייבסט ירושלים,

דו שטייסט אין הימל הויך אויף דיינע בערג,
און ווייל דו ביסט פון גאָט און פאָלק דאָס ווערק,
דו רעדסט מיט גאָט און מיט דיין פאָלק דיין פרייען.

## ט״ו בשבט

וייל גליקלעך איז דער טאָג אונדז אויסגעפאַלן,
איז היינט פאַר פלאַנצן ביימער מילד דער וועטער,
סע זעצט דאָס פאָלק, סע שרייבט מיט יונגע בלעטער,
מיט וואָרצלען־פענען, איינגעטונקט אין קוואַלן,

זיין גרינענדיקן גורל אונטער שטראַלן,
מיט זיינע הענט, ווי שאַפנדיקע געטער,
סע קערט שוין איבער גלייך ווי מאָרגן־בלעטער,
די שיכטן ערד, ס׳זאָל גאָרניט גיין פאַרפאַלן,

״מה נאה אילן זה ! . . .״, ווו רידלעך טאַנצן
אונטער די פיס, ווי שיין איז אָט דער בוים,
וואָס זינגענדיקע קינדערלעך פאַרפלאַנצן ;

אַזוי פאַרוואָרצלסט, ישראל, דיין טרוים,
און ס׳איז שוין פון דער טיף ביז הימל־רוים
איין וואַקסנדיקער וואַלד מיין פאָלק אין גאַנצן.



זעץ איין אַ בוים דאָרט אויך פון מיינעט וועגן
אין מידבר, צי אין וואַלד, צי אויף אַ באַרג,
אַלציינס וועט ער אַזוי דאָך וואַקסן שטאַרק,
ווי שטאַרק מיין בענקשאַפט איז נאָך דיינע ברעגן,

גיב דאָרט מיר טוי, דאָ האָב איך ניט קיין רעגן,
גיב דאָרט מיר לופט, מיין אָטעם דאָ זיך וואַרגט,
גיב דאָרט מיר זון, דאָ ליכט פאַר מיר מע קאַרגט,
גיב דאָרט מיר גרונט, דאָ וויאַנען מיינע וועגן.

פאַרזעץ אַ בוים פאַר מיר, ווי גלייך מיין צווילינג,
אַ העלפט פון מיר אין אים זאָל זיצן פעסט,
אַז ס'זאָל צו אים מיין צווייטע העלפט אין פרילינג

פאַרפליען, ווי אַ פויגל צו זיין נעסט.
דער פויגל קאָן אָן בוים ניט לעבן לאַנג,
און ס'שטאַרבט דער בוים אָן פויגלשן געזאַנג



ס'איז גאָרניט צו באַצאָלן, ישראל,
דיר פאַר דיין ברעג, דיין וואַסער און דיין שיין,
און פאַר דיין דאַך, דיין שאָטן, פאַר דיין ווייַן,
און פאַר דיין ברויט, וואָס האָסט מיט מיר געטיילט,

און פאַר דיין גרינס, דיין ברכה און דיין אייל,
און פאַר דיין שווייס, דיין רויז און פאַר דיין ליין,
און פאַר דיין ווונד, דיין זיג און פאַר דיין זיין,
און פאַר מיין האַרץ, וואָס האָסט מיר אויסגעהיילט.

נאָר אויב אָן לידער שניידט מען ניט דאָס ברויט,
און אויב אָן הימנען זיך דאָס לאַנד ניט בויט,
אויב אָן דער וויגליד עלנט ווייַנט די נאַכט,

אויב אָן געזאַנגען גייט מען שווער אין שלאַכט,
אויב אָן דער תפילה טרינקט דאָס געמיט,
איז מעג איך דיר באַצאָלן מיט אַ ליד.

## ז. ברכות

# אין זאַמדיקע קליידער

### (עפּיזאָדן)

שמי איז געלעגן אויפן בערגל הינטער דיביידלעך און אַראָפּגעקוקט צו די בלאָסע לעגיאָנערן, וועלכע זענען געווען אויסגעשטעלט פאַרן באַטאַליאָן צו הערן דעם פּסק־דין פון מיליטערישן געריכט. די פינף לעגיאָנערן פון קאָמפּאַניע סי. ווערן באַשולדיקט אין נאַכלעסיקייט. זיי האָבן געאַרבעט ביי די מויל־אייזלען. איינער פון די מויל־אייזלען האָט צעבראָכן אַ פוס. דעם משפּט האָבן שוין אַלע געוווסט. דריי ביז צען יאָר מיליטערישע תּפיסה.

— וואָלט מען אַן ענגלישן סאָלדאַט אַזוי באַשטראָפט? — שמי האָט נאָכגעקוקט די לעגיאָנערן.

די פאַרמשפּטע האָט מען אָפּגעפירט אין דער באַטאַליאָנער תּפיסה — אַביידל אַרומגערינגלט מיט שטעכיקע דראָטן — ביז מען וועט זיי אָפּפירן אין דעם באַטאַליאָן האָט מען צעלאָזט, אָבער קיין דערלויבעניש אויף צו פאַרלאָזן די ביידלעך האָט מען דעם טאָג נישט געגעבן. עס האָט אויסגעזען ווי דער קעמפּ איז אַרומגערינגלט מיט מיליטערישער פּאָליציי. דאָך איז מען געלאָפן. מען האָט ניט געקענט פאַרבלייבן רויק. מען איז געווען אויפגערעגט, מען האָט געוואָלט צעוואַרפן די ביידלעך, ווו די לעגיאָנערן זענען געווען פאַרשפּאַרט און זיי באַפרייען. מען האָט פּשוט געוויינט פון אויפרעגונג. איז מען געלאָפן פון קעמפּ אין דער נאָענטער יידישער קאָלאָניע.

— צו וואָס בין איך געוואָרן אַ לעגיאָנער — האָט זיך שמי געדרייט ווי פון ווייטיק. אין אַמעריקע וואָלט מען אים אין מיליטער ניט גענומען, אין מלחמה וואָלט ער ניט געגאַנגען. ער איז ניט קיין בירגער. ער איז דאָך געגאַנגען אין לעגיאָן — פאַרוואָס? ער האָט זיך דערפילט אַזוי, ווי ער האָט זיך געפילט מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז אַיין מאָל געווען אין דער הייל פון די מלכים.

פון איין הייל אין דער צווייטער איז ער געקראָכן. ער דערמאָנט זיך, ווען ער איז אַריין אין דער דריטער הייל, האָט ער זיך דערפילט שרעקלעך אַלט— אין דעם עלטער פון דער הייל. ער האָט זיך געוואָלט באַפרייען פון דער אַלטקייט, און אויסגעגלייכט זיין שווערן קערפּער, צעשלאָגנדיק דעם קאָפּ ביז בלוט.

— פאַרוואָס בין איך געגאַנגען אין לעגיאָן — האָט ער זיך געגריבלט, ניט האָבנדיק קיין ענטפער. אַלץ, וואָס ער האָט געטראַכט, האָט ניט געהאַט צו טאָן

מיטן לעגיאָן, ניט מיטן באַטאַליאָן, ניט מיט זיין לעבן אין אַמעריקע און ניט אפילו מיט ארץ־ישראל, און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט אַן עפּיזאָד פון זיין לעבן, וואָס ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן.

ער איז אַ יונג ייִנגל. שטודירט אין איינע פון די אייראָפּעישע שטעט. אין איינעם אַ טאָג האָט ער באַקומען פון זיין היים אַ בריוו. זייער שכנס מיידל, שרה דוואָשעס, פרעגט זיך נאָך אויף אים. קליינע קינדער, האָבן זיי געשפּילט צוזאַמען. זיין משפּחה אַן אָרעמע. אירע — פאַררעכנט פאַר די נגידים פון שטעטל. מען האָט אָנגעהויבן שרייבן בריוו. ער האָט איר דערציילט וועגן זיין שטודירן. זי האָט אים געהאָלפן, און אין אַ צייט אַרום איז זי געקומען אים באַזוכן.

אַן עלטער מיידל אין די שפּעטע דרייסיקער. גוטע איבערגעגעבענע אויגן און אַ ברייטע נאָז. אייניקע טעג האָבן זיי פאַרבראַכט. זיי האָבן זיך דערציילט — ער — וועגן זיין לעבן, זי — וועגן זייער שטעטל. זי האָט אים פאַרזיכערט, אַז זי וועט אים העלפן ענדיקן זיין לערנען. איר פאָטער האָט גענוג געלט.

— זי האָט זיך אומגעקערט — האָט ער פאַר זיך דערזען דעם צופאַל וואָס האָט זיי צעשיידט.

אין אַ רעסטאָראַן איז דאָס פאַרגעקומען. מיטאָג־צייט. זיי האָבן זיך געזעצט ביי אַ טיש, ווו עס איז שוין געזעסן אַ יונגע פרוי. קיין אַנדער אָרט איז ניט געווען. ער האָט זיך צערעדט מיט דער פרוי. דאָס מיידל האָט עס ניט פאַרטראָגן און זיך צעוויינט. אין האָטעל ביים וואַשן זיך האָט ער דערזען, ווי זי האָט אַרויסגענומען די ציין פון מויל. דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל גלייך פאַרלאָזן די שטאָט, פאָרן צוריק אין זייער שטעטל.

שמי האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי ער זאָל זוכן יענעם האָטעל, ווו ער האָט צום לעצטן מאָל געזען דאָס מיידל פון זיין שטעטל. אים האָט געוווּנדערט. צווישן די ביידלעך איז שטיל, אַ בית עולם. ניט געוויינטלעך פאַר אַן אָרט, ווו עס זענען פאַרזאַמלט טויזנטער סאָלדאַטן. מען הערט ניט דעם געוויינטלעכן טומל, ווי די שטילקייט זאָל זיך ציען פון יענע ביידלעך, ווו די פאַרמשפּטע זיצן. פון אַ ביידל ניט ווייט פון אים האָבן זיך דערהערט שטימען. איינע אַ וויינענדיקע, דינע. די צווייטע, אַ רויקע, גראָבלעכע.

— מיר טאָרן עס ניט דערלאָזן. מיר זענען דאָך סאָציאַליסטן. אַן ענגלישן סאָלדאַט וואָלט מען אַזוי ניט באַשטראָפט. אָבער מיט אונדז ?

— מיר זענען יידישע לעגיאָנערן. דיסציפּלין איז דיסציפּלין — האָט דער צווייטער באַרויקט — מיר האָבן אָנגעטאָן די קליידער צוליב אַן אידעאַל.

— זיי ניט קיין נאַר. אָט די זאַמדיקע קליידער האָבן ניט קיין אידעאַלן.

שמי האָט זיך אַ באַוועג געטאָן, ווי ער זאָל וועלן אויפשטיין אָבער ער איז געבליבן ליגן איבערראַשנדיק די לעצטע ווערטער: די זאַמדיקע קליידער ווייסן ניט פון אידעאַלן.

די זון האָט אַראָפּגענידערט הינטער דעם ביידל פון דער קיך. שמי איז אַראָפּ פון בערגל. אין ביידל האָט ער געטראָפן חברה שפּילן פּאָקער.

— שמי אַ האַנט?
— וואָס וועט זיין מיט די פאַרמשפּטע?
— דער אַדיוטאַנט האָט געזאָגט, אַז מען וועט אַראָפּנעמען די שטראָף.
די ביידלעך פון די אינדישע סאָלדאַטן, ניט ווייט פון דעם יידישן לעגיאָן, האָבן זיך געוויסט אין דער אָנקומענדיקער נאַכט. די שפּיצן פון די ביידלעך האָבן זיך געריטלט אין די שטיקער פייער פון דער פאַרגייענדיקער זון. אַראַבער, אַרבעטער פון דער נאָענטער יידישער קאָלאָניע, גייענדיק פאַרביי, האָבן צוגע־וואָרפן "סאַידאַ" *. אַן אַראַבער רייטנדיק אויף אַ קליין אייזעלע האָט געשלעפט זיינע פיס איבערן זאַמד. זיין פרוי, מיט אַ גרויס בינטל האָלץ אויפן קאָפּ, איז אים נאָכגעגאַנגען. שמי האָט זיך ניט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג וואָס ער טוט. ער איז אַראָפּ פון בערגל צום אַראַבער. אַראָפּגעוואָרפן אים פון אייזעלע, געהייסן זיין פרוי פאַרנעמען זיין אָרט און איז אַוועק מיטן וועג.
— אויב די זאַמדיקע קליידער ווייסן ניט פון קיין אידעאַל איז...
— באַקשיש חאַוואַדזשאַ — האָט ער דערזען פאַר זיך אין ברייט־בלאָע קליידער אַ הויכע אַראַבקע. אירע אויגן אונטערגעפירט מיט שוואַרצן. די גאַמבע באַמאָלן מיט דריי בלאָע שטערנדלעך. שמי האָט זי אָנגענומען פאַר דער האַנט, געגעבן איר דאָס קעסטעלע איינגעמאַכטס, וואָס ער האָט געהאַלטן און אַראָפּ־געפירט זי אין נאָענטן טאָל. זי האָט זיך ניט געוועהרט.

* * *

— שטייט אויף, שטייט אויף, געגוג שלאָפן — וועקט דער האָרן. פון ביידלעך לויפן אַרויס סאָלדאַטן. וווּנדערן זיך: וואָס אַזוי פרי. מען לויפט זיך אייננוואַשן, ראַזירן. אין איילעניש טראָגט מען אַרויס און מען צעלייגט פאַרן ביידל די שלאָף־זאַכן לויט די מיליטערישע רעגלען. מען פילט אָן די וואַסער־פלעשלעך. און דער אָרדער־סערדזשאַנט שרייט שוין מיט זיין הוסטנדיקן קול:
סי. קאָמפּאַני, אָן פאַרייד. סי. קאָמפּאַני, אָן פאַרייד!
מען וווּנדערט זיך — "פאַרייד" אַזוי פרי. מען שטעלט זיך אין גלייכע שורות, ווי אַלע אין דער פרי, מיט די עס־כלים אין די הענט. דער סערזשאַנט רופט אויס אַ צאָל נעמען. דערקלערט, אַז די אַלע דאַרפן גלייך גיין עסן פרישטיק און זיין גרייט איבערצונעמען היטן די טערקישע געפאַנגענע. זייערע פעק זאָלן זיי ברענגען צום "גאַרד הויז". די דערמאָנטע זענען זיך צעלאָפן אויספירן דעם באַפעל. גלייך איז געקומען אַ צווייטער באַפעל:
— היטער פון די געפאַנגענע אָן פאַרייד!
די אויסגעקליבענע האָבן זיך ווידער צעשטעלט אין גלייכע שורות. ווידער דורכגעמאַכט די פאַר איבונגען אָן וועלכער קיין "פאַרייד" הויבט זיך ניט אָן. ווידער האָט מען אויסגערופן די נעמען. קיינער האָט ניט געפעלט. ווידער אַי־בונגען. דער סערזשאַנט האָט געשריען: רעכטס, לינקס, גלייך שטיין. צייל אויס.

* אַ באַגריסונג אין אַראַביש.

שטעל זיך אין פיר. אין צווייען. אין פירן.

— ווייטשעפּעלער שניידער — האָט מען זיך געבייזערט צווישן זיך.

ביין אַ זייגער האָט מען פאַרלאָזן דעם קעמפּ. דאָס גיין ביז די געפאַנגענע, איין שעה צייט. מען איז געגאַנגען, געשטיפּט, געלאַכט. פּטור געוואָרן פון די אָפיצירן, סערזשאַנטס און אין אַלגעמיין פון דער מיליטערישער רוטין אין אַ קעמפּ. אַ גאַרד האָט זייבע אייגענע געזעצן. דער אָפיציר פון גאַרד, איז דער ייד שפּערלינג, וועמען אַלע האָבן זייער ליב געהאַט.

— לינקס, רעכטס, לינקס, רעכטס, איינס, צוויי, דריי — האָט דער סערזשאַנט געציילט די טריט.

— פריי גיין — האָט דער אָפיציר באַפוילן. מען איז געגאַנגען, געזונגען פאַרשידענע לידער. שמי איז אויך אַ צופרידענער געגאַנגען, געזונגען, געשטיפּט. אָבער פלוצים האָט ער ווידער אַ טראַכט געטאָן:

— די זאַמדיקע קליידער זענען אָן אידעאַלן. מיין איצטיקער אידעאַל איז דער באַטאַליאָן, היטן די טערקן, ניט פאַרשעמען די יידן און זיין אַ גוטער ענגלישער סאַלדאַט. וועט דאָס העלפן? און חברה שטיפן זינגענדיק:

זשאַבאָטינסקיס לעגיאָנערן
אַי, אַי, לעגיאָנערן
מוזן דאָ פאַרפינצטערט ווערן
אַי, אַי פאַרפינצטערט ווערן.

זשאַבאָטינסקי מיט זיין אַרמיי
אַי, אַי זיין אַרמיי
מען דאַרף זיי געבן קייען שטרוי
אַי, אַי קייען שטרוי.

אונדזער רויטער מגן דוד
אַי, אַי מגן דוד
נעמט דאָס געלט און גיט אונדז כבוד
אַי, אַי כבוד.

און אונדזערע קאַלאַניסטן
אַי, אַי קאַלאַניסטן
הייסן אונדז זיך רע־ענליסטן
אַי, אַי רע־ענליסטן.

געבויט ביי יידן ניט ביי רוימער
אַי, אַי ניט ביי רוימער
היינט וואָס טוען די אויסטראַליער אין די בוימער
אַי, אַי אין די בוימער.

— ניט דאָס ליד, ניט דאָס ליד — האָט דער אָפּיצער געמאַכט מיט דער האַנט — זינגט.

— ער האָט אַ מיידל אין ראשון — האָבן חברה געשפּאַסט.

אָבער דאָ האָט מען שוין דערזען די צוים פון די געפאַנגענע. שפּעט נאָך האַלבן טאָג האָט מען פאַרענדיקט די מיליטערישע פאָרמאַליטעטן פון איבערנעמען די "גאַרד". די יידישע לעגיאָנערן האָבן פאַרביטן די אינדישע סאָלדאַטן. שמי איז געבליבן די ערשטע צוויי שעה היטן. מיט אַ באַזונדער בייגער האָט ער אָנגעקוקט די געפאַנגענע, וואָס האָבן זיך פויל געשלייכט צווישן די ביידלעך אין זייער שטאָט. זיי ווייסן — ווייטער פון די דראָטן קענען זיי ניט גיין. איילן זיך האָבן זיי ניט וווהין. צייט האָבן זיי גענוג. באַוואָקסענע, פולפליישיקע שווערלייביקע.

ניט ווייט פון צוים, נעבן אַ ביידל, זענען געזעסן אין אַ קאַראַהאַד, אַ צאָל טערקן און אויפמערקזאַם נאָכגעקוקט די קלענסטע באַוועגונג פון שמי, וועלכער האָט געשפּאַנט ביי דער זייט פון צוים. איינער פון זיי האָט אים געוויזן אַ קליינעם שלאַנג געמאַכט פון גלעזערנע קאָרעלן אָנגעצירעוועט אויף אַ פאָדעם. מיט די פינגער געוויזן אים, אַז ער וויל נאָר פינף פּיאַסטער פאַר דער שלאַנג און אין דער אייגענער צייט געלויבט: — הינדו מוש טאיב (נישט גוט) יהוד גוד.

שמי האָט ניט געהערט און ניט געזען. אַ היטער ביי די געפאַנגענע דאַרף זיין שטום און טויב. פאַרבאָטן צו האָבן וועלכע עס איז באַציונגען מיט די געפאַנגענע. איינער אַ יונגער, ברוינהויטיקער, מיט שעפּסענע אויגן, איז צוגעקומען נאָענט צום צוים — יהודי גוד, הינדו טאיב — שמי האָט אים באַפוילן אַוועקגיין.

— יהודי נאָ גוד — האָט דער טערק אויסגעשפּיגן.

ווען שמי איז אריינגעקומען אין ביידל נאָך דעם, ווי ער איז פריי געוואָרן פון וואַך, האָט דער אָפּיציר געהאַלטן אַ רעדע פאַר די סאָלדאַטן און אָנגעזאָגט, אַז זיי טאָרן ניט האָבן קיין מגע ומשא מיט די געפאַנגענע. ער האָט שאַרף באַטאָנט: — איר דאַרפט וויסן, אַז איר זייט ענגלישע סאָלדאַטן.

דעם גאַנצן פאַרנאַכט האָט שמי ניט געקענט אָפּטרעטן פון דער צוים. אַ שאַרפער בייגער האָט אים ניט אָפּגעלאָזן. ער איז געזעסן ביי דער צוים און נאָכגעקוקט די געפאַנגענע. ער זעט, ווי זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אין איין שורה הינטער איינעם, וואָס איז געשטאַנען פאַרויס אַ פאַר שפּאַן. זיי האָבן נאָכגעטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן. איז ער געפאַלן אויף די קני, האָבן אַלע געקניט. איז ער אויפגעשטאַנען, זענען אַלע אויפגעשטאַנען. האָט ער זיך געבוקט קניענדיק, האָבן אַלע נאָכגעטאָן. עס האָט אויסגעזען אין דער אָנקומענדיקער נאַכט, אַז זיי גיסן זיך צונויף מיט דער ערד. מען האָט ניט געקאָנט זען, וווּ איז ערד און וווּ איז מענטש.

נאָך דער תפילה זענען אייניקע אַריין אין די ביידלעך. מערסטע האָבן זיך אויסגעזעצט אין אַ גרויסן קאַראַהאַד. פיר האַלב נאַקעטע טערקן זענען אַריין אין מיטן קאַראַהאַד. געשפּאַצירט אַ ווייל, ווי זיי זאָלן וועלן ווייזן זייערע הויכע

מוסקולן. צוויי פון זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט. אַ פּאַטש געטאָן איינער דעם צווייטן איבער די נאַקעטע אַקסלען, איינער אין צווייטן אָנגעשפּאַרט מיט זייערע קעפּ. געפּרוווט אומוואַרפן. געשטאַנען אַ לענגערע צייט. אין דער שטילקייט האָט זיך געהערט זייער שווערער אָטעם. די גאַנצע וואָך איז געשטאַנען ביי דער צוים, נאָכגעקוקט דאָס ראַנגלען זיך פון די צוויי אַטלעטן.

שמין האָט דער שאַרפער שווייס פון זייערע לייבער געשטיקט. אין די שלייפן האָט אים געקלאַפּט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער געפינט זיך אין דעם אָפּגעצוימטן אָרט.

די קעמפנדיקע האָבן זיך אָפּגעטיילט איינער פון צווייטן. זיי האָבן געקרייזט איינער אַרום דעם צווייטן, אויסשפּירנדיק ווו אָנצוכאַפּן, און ווידער זיך אַרומגעכאַפּט. זייערע טונקעלע פיס טיף איינגעגראָבן אין דער זאַמדיקער ערד. שמי האָט געציטערט פון אויפרעגונג. ער האָט ניט געהערט דאָס אויסרופן פון די לעגיאָנערן. אויסגעשריי פון די טערקן. אַ הייטל האָט פאַרצויגן זיינע אויגן און ער האָט דערזען אונטער די קעמפנדיקע שפּאַלט זיך די ערד. פון דאָרט ווייזט זיך אַ פיגור אין אַ לאַנגער קלייד, אויגן ווי שטערן, אויפן קאָפּ אַ קראַנץ פון זאַנגען. די הענט צעשפּרייט. ער זעט ווי די געפאַנגענע קניען, ציען זיך צו איר. אין זיינע אויערן קלינגט די וואָרענונג פון אָפּיציר — איר זענט ענגלישע סאָלדאַטן.

שמי זעט, ווי די קניענדיקע פאַרהויבן זייערע קעפּ און מיט פאַרבראָכענע הענט זינגען זיי אַ ליד אָן ווערטער — אַ ליד, אַ געבעט, פול מיט ליידן און הייסן באַגער. דאָס געשטאַלט האָט זיך געבויגן צו יעדן באַזונדער, אָנגערירט און אין איינעם מיטן געזאַנג צעשפּרייט געוואָרן אין דער נאַכט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ צייכן, האָט זיך דאָס שטילע געזאַנג אַרויסגעריסן מיט אַ באַזונדער שטאַרקייט און רעש. צוויי פון די געפאַנגענע האָבן אָנגעהויבן טאַנצן, צוערשט שטיל, רויק, געלאַסן, און וואָס ווייטער, אַלץ האַסטיקער, צערייצטער, ליידנשאַפטלעכער.

שמי, שמי, האָט ער דערהערט זיין נאָמען — בייטן די גאַרד! האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף. ווען ער איז אַרויסגעקומען מיט זיין ביקס צו דער צוים, זענען שוין די טערקן געווען אין זייערע ביידלעך.

## מאיר חרץ

# שטערן אויפן הימל

## אין באר שבע

איך קוק און איך זע, אברהם אבינו
טרעט אויפן דאָזיקן טראָטואַר
און אויף דער אימפּראָוויזירטער בינע
ער האַלט אַ רעדע ווי אַ שר.

זיין שטעקן איז נאָך פון תרח׳ס צייטן,
נאָר אויפן קאָפּ ער טראָגט שוין אַ הוט,
ער איז אויף אַן אייזל געקומען צו רייטן
צום היינטיקן יום העצמאות.

דאָס אייזל געלאָזט ביים פאַרשווונדענעם טויער,
דעם מאַנטל־טלית אויסגעטאָן
און זיך פאַרקוקט אויף דער וויסער־בלויער
יצחקדיקער ישראל־פאָן.

די אייניקלעך — אַלטע באַיאָרטע יידן
און יונגע חברה מיט בערד,
פון אַלע ווילדע וועלט־יאַרידן
צום זיידנס ברונעם זיך אומגעקערט.

ס׳איז שווער דאָס וואַסער אַרויסצובאַקומען
פון ברונעמס טיפן, פון דער טיפקייט פון צייט,
נאָר אויסגעשליפן איז דער ברונעם
און ס׳לוינט זיך צו קומען פון אַלדי ווייט.

אין שווייס פון פּנים איר וועט דאָ פאַרדינען
דעם לויטערן טרונק, דאָס וואַסער־קרישטאָל.
סע שמעקט באר שבע מיט אברהם אבינו,
וואָס כ׳האָב געזען היינט ערלעכע מאָל.

## שטערן אויפן הימל

און דאַנקען גאָט, די שטערן האָבן ווידער
באַוויזן זיך אין הימל ווי אַמאָל
און ווידער קלינגען אַלטע שטערן־לידער
און טאַקע ווידער און טאַקע נאָך אַ מאָל

דאָס זעלבע לאַנד. די זעלבע שטערן ווידער,
וואָס שיינען ווידער איבער באַרג און טאָל,
פון בבל ברענגט מען היים די ציון־לידער
די ניט־באַפלעקטע לידער פון אַמאָל.

און ווער סע נעמט אונדז אויף מיט קידער־ווידער,
מיט בבל־דזשאַז, מיט הייזעריקן קול,
מיר ענטפערן: די שטערן האָבן ווידער
באַוויזן זיך אין הימל ווי אַמאָל.

ירושלים 27.10.74

## גורל

אַזוי איז מיר שוין באַשערט
אַרויפצוגיין פון אונטן,
צו קומען פון אונטער דער ערד,
פון אירע טיפסטע גרונטן.

אָט גיי איך אַרויף אויף טרעפּ,
אָט שטייג איך אַרויף אויף דעכער
און קאָן איך נישט גיין מער, שלעפּט
מיין גורל מיך העכער און העכער.

נאָר וואָס וועל איך טאָן, ווען סע טרעפט
(עס האָט שוין מיט וועמען געטראָפן),
אין מיטן פון שטייגן אויף טרעפּ,
מיין גורל ווערט אַנטשלאָפן?

## שוואַרצע יונגע בערד

די שוואַרצע יונגע בערד
פון יונגע לייט,
פון יונגע לייט,
וואָס טרעטן אויף דער ערד
און אויף דער צייט.
די צייט, די גראָע וואָר,
וואָס לייגט זיך אויף די האָר
פון שוואַרצע בערד,
זי לאָזט זיך ניט צעטרעטן ווי פון פערד
אַ ווערעמל אין וועג צעטראָטן ווערט.
ניטאָ קיין פערד,
נאָר יונגע לייט
מיט גראָע בערד,
וואָס טרעטן אויף דער צייט
און אויף דער ערד,
ביז וואַנען אַלע פאַלן זיי אַוועק
אין סאַמע־סאַמע־סאַמע מיטן וועג
און איבער זיי פון ערגעץ ווייט
די צייט די ניט־צעטראָטענע פאַרשייט
יאָגט אָן און שפּאַנט סאָלדאַטיש איבער זיי.
אַ ווייסער ווי
דאָרט פאַלט אויף גראָע בערד
ווי שניי,
אויף ווייסע בערד
פון יונגע לייט,
וואָס ניט צעטראָטן האָבן זיי די ערד
און ניט די צייט.

## איך האָב ניט ליב

איך האָב ניט ליב קיין פּאָעטן,
וואָס טרינקען בעסער פון מיר,
איך וועל זיך מיט זיי ניט פאַרוועטן
אפילו ניט ביי קיין ביר.

איך האָב ניט ליב די טרינקערס,
וואָס גיסן ביר אין בויך,
איך האָב ניט ליב די זינגער
וואָס זינגען אַרויס דעם רויך.

זיי מישן קאַווע מיט בראָנפן
און שפייען אויפן דיל
און רעדן פאַרשטעלט און פאָנפען
און טרעף, וואָס אַזעלכער וויל.

ער גלעט אַ מיאוסע נקיבה,
די אויגן שיכור און בלינד,
אין קאָפּ צעשפּילן זיך אייוון,
אין דר'היים איז קראַנק אַ קינד.

אָפּט רופט זיך אַזאַ מין "חתן":
"געוויסן פונעם דור",
ער גאַרט נאָכן לוויתן
און וואַרט אויפן שור הבור.

איך האָב ניט ליב קיין פּאָעטן,
וואָס טרינקען בעסער פון מיר,
איך וועל זיך מיט זיי ניט פאַרוועטן,
אפילו ניט ביי קיין ביר.

## סנאָבן

שטייט אַ שיינע פלאַש פון וויין,
כ'שאַר זיך צו צו איר,
רינט גאָר טינט אין מויל אַריין,
שפּיי איך אויף פּאַפּיר.
קומען סנאָבן באַלד צו גיין,
לויבן זיי מיין שיר.

און מע קוויקט זיך מיט מיין קוואַל,
מע אַנטציקט זיך מיט זיין רויש,
צו מיין שיינעם שטערנפאַל
שטעלן אונטער זיי אַ קויש,
טראָגן אים צום קיניגס זאַל
און מע שיט אים אויס,

מאַכט דער קיניג זיך ווי זיי,
אַז ער קוויקט זיך אויך,
אַז ער זעט אַ ווייסן שניי,
אַז ער זעט אַ בלויען רויך,
טו איך נאָך אַ לעצטן שפיי,
מערער האָב איך ניט קיין כוח.

## שענק מיר

שענק מיר נאָך אַ ביסל פּוסטקייט פונעם לעבן,
גיב מיר נאָך אַ ביסל פּוסטע פרייד.
אויב דו וועסט באַוויליקן מיר געבן,
וועל איך דאַנקען דיר מיט פּוסטע רייד.

סיי־ווי־סיי האָט אונדז די צייט געפאַנגען,
ניין חדשים פאַר אונדזער געבורט
און פון דעמלט זענען מיר פאַרגאַנגען,
באָטש מיט לוסט צום לעבן אָנגעגורט.

און פון דעמלט זענען מיר פאַראורטיילט
ביי דער מאַמע נאָך אין יונגן בויך
ווי סע זאָגט דאָס אַלטע קלוגע ווערטל:
אַלץ פאַרגייט ווי רויך.

שענק מיר נאָך אַ ביסל פּוסטקייט פונעם לעבן,
גיב מיר נאָך אַ ביסל פּוסטע פרייד.
אויב דו וועסט באַוויליקן מיר געבן,
וועל איך דאַנקען דיר מיט פּוסטע רייד.

ל. אָליצקי

# אַ יורד

## (סקיצע)

ווען עמעץ וואָלט אייך דערציילט די קומענדיקע טרוקענע פּרטים פון משה פיינמאַנס ביאָגראַפיע:

זייער פאָטער: אַ שטעטלדיקער פאַרמעגלעכער ייד. צו זעכצן־זיבעצן יאָר טרעט ער אַריין אין דער אוקראַיִנישער קאָמוניסטישער אונטערערדישער באַוועגונג און ווערט אַרעסטירט. אַרויסגענומען פון דער לויצקער תפיסה אויף קויציע, אַנטלויפט ער קיין קאַנאַדע, ווו ס׳געפינען זיך זיינע עלטערע ברידער. אויך דאָ, ווו די ברידער ווילן אים שטעלן אויף די פיס, זעצט ער פאָר זיין קאָמוניסטישע טעטיקייט, און תמיד ברענט די ערד אונטער זיינע זוילן. ווען ס׳ברעכן אויס די קאַמפן אין שפּאַניע, לאָזט ער זיך אַוועק אַהין פרייוויליק. ווערט פאַרוווּנדעט און שפּעטער אינטערנירט קיין פראַנקרייך. די צווייטע וועלט־מלחמה טרעפט אים אין ראַטנפאַרבאַנד, וווּהין ער איז אויסגעטוישט געוואָרן אויף אַ פראַנצויזישן אַרעסטירטן. דאָרט רייסט ער זיך אַנגענומען צו ווערן אין דער אַרמיי, אָבער דאָס געלינגט אים נישט צוליב דער ווונד וואָס ער האָט מיט־געבראַכט פון שפּאַנישן פראָנט. ס׳גיט זיך אים אָבער איין אָנגענומען צו ווערן אין דער אין ראַטנפאַרבאַנד געשאַפענער פּוילישער אַרמיי, און צוזאַמען מיט איר קומט ער קיין פּוילן. נאָך דער מלחמה פאַרבלייבט ער שוין אין דער אַרמיי, באַקומענדיק דעם ראַנג מאַיאָר, —

ווען עמעץ וואָלט דאָס אייך דערציילט, וואָלט איר זיכער געזאָגט אויף אים: אַ העלד!

און וואָס טראַכט משה פיינמאַן אַליין וועגן זיך?

קאָן אוודאי עמעץ פילאָסאָפירן אַזוי: אַן עמתער העלד איז באַשיידן, — דאָס איז די בעסטע פּראָבע פון העלדישקייט.

נאָר מיר ווילן די געשטעלטע פראַגע לאָזן דערווייל אַ נישט־פאַרענטפערטע אויף שפּעטער און דערציילן וואָס משה פיינמאַן זאָגט וועגן זיך, ווייל טראַכטן וועגן זיך ליגט נישט אין זיין טבע. דאָס טרעפט ביי אים זעלטן־זעלטן.

משה פיינמאַן איז אַ זייער באַרעדעוודיקער און באַרימערישער. הייבן הייבט ער אפילו אָן צו רעדן שטיל, און קיל, און פוילבלעך, דאַכט זיך. דערוואַרעמט זיך אָבער גיך. די וואַרעמקייט צעגייט זיך געהיים איבער אַלע זיינע גלידער און אַנטפּלעקט זיך פאַרן צוהערער אין דער אויפגעפלאַמטקייט פון זיין מאָגערלעך, פאַרוועלקט פּנים און אינעם פינקל פון זיינע כיטרע אויגן. דער פינקל קומט ווי פון דער טיף און פאַרשט דיך, צי דו גלייבסט זיינע רייד. זיינע ברעמען מרוזשקען זיך איין, ווי פון הנאה וועגן, און די אויגן באַקומען דאָס אויסזען פון פּיצינקע סערפּעלעך, וואָס זייערע שאַרפּעלעך שניידן זיך דיר אַריין אין געמיט... ביסלעכווייז דערוואַרעמען זיך אויך די צוהערער, ווי בעתן לייענען אַ בוך, וואָס דערציילט אומגלייבלעכע פּאַסירונגען מיט גענויקייט און זיכערקייט, וואָס מאַכט אין זיי גלייבן.

ערשט ווען ער גייט פון זיי אַוועק, משה פיינמאַן, פון די צוהערער, אָדער די צו־הערער פון אים, אָפּגעקילט פונעם אוממיטלבאַרן קאָנטאַקט מיט אים, טוען זיי אַ טראַכט: זאָל דאָס אַלץ אמת זיין?... אַז באַרימעריי איז נישט קיין פיינע מידה און מען קאָן מיט איר ביי קיינעם אין די אויגן נישט אויסנעמען, ווייסט יעדער. אָבער נישט יעדער, וויסנדיק דאָס, קאָן באַהערשן אין זיך דעם יצר־הרע פון באַרימען זיך... ווער־ווער, אַ העלד מוז דאָך אַוודאי קאָנען זיך באַהערשן. ווער האָט דאָס אַ מאָל אין חדר נישט געלערנט דאָס ווערטל: "איזהו גיבור, הכובש את יצרו" — ווער איז אַ העלד? דער וואָס באַקעמפט זיין יצר־הרע.

און ערשט קערן מיר זיך אום צו דער פריער געשטעלטער פראַגע: און וואָס טראַכט משה פיינמאַן אַליין וועגן זיך?

איז, ווי שוין געזאָגט — זיינע רייד און האַנדלונגען זענען, גאַרנישט אין פאַרגלייך, מערער ווי זיינע טראַכטונגען. זיי זענען נישט קיין פועל־יוצא פון פאַרטראַכטן זיך, פון אַריינטראַכטן און זיך דערטראַכטן. אַזוי גלייך ווי דער שטויס צום רעדן איז ביי אים — דאָס ווילן באַרימען זיך מיט רייד, אַזוי איז אויך ביי אים דער שטויס צו האַנדלען — דאָס ווילן באַרימען זיך מיט האַנדלונג.

משה פיינמאַן שטאָלצירט גאווהדיק מיט... משה פיינמאַנען אין אַלע פאַזעס פון זיין קאָמוניסטישער טעטיקייט.

דאָך טרעפט אויך, כאָטש זעלטן־זעלטן, ער זאָל זיך פאַרטראַכטן, משה פיינמאַן. האָט זיך דאָס געמאַכט ביי אים אויך איין מאָל פאַר אַ נאָווינע, ווען אין דער הויפּט־שטאָט פון פוילן איז, אומצוגלייבן און אומדערוואַרט, ווי אַ דונער, בעת איבערן קאָפּ לויטערט אַ בלויער הימל, דערהערט געוואָרן פונעם מויל פון אַ הויכגעשטעלטער פאַר־טייאישער פערזענלעכקייט די לאָזונג: יידן פאַרנעמען אין לאַנד צו פיל אָנפירנדיקע פּאָסטנס אויף די פאַרשידענע געביטן; ס'דאַרף איינגעפירט ווערן אַ נייע קאַדרען־פּאָליטיק... און נאָכן וואָרט פון דער העכסטער בינע האָבן אָנגעהויבן רעדן די מאַסן אויף די מערק און גאַסן. און ס'האָב אָנגעהויבן קומען מעשים דאָס וואָרט צו פאַר־ווירקלעכן. האָבן יידישע הערצער געגומען ציטערן אויף פאַר מעשים אויף די מערק... האָט זיך די יידישע מאַסע פון שרעק צעוויגט און, ווי אַ שטאַרקע כוואַליע, וואָס האָט אויף איר רוקן געטראָגן אויך אָנגעזעענע יידן־פאַרטייער, אַ לאָז געטאָן — אַנטלויפן, אַנטרינען. וווהין נאָר ס'איז מעגלעך. צום מיינסטן — צו די ברעגן פון מדינת־ישראל. די מאַכט האָט פאַר דער דאָזיקער כוואַליע קיין דאַמבע נישט געשטעלט.

האָט זיך אויך משה פיינמאַן דערשראָקן. האָט באַקומען אַ שפּירונג: דער באָדן אונטער זיינע מיליטערישע שטיוול וואַקלט זיך. אַ וואָך פריער, אַ וואָך שפּעטער — וועט אים די אַרמיי, ווי אַ שיסל פּוימעניצעס, אויסגיסן אין דרויסן... אים! האָט ער זיך איין מאָל ביי נאַכט אויפן אומרויקן געלעגער, ווען וייב־און־קינדערלעך האָבן רויק געאָטעמט פון שלאָף אַרויס, געמאַכט אַ שטיקל חשבון־הנפש:

— — — כ'בין אַ יונגער צוציק געווען. האָב געוואָלט זיך אַ באַוויזן טאָן פאַר די חברים. ציוניסטן און בונדיסטן זענען אין שטעטל שוין קיין נייעס נישט געווען, דאַרף מען ווערן אַ קאָמוניסט. טעטיק זיין צווישן אוקראַינער — דאָס איז שוין גאָר עפּעס נייס. מען שפּילט זיך מיט פייער? מען קאָן אַריין אין דער חד־גדיא?... אדרבה — איז דאָס באַווייזן זיך נאָך שטאַרקער. זאָלן זיי זען וואָס משה פיינמאַן קאָן!... דאָס אייגענע — אין קאַנאַדע. די ברידער האָבן איינגעטענהט: "ווער אַ מענטש, און מיר וועלן דיר שטעלן אויף די פיס. אַנישט — קאָנסטו נאָך אונדז, גאָט באַהיט, וואַרפן פון די פיס. ווי קאָנסטו זיין אַזאַ רשע צו די אייגענע ברידער?!"... האָב איך נישט געוואָלט זיין אַ מענטש מיט זיי גלייך. בורזשויען!... דערנאָך — דער קאַמף אויפן שפּאַנישן פראָנט. דאָ איז שוין נישט נאָר די פרייהייט, נאָר דאָס לעבן אַליין געשטעלט געוואָרן אין קאָן... האָט גראָד דאָס נאָך שטאַרקער צעבלאָזן מיין זשאַר, מיין תאווה

זיך צו באַווייזן. דאָס אייגענע — דאָס רייסן זיך אין דער רויטער אַרמיי. און שפּעטער — אין דער פּוילישער... אַלץ — נישט באַדענקט. מיט משוגענעם אימפּעט אַרויס־צווייזן זיך, צו האָבן מיט וואָס זיך צו באַרימען... ———— די יאָרן, דאָס חתונה האָבן מיט חוהן, אַ גערעטעוועטע אויף דער אַרישער זייט (...כ'באַרים זיך, אַז כ'האָב זי אַרויסגענומען אַ האַלב־טויטע פון אַ בונקער, ווען איך בין אַריין מיט דער אַרמיי אין שטעטל), די קינדער, — האָבן מיך אַ ביסל אָפּגעקילט... איך שנייד שוין די תבואה, וואָס כ'האָב פאַרזייט אין שטורעם: טו רויקע קאָמוניסטישע אַרבעט, בין אַ מאַיאָר אין דער פּוילישער אַרמיי!... האָט מיין טאַטע געקאָנט אפילו חלומען אַזאַ זאַך, ווען ער האָט איינגעלייגט אין געריכט קויציע פאַר מיר? האָט אונדזער שטעטל... נישט מער, מ'האָט אַלע אויסגעהרגעט... נישטאָ פאַר וועמען זיך צו באַרימען.

...ה־מם. אַלץ איז באַזירט געווען אויף באַרימעריי. אָבער — פאַר זיי בין איך דאָך פאָרט אַן אמתער קאָמוניסט. פון איבערצייגונג. פון מיין ייִנגסטער יוגנט אָן. אַ געזעסענער אין לויצקער תפיסה. אַ קעמפער אויף די שפּאַנישע פראָנטן. אַ פאַרטיי־טוער אין ראַטנפאַרבאַנד. אַ מאַיאָר אין דער פּוילישער פאָלקס־דעמאָקראַטישער אַרמיי, — איז ווי זענען זיי דאָס גרייט מיך אַ בריקע צו טאָן אין הינטן און זאָגן: "אידזש דאָ דיאַבלא, זשידזשע!"? דערפאַר וואָס מיין מאַמע, אַ ייִדישקע, האָט מיך געבוירן? פלוצעם בין איך גאָר אַ זשיד פאַר זיי! שוין אויס אינטערנאַציאָנאַלער קעמפער פאַר דער גערעכטער זאַך פונעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט!...

און ס'האָט געטאָן אַ פלאַם־אויף אין זיין באַליידיקט געמיט אַ צאָרן. און ס'האָט זיך אין אים אָנגעשטייפט אַ ווילד עקשנות צו באַווייזן זיי, אַז...

"כאָטש איך בין אַ ייד — יאָ, איך בין אַ ייד! — האָב איך אייך זייער שיין און פיין און גוט, טיף אין דער אדמה!".

און — ווי תמיד, שוין נישט איבערלייגנדיק זיך, שמעלצט ער אויס אינעם פלאַם פון זיין צאָרן דעם באַשלוס. ער מוז זיך טאַקע שוין אויפן אָרט מיט אים באַווייזן. און ער וועקט דאָס ווייב:

— חוה. דו הערסט, חוה?... טשוכע זיך אויס... הערסט וואָס כ'רעד צו דיר? ווי איך בין אַ ייד! מאָרגן גיי איך אָנגעבן אויף אַרויספאָרן קיין ישראל! ———

אויפן צווייטן טאָג האָבן עס שוין געוווּסט זיינע פּוילישע דינסט־קאָלעגן. און ס'זענען געווען אַרויסגעוואָרפן אַלע זייערע אָפּראָטנדיקע רייד:

— קאָלעגע פיינמאַן, דיך מיינט עס דאָך נישט. יעדנפאַלס וועסטו דאָך צייט האָבן ווען דו וועסט שוין קריגן אַזאַ מעלדונג. וואָס ברענט עס ביי דיר? דערווייל ביסטו דאָך צווישן קאָלעגן, גוטע פריינט...

— אַזוי איז עס, קאָלעגן. ביי מיר ברענט. סע וואַרט אויף מיר אַן אַרמיי, אין וועלכער איך וועל נישט זיין קיין פרעמדער עלעמענט! — האָט ער זיך געריסן מיט פלאַמיקער פאַריסנקייט. און זיינע אויגן־סערפּעלעך האָבן געשטאָכן מיט די שאַרפע שפּיצעלעך.

ביז איינער האָט אַ זאָג געטאָן:

— ווי גאָט איז מיר ליב! מיין פולע אַכטונג פאַרן קאָלעגע פיינמאַן. ווען איך זאָל זיין אַ ייד, וואָלט איך אויך געהאַנדלט ווי ער. יעדער דאַרף קעמפן פאַר זיין אייגן פאָטערלאַנד...

ס'האָבן אויך נישט געהאָלפן די רייד פון זיין בן־עיר, דעם אַמאָליקן ייִדישיסט און היינטיקן פאַרטייער, ידידיה ציגנדמאַן:

— נו, זאָג מיר, משה, וואָס פאַר אַ זין האָט עס פאַר דיר? דו און — ישראל! וואָס פאַר אַ שייכות האָסטו צום דאָזיקן לאַנד? און, צווישן אונדז גערעדט, וואָס פאַר אַ שייכות האָסטו צום ייִדישן פאָלק בכלל? מען זעט דאָך דיך נישט אפילו אויף אַ נאָווינע אויף אַ פאָרשטעלונג אין ייִדישן טעאַטער. אַן אמתער פּאָליאַק פאַרבלאַנדזשעט אַ מאָל

אַהין, אָבער דו נישט. אפילו צו מיר אין שטוב קומסטו דאָך אַריין אַ מאָל בלויז אין זכות וואָס איך בין דיינער אַ בן־עיר. צו ישראל האָט אַ שייכות אפשר בלויז דיין נאָז...

— אָט דאָס איז עס טאַקע, ידידיה! — טוט ער אַ קאָך אויף. — מיין נאָז! מיין נאָמען און פאַמיליע־נאָמען קאָן מען הייסן בייטן. דער ברית־אברהם איז באַהאַלטן אין די הויזן. אָבער כדי פּטור צו ווערן פון דער יידישער נאָז, מוז מען זי אָפּשניידן אין איינעם מיטן קאָפּ... און מיר איז מיין קאָפּ אַ שאָד! פאַרשטייסט?!

— אָט איז דאָך אהרן פעלהענדלער אַ העכערער ראַנג פון דיר, — טענהט ווייטער איין צינדמאַן, — אים קאָן אויך טרעפן דאָס אייגענע, וואָס האָט נאָך אייגנטלעך נישט געטראָפן אויך דיר... זיין נאָז האָט אויך נישט קיין גויישן פאַספּאָרט... און פון דעסטוועגן פאַרט ער נישט.

— ער פאָרט נישט? — ווערט פיינמאַנס פּנים נאָך פלאַמיקער, און די אויגן־סער־פּעלעך נאָך גלאַנציקער און שאַרפער. — הער־זשע וואָס איך זאָג דיר: איך פאָר, ער — וועט לויפן!... כע־כע־כע...,

וואָס מער מען האָט אים אָפּגעראָטן, פיינמאַנען, אַלץ שטאַרקער האָט ער זיך באַמיט צו פאַרגיכערן דעם ארויספאָר. און ער איז אַרויסגעפאָרן.

פאַר דער ישראל־אַרמיי איז, פאַרשטענדלעך, פיינמאַנס נאָז נישט געווען דער מינ־דסטער מום. אָבער זיין קאָמוניסטישער און קעמפערישער ייחוס האָט נישט געגאָלטן. ער טויג שוין נישט פאַר דער אַרמיי. מוז ער גיין אין ציוויל. מיט איין מאָל איז ביי אים צוגענומען געוואָרן אפילו דאָס פאַרגעניגן פון גרייסן און באַרימען זיך מיט זיין פאַרגאַנגענהייט. ער האָט געמוזט, גלייך ווי יעדער אַנדער ציווילער ייד מיט אַ ריין־יידישער פאַרגאַנגענהייט, דורכמאַכן די חבלי־קליטה. ער האָט פאַרביסן די ציין. און אַ פאַרביסנקייט איז אַרויפגעקומען אין זיין געמיט צום "קאַפּיטאַליסטישן" לאַנד, וואָס אַנערקענט נישט זיינע העלדישע מעשים פאַר דער גאָרער מענטשהייט; צום לאַנד, ווו ציימנווייז דערפילט ער זיך ווי אַ שטומער, ווייל ער קאָן נישט דאָס קנאַקעדיקע לאַשאָן... יידן — און מען קאָן מיט זיי קיין וואָרט יידיש נישט רעדן. ווי זיי וואָלטן געווען טאָטערן... שוואַרצע יידן.

פון דעסט וועגן האָט ער זיך אין זיין פאַרביסנקייט באין־ברירה אַריינגעביסן ביס־לעכווייז, מיט דער הילף פון די ברידער פון קאַנאַדע, אין דער נייער ווירקלעכקייט.

ס׳וואָלט שוין אפשר געווען נישקשה, ווען... אַלץ אַרום וואָלט אים דאָ נישט פרעמד זיין, און מען זאָל נישט מוזן כסדר האָרעווען.

— וואָס פאַר אַ יידיש לאַנד איז עס מיר, — טענהט ער האַלב־יידיש, האַלב־פּויליש צו זיין חוהן פאַר די קינדער אין די אויגן, — ס׳איז מצריים. אַלע מוזן דאָ אַרבעטן עבודת־פּרך... עבודת־פּאַרך!... אַ ליאַדע פאַרך, אַבי ער איז נאָר אַ מפא״יניק, טראָגט ער שוין דאָס שענסטע היטל אויפן קאָפּ. ער איז משה־גרויס ביי זיך, כאָטש זעץ אים אַרויף אַ קרוין אויפן פּאַרך און צי פאָר אים דאָס היטל!

...און איך, — טראַכט ער דערביי, — זינט איך בין אַרויס פונעם מיליטערישן מונדיר, האָט שוין אפילו חוה פאַר מיר ווייניק רעספּעקט...

און אָט וווּינט ער שוין, אַ דאַנק דער הילף פון די ברידער אין קאַנאַדע, אין אַ פיינעם שיכון אויף דער פּעריפעריע פון תל־אביב. ער האָט שוין אפילו אַ באַשטענדיקן פּאָסטן. דאָס שווערסטע איז שוין אַריבער. אַנדערע זאָגן, אַז ס׳איז אים שוין אפילו מקנא צו זיין. חוה פילט זיך ווי אַ באַלעבאָסטע. די קינדער גייען אין שול און רעדן שוין מיט די שכנישע קינדער, און אַ מאָל אפילו צווישן זיך, עברית, אין גיכן ווערט דריי יאָר זינט זיי זענען אין לאַנד געקומען.

אָבער —

און דאָ טוען מיר אַ שפּרונג אַריבער פון תל־אביב קיין וואַרשע.

אין איינער אַ יידישער טיר אויף פּראַגע קלינגט דאָס גלעקל. ידידיה צינדמאַן עפנט

און בלייבט שטיין ווי אַ געליימטער. ווי לוט׳ס ווייב, ווען זי האָט זיך אומגעקוקט אויפן ברענענדיקן סדום...

— ה־מם ?!... — קוקט ער אויף דעם פאַרשוין וואָס שטייט אים אַנטקעגן. — האַ !?

—וואָס ? דערקענסט מיך נישט ? — פרעגט יענער אויך פאַרוווּנדערט, איבערראַשט פון אַזאַ קבלת־פּנים. ער איז צעמישט, ווי ער אַליין וואָלט שוין נישט זיכער זיין, אַז ער איז טאַקע ער...

— משה !? — כאַפּט זיך ענדלעך צינדמאַן. — פון וואַנען האָסטו זיך פּלוצעם אַהער דערנומען ?... ה־מם... איז וואָס שטייסטו ? קום אַריין... ה־מם... זעץ זיך.

פיינמאַן זעצט זיך. זיין אויסגעמאַטערט, שטרענג־בייזלעך פּנים רויטלט זיך אָן, און די אויגן־סערפּעלעך ווערן שאַרפער:

— ווי דו זעסט, בין איך דאָ צוריק.

— מיט דער פאַמיליע ?

— איך אַליין בין דיר ווייניק ?

— מע זאָגט דאָך, אַז מען לאָזט פון דאָרט נישט אַזוי לייכט אַרויס ? און דאָ לאָזט מען נישט אַריין צוריק...

— מען לאָזט נישט — זאָגט פיינמאַן מיט שפּאָט אויפן פּנים. — נישט ביי משה פיינמאַן. משה פיינמאַן, ווי די קוקסט מיך אָן, האָט גרענעצן דורכגעבראָכן. כ׳קום איצט פון ראַטנפאַרבאַנד. געווען אין מאָסקווע, אין קיעוו...

— איז וואָס פאַר אַ פּנים האָבן דאָרט אונדזערע יידן ? שלאָגט אים איבער צינדמאַן מיט דער זשעדנעקייט פון אַ דורשטיקן אויף ידיעות וועגן אַ פאַרפאַלן־געוואָרענעם ברודער. — מען שמועסט דאָך, אַז...

— מיט יידן איז מיר נישט אויסגעקומען צו רעדן. — ווערט פיינמאַן קילער אַ ביסל. — נאָר כ׳האָב געשמועסט מיט גאָר וויכטיקע פּאַרטיי־לייט. זיי זאָגן: ס׳איז אמת, ס׳איז פאַראַן לעצטנס אַנטיסעמיטיזם. אָבער — ס׳איז אויך אמת, אַז אַ ביסל זענען די יידן אַליין שולדיק, ווייל...

— לאָז צו רו, משה, — טוט צינדמאַן אַ מאַך אָוועק מיט דער האַנט פאַרביטערט, כאָטש געדענקנדיק, אַז ער רעדט מיט פיינמאַנען. — די גויישע תורה האָב איך שוין געהערט... איז וואָס דער צוועק פון דיין קומען ?

— אויסצופּועלן ביי מיין פּאַרטיי, מען זאָל מיר דערלויבן צוריק אַהערצוברענגען מיין חוהן מיט די קינדער...

צינדמאַן קוקט אים אָן מיט אַ פאַרשטאַרטן בליק, און ער ענטפערט אויף צינדמאַנס נישט־אַרויסגעבראַכטער פראַגע:

— ״אויף גרייזן לערנט מען זיך״, האָט געזאָגט לענין... ה־מם. די גאַנצע מדינת־ישראל איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה. ס׳איז בלאַף...

— כאַ־כאַ־כאַ ! — שיט זיך צינדמאַנס פאַרשטאַרטקייט, און דאָס געלעכטער צע־מישט־צעטומלט פיינמאַנס ערנסט־חוצפהדיק פּנים.

— וואָס איז דאָס געלעכטער, ידידיה ?

— ס׳איז אַ געלעכטער פון דיר... ווייל... כאַ־כאַ־כאַ !... דו זעסט נישט די געפּאַקטע וואַליזעס, וואָס שטייען דאָ אָנגעשטעלט ? אין צוויי טעג אַרום פאָר איך אַרויס מיט מיין פאַמיליע קיין ישראל... וועסט אפשר זאָגן. אַז אָט די וואַליזעס, אַז איך אַליין און מיין ווייב־און־קינדער זענען אויך, ווי מדינת־ישראל, אַ בלאַף ?... כאַ־כאַ־כאַ...

— וואָס איכ׳ל דיר זאָגן ? — טוט זיך פיינמאַן אַ הייב אויף, ווי אַן אָנגעצונדענער שפּאָן, אַ לאָז צו דער טיר און פאַרענדיקט אַרויסלויפנדיק, — איך זאָג דיר, אַז דו מיט דיין פאַמיליע וועט איר דאָרט הונגערן. פאַרט, פאַרט, אַז איר האָט חשק דערויף !

ידידיה קוקט אויף דער פאַרמאַכטער טיר און שאָקלט באַדויערנדיק מיטן קאָפּ: ...אַ שאָד וואָס רבקה מיט די קינדער זענען נישט געווען דערביי. איז נישט געווען ווער ס׳זאָל לאַכן... כאַ־כאַ־כאַ... כאַ־כאַ־כאַ!... — — —

* * *

אין אַ חודש אַרום, נאָך זיין אָנקומען קיין ישראל, האָט ידידיה צינדמאַן געהערט פון זייערן אַ שטאָטישן, אַז משה פיינמאַן, וואָס איז פון דאַנען אויף אַ שטיק צייט נעלם געוואָרן — דער רוח ווייסט ווו! איז שוין צוריק דאָ אין לאַנד. מיט זיין פאַר־שווינדן האָט ער פועל געווען, וואָס ער האָט פאַרלוירן זיין אַרבעטפּלאַץ. איצט וועט ער שוין אַ צווייטן אַזעלכן נישט קריגן. און קיין צרות וועלן אים שוין נישט פעלן.

און אין נאָך אַ חודש אַרום האָבן זיי זיך באַגעגנט אויף דעם זכרון־אָוונט פון זייער אומגעבראַכטן היימשטעטל. אָבער זיי זענען איינער צום צווייטן נישט צוגעגאַנגען: אין פיינמאַנס געהער האָט אויפגעקלונגען צינדמאַנס "כאַ־כאַ־כאַ...". און צינדמאַן האָט געהערט פיינמאַנס ווערטער: "איך זאָג דיר, אַז דו מיט דיין פאַמיליע וועט איר דאָרט הונגערן, פאַרט, פאַרט, אַז איר האָט חשק דערויף!".

...ווען כ־באַגעגן אים ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, — האָט צינדמאַן אַ טראַכט געטאָן, — וואָלט איך זיך נישט באַהערשט, זיך צעלאַכט, ווי דעמלט, און אים איינ־גערוימט אויפן אויער: "מרגל, מיר הונגערן נישט!".

תל־אביב, יאַנואַר 1960—גבעתיים, יאַנואַר, 1967

די יידישע שרייבער־גרופּע אין ירושלים און די רעדאַקציע פון "ירושלימער אַלמאַנאַך" דריקט אויס איר טיפן מיטגעפיל דעם פאַרזיצער פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים, דעם באַקאַנטן געזעל־שאַפטלעכן טוער ד"ר שמואל הורביץ אויף דעם פריצייטיקן טויט פון זיין ליבע פרוי **רבקה** ז"ל.

## רחל בוימוואָל

### נייע לידער

### דער טאָפּאָל

דער טאָפּאָל איז טאָפּלט מיר טייער
דערפֿאַר, וואָס ער וואַקסט אין ישראל.
ער פּרוּווט מיר פֿאַרבינדן דעם היי־יאָר
מיט פֿעדעמער פֿון מיין אַמאָל.

ער ווימלט און בלאַנקט מיט די בלעטלעך,
און אַלץ איז ביי אים ווי צום טאַנץ.
ער טרייסט מיך, אַז כאָטש ס'איז שוין שפּעטלעך,
איך וועל דאָ נאָך ווערן פֿאַרפּלאַנצט.

ער זאָגט מיר : — „דו זע, אויף דיר וואַקסן
און וועלקן ניט קיין מאָל די הענט.
דיין קאָפּ איז — אַ קרוין אויף די אַקסל,
אַנטקעגן דער זון־שיין געווענדט.

די צווייגעלעך דיינע, די פֿינגער,
באַווייזן אַ נס נאָך אַ נס.
ס'וועט ווערן, ס'מוז ווערן דיר גרינגער.
פֿאַרגעס וועגן שלעכטן, פֿאַרגעס !".

איך קוק אויפֿן טאָפּאָל מיט ליבע,
מיט טאָפּלטער ליבע און דאַנק, —
ער וואַקסט אַרום אונדזערע שטיבער,
אַזוי ווי זיין טבע איז, שלאַנק.

אַ פֿריינד פֿון אַמאָליקע צייטן,
אַן עדות פֿון פֿרייד און פֿון פּיין.
... עס רופֿט מיך דער טאָפּאָל פֿון ווייטן
און מאָנט איך זאָל פֿריילעכער זיין.

# די שינען

אַלעמען און אַלץ באַדינען
אַט די לייכטזיניקע שינען,
גייען גלייכגילטיק אַריין
סיי אין שאָטן סיי אין שיין,
סיי אין שטאַל און סיי אין שייער,
סיי צום שווייגער סיי צום שרייער,
אין דעם שטאַרק און אין דעם שוואַך —
ווו אַ וואָרט נאָר אין דער שפּראַך.
ווער דעם שין האָט צוגעטראַכט
סיי פֿאַר שלום סיי פֿאַר שלאַכט?

זאָג איך: שעמט זיך, שיינע שינען,
אומעטום זיך צו געפֿינען!
אין דעם שפּאַרבער, אין דער שפּין
איז אפֿילו דאָ דער שין.

ער שפּאַצירט זיך שלינג־און־שלאַנג
פֿון דעם שטשור און ביז דער שלאַנג.
דעם, וואָס שאַפֿט, דעם, וואָס צעשטערט
איז דער זעלבער שין באַשערט.
שוין זשע טראַכט איר טאַקע, שינען,
אַלע וועלטן צו געווינען?

שאַרן זיך אַריין די שינען
אין אַ דופטיקן באַגינען
אינעם גראָז און צווישן צווייגן.

— ששששאַ! מיר זיינען שטיל, מיר שווייגן! —
בלויז אַ ווינטל שאָרכט אין גרין,
ווי אַ שוועבנדיקער שין...

## אויפן דעק פון טאָל

גיי, פּרוּוו מיטן איינפאַכן וואָרט
אַ בילד אַזאַ אויסטערליש מאָל:
אַ יינגל אויף אַן אייזעלע פאָרט
צו דעם סאַ־אַמע דעק פון טאָל.

און דער טאָל איז טיף, טיף —
כ׳קוק אַראָפּ דאָ, ווי פון אַ וואַנט. —
און דאָס שטעגעלע — שיף, שיף,
איבער וועלכן דאָס אייזעלע שפּאַנט.
קוים דעם אייזעלעס רוקן זיך מערקט
און עס טאָרטשעט דעם יינגלס קאָפּ, —
אָט למשל, ווי ס׳וואָלט זיך באַוועגט
אַ קמץ מיטן פּאַסיק אַראָפּ.

און דאָס יינגל אין טאָל, קאָן זיין,
קוקט אַרויף צו דעם באַרג, וואָס איז בלאָוו
און זעט מיך אין זונען־שיין
שטיין דאָ אויבן אַזוי ווי אַ וואָוו...

## ירושלים

אַדאַנק די ווינטן אָטעמט זיך דאָ פריי.
די לופט פון גאָר דער וועלט אין זיי פאַרקנאָטן.
די זון איז צו די שטיינער צוגעזאָטן.
אַהער מע קומט, און ניט מע גייט פאַרביי.
פון פילגרימען וויגט זיך דאָ דער שאָטן
לענגאויס דער כותל־וואַנט, דעם אייביקן געביי.

* * *

ירושלים, ווונדערלעכע שטאָט,
מיט ברוינע בערג באַלאַגערט ווי מיט בערן,
איך טו זיך ביי מיין חומש־נאָמען שווערן:
ס׳וועט מער מיין פאָלק ניט זיין צו שאַנד און שפּאָט.
דיין מינדסטער שטיין דורך צייט פאַרהיט זאָל ווערן.
כ׳האָב דיך דערקאָנט, — דיין חסד און דיין גנאָד.

## שלאָף ניט!...

די נאַכט איז שטיל...
דאָס דוכט זיך, אַז זי איז שטיל. —
מיט אַ מאָל איך דערפיל,
אַז סע הודיעט די גאַנצע צייט:
— אַוווּ־וּ־וּ...

דאָס רוישט מן־הסתם דער ים —
תל־אביב איז דאָך גאָר ניט ווייט.
נאָר ס׳גייט דורך אַ רגע,
און כ׳פאַרשטיי. אַז ס׳איז נישט דער ים, —
דאָס הודיעט דער זאַמד אין נגב.

...ניין, ניט דער זאַמד!
דאָס הודיעט דער ווינט אין דעם שטיינער־געווערג
פון די בערג:
— אַוווּ־וּ־וּ...

כ׳פאַרהאַלט דעם אָטעם
און פרעג אויף מיין גלות־שפּראַך: — ״קטאָ טאַם?״
קטאָ טאַם גודיט?...״
ווייל איך ווייס שוין גוט,
אַז דער ים איז עס ניט,
און דער זאַמד איז עס ניט,
און קיין ווינט איז עס ניט.

דאָס ברומען די לאַגערן, — קרעכצן פון צוואַנג.
פון אייזערנע קייטן אַ טויבער געקלאַנג:

— שלאָף ניט, האָב ניט קיין רו!
— אַוווּ־וּ־וּ...

## מיין יידישע שרייב־מאַשינקע

ניט קיין פערדל קלאַפּט מיט די טלאָען
פון פרי ביזן אָוונט דעם בלאָען,
בעט ניט עסן און בעט ניט טרינקען —
ס'איז מיין יידישע שרייב־מאַשינקע.

אַריינלייגן אַ קאָפּירקע
איז גאָר ניט קיין גרויסע טירחה.
קוקט זי אָן, מיין שרייב־מאַשינקע,
ווי די העמערלעך אירע פינקלען!

כ'האָב אַ לעבן געטרוימט אין מאָסקווע:
אַ מאַשינקע, די סאַמע פּראָסטע,
אַן אַלטפּרענקישע מעג זיין, אַ גרויסע,
נאָר זאָל האָבן יידישע אותיות.

און דאָ, אין ירושלים,
איז געוואָרן מיין טרוים מקוים.
אַ מאַשינקעלע — אַ פּאַרגעניגן,
אירע קלעפּעלעך טוען פּאַרוויגן...

...זע איך, פערדלעך לויפן פון ווייטן,
אויף זיי יידישע אותיות רייטן.
רייט אַ יונגער, אַ שטאָלצער לאַמעד,
רייט אַ סאַמאַך געפּוצט אין סאַמעט,
רייט אַ דאַלעד, אַ היי און אַ גימל —
די קאָפּירקע איז בלוי ווי דער הימל.

...איך רייב אויס די פאַרחלומטע אויגן —
צו מיר שמייכלט דער ווייסער בויגן...

לייב ראָכמאַן

# היפּיס אין ירושלים

**(דערציילונג)**

עס איז פרייטיק, ערב שבת, אין ירושלים; אָנהייב זומער. דער הייסער טאָג שמעקט מיט יאַסמין, אַקאַציע־בליעכץ און בעז. ריחות פאַרשיכורן, שלעפערן איין. שוין עטלעכע שעה דריי איך זיך אין דרום־ירושלים, פאַרשווינד אין דעם צווישן.

דרום־ירושלים איז ווי אַן אַרומגעצוימטער פון אַלע זייטן מיט שטאַכעטן, פּאַרק — פול מיט בלומען און גראָז־בייטן. אַלייען און ברייט־געפלאַסטערטע גאַסן ציען זיך אינעווייניק. צווישן די ביימער, אַריינגערוקט אין ביידע זייטן ווי הייף — מיניען זיך רויט־ציגלנע שינדל־דעכער פון הויכע פּירקאַנטיקע שטיינ־הייזער. די ביימער דאָ זענען אַלט. איין מענטש קאָן מיט זיינע הענט זיי נישט אַרומנעמען. זיי שטייען הויך אַרויף, מיט גרינע קרוינען, וואָס פאַרבלענדן. די צווייגן שטרעקן זיך איבער אונדזער קאָפּ, ווי לאַנגע הענט — איינע איבער דער אַנדערער. מיר גייען אין די אַלייען, שטעלן טריט. עס גלייבט זיך נישט, אַז אין די אַלטע הייזער געפינען זיך איינוווינער; מען ווערט אונטער זייערע דעכער געבוירן. קיין מענטשן זעען זיך נישט אין די צעעפנטע פענצטער. פאַרהאַנגען זענען זיי מיט באַוועגנדיקע זיך אין ווינטל קורטינעס.

די תושבים טוישן זיך. מיר פאַרגעסן זיי. בלויז די שטאָט טראָגט אין זיך זייער געדעכעניש. מיר לאָזן זינקען אין דעם גלאַט־צעהיצטן שטיין אונטער זיך אונדזערע טריט. אין מיינע געדערעם וויקלען זיי זיך ווי רצועות — זיך נישט אַרויסצופלאָנטערן.

איצט ווייס איך אויף זיכער, אַז די שטילקייט דאָ אָנגעלאָדן איז מיט גע־דענקען. איך וויל זיך אויסציען איבער דער ערד, זיך פאַרשפּרייטן מיטן מיין גוף; אָנלענען אַן אויער, זיך דערמאָנען.

איך צי זיך אויס, אין דער זייט, אויף אַ גרינער באַנק. איינצלנע גייען דאָ. אויטאָס גליטשן זיך פאַרביי. איך ווייס נישט, צי מען זעט מיך אונטער די צווייגן. איך ליג — אַרויף מיטן פּנים. מיינע הענט שפּאַרן־אונטער דעם קאָפּ. איך פיל נישט איבער מיר קיין בליקן. איבער מיין פּנים — אַ גרין הייטל. פון אונטער ביידע ראַנדן קוקט זייטיק אַפּער מיינס אַן אויגן־שפּעלטל. איך בין אַ רואה ואינו נראה.

די זילבער־ביימער שטייען איבער מיר נידעריק געבויגן, שפּרייטן זייערע

צווייגן, ווישן מיר דאָס פּנים. איך זע זייטיק, די יונגע בלעטער שאָקלען צו מיר זייערע דין־ראַזיקע שפּיצן. זייער געשטראַכנקייט צייכנט זיך אין מיר. אויפן באַרג־שפּיץ, אין ווייטן האָריזאָנט — בלענדן זיך זייטיק ביימער, אויסגעשטעלט אין אַ גלייכער שורה. עס לייכט דורך זייער צווישן דער הימל. איך וועל מיט ביבעלע שפּילן אויף זיי ווי אויף אַ קעמל.

איך שליס צו די אויגן, בייג־אונטער דעם קאָפּ, ווי צום בענטשן. אַ מינוט דאַכט זיך מיר, איך ליג אַזוי אויף אַ שמאָלער מיטה. מיינע הענט אויסגעצויגן. די געבויגענע איבער מיר — חברה־קדישא לייט. פאַרענדיקט האָב איך מיין דור, באַלד וועט מען מיך אונטערהייבן. געקומען זענען זיי מיך אַוועקטראָגן.

אין דער פאַרמאַכטקייט, דאַכט זיך מיר, איך בין אַ בוים, אַן אויסגעצוי־גענער; פאַרזעצט אין די אורצייטן. אויסגעהאַקט דעמאָלט האָט מען וועלדער. אָדער — געוועזן איז דאָס דעם לעצטן ווינטער, ווען די ערד פאַרמאַכט האָט אַ פּראַסטיק הייטל. אין ירושלים געפאַלן איז אַ געדיכטער שניי. די הימלען האָבן נידעריק זיך אַראָפּגעלאָזט; גיריק, מיט לאַנגע, אַראָפּציענדיקע־זיך ווייסע פּאַסן — געוואָלט זיך באַהעפטן גאָר אונטן. די ערד, אַן אַנגעדראָלענע, מיטן פּנים איבערגעדרייט, האָט זיך אונטערגעהויבן, איינגעשרומפּן, מיט אירע גאַסן אַרויף. דער נעפּל געניידערט האָט אויף בײדע, זיי אַרומגעהילט. נאָר די ביימער געבליבן זענען אַרויפגעריסן. זייערע קרוינען זענען ווייטער געשטאַנען מיט דער ווייסער לאַסט איבערן קאָפּ, ביז געהערט האָט זיך אַן אָפּגעהאַקטער קראַך. דאָ און דאָרט האָט אַ בוים ביי זיין שטאַם זיך אונטערגעבראָכן, איז געפאַלן. בלויז זיינע וואָרצלען, ווי קאַלטע לאַנגע פינגער, זענען געבליבן פאַרשטאַרט אין די פעלדזן אונטן.

אויף צו מאָרגנס געוועזן איז די לוויה. שטאָט־אויטאָס זענען אַרומגעפאָרן. פון אונטערן שניי אָפּגעשטעקט האָבן לאַנגע שוואַרצע פלעקן פון אויסגע־צויגענע ביימער. פאַר יעדן טויער האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. צוויי דאַרע באַ־בערדיקטע יידן האָבן פון ביידע זייטן זיי אויפגעהויבן און אַרויפגעלייגט. די עגלות האָבן געריִרט. ווי פון שעכטהויז־וועגענער נאָכגעהאַנגען זענען גרין־צעצווייגטע איברים. קלעפּיקער זאַפט האָט אונטן באַגאָסן דעם אַספאַלט. די אַרבעטער, גרין־דורכגענעצטע, זענען נאָכגעגאַנגען.

פון יענעם טאָג אָן זענען זיי געבויגן, די געבליבענע ביימער, מיט די קעפּ אויף מזרח.

איך וויל איינדרימלען. ביי נאַכט שלאָף איך ווייניק. אין דער שטוב־פינצ־טערניש הער איך כסדר טריט. אָפּגעהאַקטע קולות דערנענטערן זיך. אויך אין מיין דרימל גייען זיי אָן, ווי אָן פּיס.

שוין יאָרן ווי מיר זענען אַנטלאָפן; מורא־געהאַט זיך אומצוקוקן; געוווסט, עס איילט אונדז נאָך, עס קאָן אונדז דערגרייכן.

איך וויל זיך איבערדרייען אויף דער באַנק; געמאַכט איז זי פון ירושלימער ביימער. אונטער מיר פאַרטרוקנט איז די גרינקייט.

אָנגעהויבן קומען צו מיר די ערשטע האָט אַ הויך מיידל. געווען איז פריער אַוונט, ווען אַריינגעלאָזט זיך האָט זי אין מיין שטוב. אַ פּולע, האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט. הייזעריק, פון איר איינגעווייד, האָט זי אַרויסגערעדט איר נאָמען. ווען איך האָב זי איבערגעפרעגט, פאַרנומען האָב איך אַן עכאָ. פון צווישן די געקעסטלטע פענצטערלעך פון איר באַרדאַ־קלייד אָנגעקוקט האָבן מיך אויגן.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און איז איינגעשלאָפן. פון איר גוף געשלאָגן האָט אַ לייכטער ריח. מיטן אויסאָטעמען און איינאָטעמען האָט זי אים אַרויס און אַריין געצויגן. אויך מיר זענען שווער געוואָרן די פיס, זיי האָבן זיך געבויגן. באַפאַלן איז מיך אַ מורא, אַז נישט אויפכאַפּן וועט זי זיך. איר אָטעם איז אין ערגעץ נישט אָנגעבונדן. גאָר ניט וואַכט איבער איר. די אויגן אין די באַרדאָ־פּאַסן פון איר קלייד געווען זענען פאַרמאַכט.

געטראַכט האָב איך, אָפּצושערן אירע האָר, אָדער באַהאַלטן זאָל איך אירע קליידער; קיינער זאָל זי נישט זען. איבערבלייבן זאָל זי דאָ אַ חודש־צייט, ביז אַריבער עס וועט דער צאָרן.

ש. מיין יונגער פריינט, וואָס אַרויסגעקומען איז פון הינטער יאָרן, געזאָגט האָט, אַז אויפגעבראַכט אַהער האָט זי די מגפה, וואָס בושעוועט שוין עטלעכע יאָר. זי לייגט אַוועק קרבנות. אויך אונדז וועט זי אָנשטעקן, ביז פאַרלענדן זי וועט נישט יעדן גוטן טייל.

שיב׳ס פּנים טוישט זיך. מיט זיין אָסקעטישער הויט — זעט ער אויס אַן אַנטרונענער פון אַ שטאָט, אָנגעגריפן דורך אַן אַנלויפנדיקער כמאַרע. דיזן, אַן האָר, וואָס זאָלן ביים שלאָפן אונטערלענען זיין קאָפּ. זיין שווערער שאָטן — אַ באַקעטער, ווי אַ באַזונדער אבר, אַן קנייטשן. ער דעקט זיך איבער אים — וואָרעם. דער שאָטן, נישט ער, זאָגט עס פאַר די קורות פון די קומענדיקע טעג.

שוין עטלעכע יאָר, אָנהייב זומער, ווי זיי קומען פון דער ווייט. זיי פאַר־שטאָפּן די וועגן; דעקן־צו די שיין. זייער גאַנג — אַ מידער. זייערע האָר, ווי געשפּאָלטענע פאַרהאַנגען פאַר די אויגן. דער פאַרנט ביי אַלע — מיט פאַטשער־קעס. אין די פאַרקאַלטנטע בערד בלויז דערקענט מען דעם מין. אָפּשאָפן־זיי ווילן אויך אים. זייערע געדיכטע בערד — אַן ווילן. נישט אַנדערש, ווי אומגעקומען זענען זייערע עלטערן פאַר זייער געבוירן.

אַלע קאַפּע־הייזער — געפּאַקט; די גאַסן — איבערפולט; די טרעפּ — פאַרלייגט. אין די נעכט, אין גערטנער — שלאָפן זיי אַרום פייערן. די פלאַמען רייסן זיך אַרויס. אַ רויך שוימט־אויף. זי רוישט, די שרפה, מיט פייערצינגען.

ש. זאָגט, אַז צום באַרג פון גאָט קומען זיי, צוריקנעמען דעם בונד, וואָס געשלאָסן האָבן זייערע עלטערן. זיי פאַרציען דעם ברית ווי מיט אַ הייטל. אויך ווען נישט באַשניטן זענען זיי, האַלט זיי דער צובונד. ער לייגט זיך פאַר זייערע שוואַרצאַפּלען ווי אַ וועגווייזער. ענדערן דאָ אין איר מקור ווילן זיי די בריאה.

איצט שפּיר איך די מגפה אין מיינע נאָזלעכער. אפשר איז זי דאָ שוין — אין מיינע ביינער. ווי יעדן טאָג אַנטלויף איך זיך אויסבאַהאַלטן. איך ווייס, אויך

אַהער וועלן דורך די ביימער די פלאַמען זיך אויסשפּרייטן. ווען זיי וועלן לסוף זיך לייגן אונטער זיך — וועלן מיר אַרויסקומען ריזיק־אויפגעשוואָלענע, אויפ־געלאָפן די גופים.

אַ פאַרשלאָפענע האָב איך זי אונטערגעהויבן. זי האָט זיך געלאָזט פאַרמאַכן אין אַ קעסטל. ליגנדיק האָט איר אויגן־הייטל, ווי אַ לאַדן, איבער איר זיך אַראָפּגעלאָזט; אירע וויעס — דין־ציטערדיק זיך געשלאָסן.

מיינע אויגן נייגן איצט זיך אין דער זייט פון דער באַנק: אין די פאַרביי־ציענדיקע שאָטנס דערקען איך מענטשן. זענען זיי ווי אַ געוועב איבערן פלאַך, זיי באַרירן אים לייכט, אָדער — זענען זיי דין פאַרזעצט אין דער טיפעניש; וועלן זיי פאַרוואַרצלטע דאָ בלייבן; דער אינעווייניק בענקט נאָך זיי, אָדער וועט ירושלים פאַרטרייבן זיי פון זיך אַראָפּ; אַפּווישן מיט אַ ווינטל זייערע טריט.

איצט ווייס איך אויף זיכער, אַז דאָס איז ער, דער סימן־היכר. לויט אים דערקענט ירושלים אונדז פון אַמאָל. אויך ווען אַוועק זענען מיר — פאַרבליבן דאָ זענען אונדזערע שאָטנס. די גאַנצע צייט געוואַרט האָבן זיי אויף אונדזערע גופים, ווי פאַרמען איבער דער ערד. איצט פאַסן מיר זיך צוריק אין זיי אַריין. צוריקגעקומען זענען מיר אַרויסגעבן פון זיך נביאים.

איך האָב אַ חודש־צייט זי אויסבאַהאַלטן, אַ פאַרשלאָפענע, אין דעם קעסטל, ווי פאַרטשאַדעט נאָך פון ריחות. אַלע מאָל האָב איך זי באַוועגט און זי האָט זיך נישט אויפגעכאַפּט. זי איז געווען ווי אַ חומר אין די הענט פון מייסטער. איך האָב אַנגערירט איר פּנים. וואָס אַ מאָל מער האָט אַפּגעגלאַנצט, ווי גע־שמידט, איר הויט. איך האָב לייכט זי געגלעט; געבויגן אירע אברים. איר האַנט — צוגעלייגט צום האַרץ; געפרווט אירע בערג האָר אונטערן פאַרוואַרפענעם קאָפּ. איך האָב אַוועקגעכאַפּט די הענט; געוווסט, איך — טאָר נישט. איך טראָג נאָך אין זיך די פאַרשעמונג פון שענדן זיי אויף די וועגן. מיר, זייערע ברידער, געבליבן זענען פאַרשוויגן. זייט דעמאָלט פול איז איר לייב מיט שטראָם; אירע בריסט־וואָרצל — ווי צוויי פייערדיקע אויגן. איר אַפּגעדעקט אויער לייכט דורך די האָר, ווי עס וואָלט אונטערגעהערט מיין טואונג. געזען האָב איך, ווי יעדע זי — טראָגט זי מיט זיך איר גוף. איבערגעגעבן ער איז נאָר איר באַגער.

באַלד האָב איך באַשלאָסן, זיך מתגבר־זיין דורך איר אויף אַלע מיינע ווילנס; זיך אַנטווייענען ווי אַ זקן. איך וועל אין קאַסטן דאָ זי איבערלאָזן ווי אַן עדות; אַוועקשטעלן זי ווי אַ מומיע אין ווינקל. פאַר מיר אַליין דאַרף איך אַ מאָנומענט.

איין מאָל ווען איך בין צוריקגעקומען, האָט מיין אָטעם אויף אַ רגע זיך אָפּגעשטעלט; געמיינט האָב איך, איך וועל זי שוין נישט טרעפן; די שריפה האָט זי געפונען. דאָס פעדערהויז געווען פול איז מיט סאַדזעס. די פלאַמען — אַרויף האָבן זיך געריסן פון שטאָק צו שטאָק. אַ רויך, ווי אַ שלאַנג, האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן. די שכנים אין די טירן — אַרויסגעגאָסן האָבן עמערס וואַסער אויף די שטייגנדיקע עקן. דאָס ווייסע פאַדערצימער מיט די

הויכע ווענט — פּלעקיק פֿאַרשוואַרצט. די עמערס מיט זייער גאַס האָבן געטראָפֿן בלויז אין די אונטערשטע פּיס פֿון די פֿלאַמען, וואָס זענען געלאָפֿן אַרויף. איך האָב געטאַפּטשעט אין די קאַלוזשעס; געהיפּערט צווישן טירן, שוין פֿאַרשלאָסן אינעווייניק אַריין. מיין טיר — דורכגעסמאַלעט, אויפגעפּראַלט. איך בין אַריין, גלייך צום קעסטל. עס געטראָפֿן צעעפֿנט. די פֿייערצינגען האָבן אינעווייניק זי אַרומגעשמעקט, באַלעקט פֿון אַלע זייטן; געשוועבט איבער איר אַרויף און אַראָפּ, אַרומגעזונגט דעם גוף, און — געפּלאַצט.

מיין פֿריינט האָט ווידער זיך געענדערט, ער האָט איצט אויסגעזען, פֿריש־אָפּגעשונדן, אָן אַ הויט. ער איז געזעסן איבער מיר ווי איינער, אַנגעשטייפֿט — אָט דערגרייכט אים די סכנה. ער האָט געהאַלטן, אַז עס האָט נישט קיין טעם צו אַנטלויפֿן. פֿון ירושלים איז נישטאָ קיין צוריק. אויך אַנטרונענע פֿון אַלע זייטן ווערן אַהער צוריקגעפֿירט, ביז זיי דערשפּירן זי, די אחרית־הימימדיקייט, פֿון דער שטאָט.

מיר האָבן ביידע געזעצט זיך אַרום טיש, פֿאַרשפּרייט די מאַפּעס ווי אַלטע טישטעכער. אונדזערע פֿינגער האָבן אויף זיי גאַל געהיפּערט:

— יאָרן איז ער, דער פּחד, פֿון אַלע ווייטקייטן געבראַכט געוואָרן אין די טאָלן. אויסגעליידיקט די שטעט; אויפגעבליט פֿריש אין קינדישע אויגן. פֿול מיט אים געוועזן זענען די פֿאַרנאַכטיקע פֿעלדער; די וועגן — מיטן ריטעם פֿון טריט. ער האָט געוואָיעט פֿון איילנדיקע באַן־רעדער, אַרויסגעיאָמערט פֿון גאַז־קאַמערן. די ערד געעפֿנט האָט איר מויל. איצט, שוין יאָרן, ווי אַלץ האָט זיך איינגעשטילט. דער ניגון איז מער נישטאָ. די ערד אויסגעגלייכט האָט זיך פֿון אויבן.

געמיינט האָבן מיר, אַז צעפּלאָסן ווי רויך איז דער עכאָ; די קולות — אַראָפּגעזעצט; די ערד פֿאַרדעקט האָט די קינדישע אויגן. אויסגעגאַנגען אַלץ איז אין די בלויע פֿלאַמען.

נישט געוווּסט האָבן מיר, אַז דער פּחד קאָן נישט צעריבען. ער רייסט זיך אָפּ פֿון די מענטשן, בלייבט אַליין אין חלל. ווען אַלץ אויסגעגלעטיקט איז — הייבט ער זיך ווי אַ שוואָם איבער די שטעט; רייסט זיך אָפּ, שפּרייט זיך ווי אַ וואָלקן. ווי אַ כמאַרע לייגט ער זיך איבער די טעג. ער קריכט אונטער טריט און וויל נישט אונטערגיין.

לאַנגע יאָרן האָבן מיר אַלע אַרויפגעקוקט אויבן ווי צו אַ ליקוי־חמה; מיט געשוואַרצטע גלאָזן די פּנימער פֿאַרריסן, און ווען געטראָפֿעט עס האָט איבער אונדז — פֿאַרמאַכט האָבן מיר די אָפּלען.

און לסוף, ווען געכאַפּט האָבן מיר זיך — האָבן מיר איבערגעשראָקענע שנעל זיך צעטיילט אין צוויי מחנות. טייל פֿון אונדז געקומען איז אַהער. מיר האָבן אַלץ איבערגעלאָזט דאָרט; אַוועק, מיט דער פֿלייצע אויסגעדרייט. דאָ ווילן מיר שאַפֿן אַ רעפּובליק פֿון אויפגייער פֿון טאָל. ווידער ווילן מיר אים באַהעפֿטן, דעם פּאַדעם. ווי דורך אַ נס, זענען אונדז אַנטקעגן — אונטער די פּיס — די פֿעלדער, ווי אויסגעטרוקנטע זיי וואַלטן אויף אונדז געוואַרט. אַנגעהויבן אַרויס־געבן האָבן זיי דעם אויפגעגאַנגענעם פֿאַרזיי פֿון אַמאָל.

אַ דיקער שאָטן וויקלט דאָ ווידער אונדז אַרום. מיר באַהאַלטן מער זיך נישט. מיר דרייען זיך אָפן, אַפּגעדעקט אויפן פלאַך. מיר מויערן זיך איין אין די הייזער; פעסטיקן זיי אַרום ווי די שטאָט־פעלדזן. אויף אַלע אונדזערע בלאָנדזשענישן — זוכן מיר אין זיך דעם ענטפער, צי ער פּאַסט זיך אַריין אין די פאַרמען דאָ. מיר גייען איבער די טראָטוואַרן, ווי אין די טעג פון נאָך אַלעם. יעדער פון אונדז אַליין אָן עלטערן — געבערט ווידער אין די נעכט. פאַרשוויגענע, הערן מיר אונדזער וועקן זיך. נישט אויסגעטרוקנט איז אונדזער זרע. אונדזערע קינדער דאָ — ווערן נישט געבוירן — זיי שטייען־אויף לתחייה.

אַנדערש אָבער איז מיט די, וואָס אַוועק זענען ווייט. אַנטרונען זענען זיי מיט דעם פּחד אין זייערע בלויע ביינער; אַרומגעוויקלט דעם ווינט אַרום די פיס און געאיילט — די טריט איבערן חלל. אויך די אויערן האָט ער פאַרשטאָפּט. וואָס ווייטער — איז די צונג ביי זיי געוואָרן אויפגעשוואָלענער; זייערע הענט — מיט האָר־קנוילן באַוואַקסן. און ווען זיי האָבן לויפן מער נישט געקאָנט — פאַרלייגט האָבן זיי ביידלעך; זיך אויסגעמישט, כדי מען זאָל זיי נישט דער־קענען. אין מינוטן פון פּחד צו פאַרבלייבן אַליין — געפּאָרט האָבן זיך זכרים מיט נקבות. נישט געשפּירט האָבן זיי, אַז דער וואָלקן יאָגט זיי איבער, לייגט זיך ווי אַ ווייכער טעפּיך אונטער זיי, און ציט פאָרויס אויבן.

יאָרן זענען אַזוי דורך. מען האָט אים, דעם פּחד, פאַרלייקנט, פאַרדושעט אין זיך, אים איבערגעדעקט. נישט מודה־געווען, אַז ער איז דאָ. תמיד, ווען ער האָט געוואָלט אַרויס דורכן מויל — אַראָפּגעשלונגען מען האָט אים, נישט אויפ־גיין זאָל זיין פּאַרע.

איצט האָט ער ווי פּלוצעם זיך באַוויזן. די יונגע דערזען האָבן אים צום ערשטן מאָל. באַזעצט ער האָט זיך אין זיי. ער איז אַריין, אויפגעדראָלן זייערע אינגעווייד. זיי האָבן זיך געיאָגט, ווי בעלי־חי, נאָכן עק וואָס דרענגט אַרויס פון זייער לייב.

זייט דעמאָלט, אַרויס זענען זיי פון די שטובן. זיי איילן מיט אים איבער גרענעצן, לויפן איבער ימים. נישטאָ ווו מיט אים זיך צו באַהאַלטן. אומעטום נעסטיקט ער זיך איין. אַלץ פאַרכאַפּט ער; היפּערט נישט צווישן שולדיקע און אומשולדיקע. זיי פאַלן און ער שטעקט צו זיי הענט. זיי שטייען צווישן די געבליבענע און די מתים. אַזוי — נישט אונטערגיין וועט ער, ביז אָנשטעקן ער וועט נישט דעם גאַנצן יקום.

ווי פון אונדזער שעפּטש, האָט זי זיך איבערגעוועקט. אָפּגעגעזעצט, האָט זי צעעפנט די אויגן — נאָך מיט דער האַנט פאַרלייגט אַרום מויל. זי האָט געזאָגט, אַז איך בין ענלעך צו איר מוטער. זי האָט געפרעגט, צי מיין לייב טוט מיר וויי; אין חלום האָט אַ באַשעפעניש גיריק זיך איינגעביסן אין איר גומען אויבן. ווידער האָבן אירע אויגן־וויעס לייכט אָפּגעציטערט. פון דער ווייטנס האָט זי געהערט טריט. זי האָט געזאָגט, אַז זי וויל אין אַ קאַפע. זי זעט מיט אירע שטעכל־דראָטענע ברילן אויך אין דער טונקל. ווען זי האָט זיך אויפגעשטעלט

האָט די געקעסטלטקייט פון איר קליידל זיך אויסגעשפרייט צו קראָטן. מיר האָבן דורך זיי דורכגעקוקט; זיך באַהאַלטן הינטער די אויגן אין זיי.

איידער מיר זענען אַרויס, האָט זי אָנגעקלאַפּט אין טיר. ש. איז אין דעם אַוונט אַוועק, זיך אַריינוואַרפן אין אים, ווי אין אַ טייך. דעם פאַל האָב איך געהערט פון אַלע מויערן — אויך ווען מיר בײדע אַריין זענען אין די גאַסן. פון איבער די שטאָכעטן האָבן די פענצטער אַריינגעשניטן זיך אין טונקעלן חלל מיט ליכט־זיילן. איין לאָמפּ איבערגעגעבן אונדז האָט אַ צווייטן. מיר האָבן צווישן זיי זיך געמיניעט; אַריין אין ליכט און ווידער אַרויס. פלעק־פינטעלעך זענען אויף אונדז געפאַלן. זי איז געגאַנגען באַדאַכט, ווי זי וואָלט פאַר זיך געלאָזט אויסשפּירן דעם וועג — די בריסטן פאָרויס, דעם גוף — צוריקגעהאַלטן.

פון די נייע קוואַרטאַלן זענען מיר אַריין אין די אַלטע; פון זיי אַרויס און ווידער — אין נייע. צו מאָל האָט זי מיך געפירט פאָרויס; צו מאָל, אין דער בלאָנדזשעניש — אויף מיר זיך אָנגעלענט, מיר נאָכגעשפּרייזט. אַ ווייל האָב איך זיך געכאַפּט, זי פירט מיך אויף ירושלימער געסלעך, וועלכע איך קאָן נישט. טיף זענען מיר אין דער פאַרהוילעניש. ווען נישט די ווייכע שטיינער, וואָלט איך די שטאָט נישט געשפּירט.

זי האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנט; אירע פינגער אין מיר אַריינגעלאָזט ווי וואַרעמע וואָרצלען. איר דופק האָט געקלאַפּט ווי אַ המשך פון מיינעם; אונדזערע ריטעמס — געפלאָסן ווי איינער. איצט האָבן מיר צוזאַמען געשטעלט די טריט. שוין לאַנג ווי איך האָב יעדן טאָג אין ירושלים אַ שיעור — גיין אין דער לענג און ברייט פון שטאָט. אַזוי אַרום בין איך זי קונה דורך משיכה. צו מאָל האָבן מיר ביידע צוזאַמען אַרויסגערעדט די זעלביקע ווערטער. איך האָב געזוכט די שאַטנס פון מענטשן, וועלכע האָבן דאָ מיר זיך פאַרבייגעווישט ווי טיכער. איך האָב זיי נישט אָנגעטראָפן. איך בין פול מיט שכחה.

ווידער האָב איך געזען, האָט די שטאָט צוויי מחנות, יעדע פון זיי — אַן אַנדערן אַראָפּהאַנג. זיי מישן זיך נישט, רירן זיך נישט אָן, ווי זיי וואָלטן נישט געשפירט — איין מחנה די צווייטע.

פון איין זייט, ברייטע גאַסן, באַלויכטן מיט ליכט, ווי פון ווייסע נעכט. זיי זענען אָנגעפילט, די גאַסן, מיט גייענדיקע צוריקקערער, ווי אַ שטראָמיקער טייך, וואָס שפּאַרט נישט זיינע וואַסערן. די אויגן ביי אַלע — מיט געלע ווייסלען, ווי מיט לאָמטערן. די קליידער — מיט טאַשן אויף טאַשן. אַלע גענייגט מיט די אַקסל צום ליכט. זיי טראָגן אויף זיך דעם עול ווי דעם אָרון הברית. זיי זענען העכער, אָנגעפילט. זייער קאָפּ, ווי פאַרזעצט אין די הויכן, לענען זיי אונטער. דער חלל — צעשפּאַרט; די לופט — קלאָר. נאָר דאָ דערזען זיי. זייערע גופים — צוגע־קלאָמערט צו די הייזער. איבער זייער לאַנגן וועג — האָבן זיי אַהערגעגרייכט. ירושלים איז אָפן, העכער. זי טראָגט אויף זיך; זיי גייען צו איר אויף. פון אומעטום זעט מען זיי אויך אין די נעכט. זיי פילן, אייביק איז זי, די שטאָט. דאָ איז דער צענטער. ווי מטבעות פון אַמאָליקע יידן — קלינגען אָפּ זייערע טריט.

זיי זענען נישט אָפּגעשניטן. די עלטער איז זייער יחוס. עס איז געקומען די צייט פון איינזאַמלען. אַלץ איז פאַר זיי נאָענט. שטרעקן זיי אויס די הענט — שטייען זיי פאַרן עיקר. זייערע פרויען — מיט מילך גייען איבער זייערע בריסטן. אויף די, וואָס זענען אַוועק ווייט, קוקן זיי ווי אויף זינקנדיקע אין די טיפענישן פון פאַר אַלעם; אויף זייערע קינדער וואָס בלאָנקען דאָ — ווי ירושלים וואָלט פאַרמאַכט אירע אויגן; אַראָפּוואַרפן זיי וועט זי פון זיך.

דערקענט האָב איך אויך די צווייטע מחנה — די באַלאַגערער, וואָס דרייען זיך אין די טונקעלע געסלעך. זיי זעען נישט — כאָטש אַלע טראָגן זיי ברילן. זייערע אויגן אַראָפּגעצויגן צו דער ערד, ווי אין איר וואָלטן זיי געזוכט. געשלאָגן איז אויך זייער זכרון. זיי געדענקען פאַרנעפּלט זאַכן, ווי פון פאַר זייער געבוירן. זיי ווייסן נישט מיט וועמען דאָס איז געשען. פון דער אַלטשטאָט מאַרשירן זיי אַרויס, שטיל־שווייגנדיקע, מיט קעסלעך. ווי אַ גליווערנדיקער טייך פליסן זיי אָן, און שטייען אויף איין אָרט. די אַקסלען ציען אַראָפּ אונטן. די ערד דערלאַנגט זיך נישט צו זייערע פיס. זייערע האָר הייבן אונטער זייערע היטלען, ווי קאָסטנס איבער די קעפּ. זיי פאַלן טיף איבער זייערע פנימער, פאַרמאַכן זיי הערמעטיש. פון אונטן שטעלן אַלע וואַקלנדיק אַרויס די טריט. עס בלענדן זייערע קאַלירטע קליידער — אָן טאַשן. זיי גייען אין דער שטאָט ווי אין אַ גרויסער טראַכט; קוקן אויף די אויפגייענדיקע ווי אויף זקנים, וואָס טרעטן פון יענער זייט יונגקייט.

מיין מיידל האָט דערקענט די הייזער און טורעמס; אַלץ אָנגערופן ביי די נעמען. טיף אין די פאַרהוילענע געסלעך האָט אַ זקן געפירט אַ קינד פאַרן הענטל. אַן אָפּגעשונדענער הונט איז דורכגעלאָפן. ער האָט פּלוצעם זיך געזעצט אויף די צוויי הינטערשטע פיס און אַרויפגעבילט. פון ווי ווייט האָבן הינט מיט טאָפּלטע קולות צוריקגעבילט. אין די באַלויכטענע גאַסן האָבן טירן געסקריפּעט, ווי זקנים וואָלטן זיך פאַרמאַכט. אויף אַ רוקשטול האָט אַ לאָמער פאַרבייגעפירט אַ געליימטן. אַ מזרח־פרוי, מיט אַן אַרומגעוויקלט ווייסן באַנד אַרום שטערן, האָט דורכגעאײלט. איבער אירע אויגן — אַ פּאָר קאָלירטע ברילן מיט גרויסע קײלעכדיקע גלעזער. אויף אַ באַנק איז געזעסן אַ מאַן מיט אַ שטעקן אין האַנט. אויף אַן אַרויפגעשטעלטן שוך האָט ער איבערגעבונדן אַ שנורוואָדלע. דאָס מיידל האָט זיך אָפּגעשטעלט, פאַנאַנדערגעשאַרט די האָר, אָנגעשטעלט אין דער פינצטערניש דאָס אָפּגעדעקטע אויער. זי האָט געפרעגט, צי מען רייסט־אויף שטיינער אין די בערג; אַ ציטערניש איז אונטער אונדז דורך די ערד־טיפענישן. דער חלל דאָ איז דורכגענומען מיט אַן אַלטן באַגער. דער ווילן וועקט זיך אין איר. זי האָט געפרעגט, צי איז אמת, אירע זיידעס זענען אַהערגעקומען שטאַרבן; אויף דער עלטער דאָ האָבן זיי געהאַט קינדער, אָדער — שוין טויטע האָבן זיי זיך אַהערגעקאָלערט. זי פילט, זיי קריכן דאָ אומעטום, מיטן פנים אַרויף, אונטער אירע טריט. זיי בראָיען אַרום, און אפשר, פון זייער קאָלערן — ציטערט זי דאָ אויף, די ערד?

מיין באַגלייטערין האָט ווייטער געזאָגט, אַז זי הערט, אונטער דער ערד קראַכט. אויך אונטער אונדז ברעכט זיך. זי האָט געפרעגט, צי איך פאַרנעם קולות. ווער עס שטאַרבט נישט — וועט נישט אויפשטיין תחית המתים.

איך האָב געוואָלט אַנטלויפן פונעם קיילעך. פון מיר זאָל עס ווידער זיך אָנהייבן. געוווּסט האָב איך, גענומען זענען מיר פון דער ערד דאָ. אין איר באַגראָבן זענען מלכים און נביאים.

זי האָט מיך געפירט צו אַ פריזיערניע אין דער אַלטשטאָט. זי האָט אַריינגעקוקט; געהיטן, מען זאָל אין דער דרויסנדיקער פינצטערניש אונדז נישט דערזען. איך האָב געעפנט די אויגן. די גלעזערנע טירן — איבערגעצויגן מיט שוואַרצע דראָטלעך. אַ גלעקל האָט קלינגנדיק אַלע מאָל אַריינאַלאַרמירט. אַן אַראַבישער שערער אין אַ ווייס פאַרטעך האָט אַלע מינוט, מיט אַ קורצן פינגער, צוגערופן אַ וואַרטנדיקן, אים אַריינגעזעצט אין דער שטול. אַרום די געקאַלכטע ווענט — נאַקעטע מענער מיט האָר־שויבערס, ווי שוואַרצלעך־דינע פוטערס. אונדזערע פנימער אין דרויסן, צוגעקלעבט צום גלאָז — איינגעקוקט. מיר זענען געוואָרן צו געשטאַלטן אויף אַ פלאַקאַט פון דער אַנדערער זייט, וואָס זייערע מחשבות לויפן איבער פון איינעם צום אַנדערן. מיר האָבן ביידע געוווּסט, אַז דאָס איז אַ מחנה, ערשט געקומען. אין מיטן דער שורה — צוויי פון זיי צוגעדרייט מיט די פנימער איינער צום אַנדערן, באַהאַפטן די וויעס. הינטער זיי — עמעצער מיט פראַסטיק־ווייסע האָר אויפן לייב. דער שפּיגל אַנטקעגן אויף דער וואַנט — אַן אַלטער מיט ברוינע פלעקן. מען זעט אין אים פאַרגליווערטע פנימער. ער שפּיגלט אָפּ אויך אונדזערע פלאַטשיקע נעז, צוגעדריקטע אַנטקעגן, צו דער שויב. אונדזערע אויגן־דעקלעך הינטערן גלאָז מאַכן כסדר זיך אויף און צו. מיט אַ מאַשינקע האָט ער איינעם נאָכן אַנדערן אָפּגעשוירן, אַראָפּגעוואָרפן פון זיי די האָר. זיי זענען אָפּגעפאַלן, ווי לייכטע־איברים. ביי די צוזאַמענבאַהאַפטענע האָט ער, אין דער מיט, מיט אַ שער פאַנאַנדערגעטיילט די וויעס. די אָפּגעשוירענע זענען נאָך דעם אַרויסגעוויקלטע געבליבן זיצן, נאַקעט־אויסגעבלייכטע, אויף זייטיקע בענק. זייער בליק ווי אַן עכאָ. מיטן אַן אומגעזעענער שנור איז ער זיך צוזאַמענגעוואַקסן מיט דעם שערערס בליק. דער דיל — כסדר פולער מיט דער אויפגעבלאָזענער גלאַנציקייט — אַ פולכנע, ווי טיף־ווייכע פאַקע. די וואַרטנדיקע זענען אין איר געזונקען ביז די קני. מיר האָט געביסן דאָס לייב. איך האָב געוואָלט זיך אַריינרייבן. איינער, אַ נאַקעטער, אַ נידעריקער, מיט אַ דין וואַנצעלע, האָט מיט אַ באַרשט אויסגעקערט די שטויסן. איך האָב אַראָפּגעקוקט. ער איז פאַרשטאָפּט. אַלץ איז ביי אים אונטן פאַרמאַכט. ער פאַרנעמט נישט דעם אָנהייב און סוף. עס האָט נישט דורך וואַנען אין אים אַריין. ער האָט געקערט און דער פרישער פוך האָט וואָס אַ מאָל העכער זיך געהויבן; די פיס אַרום פאַרשיט טיפער. ער האָט זיי געגעבן שטומע צייכנס. זיין צונג אַריינגעשטעקט אין אַ צוװענגל. ער האָט אָנגעצונדן אַ קאָפּ, אויסגעקריצט אויף אַ בלוי חלבן ליכטל. דאָס קעפּל האָט געברענט. דאָס פלעמל אויבן האָט זיך

געריסן ווי פון אַן אָפענעם מוח. איבער די גופים, פאַרזונקען אין האָר־אַנשיטן — האָבן זיך געהויבן די נאַקעט־אָפּגעגאָלטע קעפּ. די שטוב האָט אַלע מאָל מער זיך פאַרמאַכט, זיך אַנגעפילט, אַן אויפגעדראָלענע. צו מאָל האָט זי זיך איבער־געקערט פון אַלע זייטן מיט דער פאַטשעווקע אין דרויסן אַרויס, ווי אַן איבער־געדרייטע פעל.

מיר זענען גיך אַראָפּגעשפּרונגען. ווידער זענען מיר געגאַנגען אויף די בערג־אַראָפּגעהאַנגען פון שטאָט. דער הימל — שווער אַראָפּגעלאָזט. מיר האָבן געהיפּערט אונטער די גאָלד־מנורות פון ירושלים; זיי שטעקן זיך אויבן ווי הענט פון זיילן.

ווידער זענען מיר אַרויס אין די גאַסן. די שטאָט געשטעלט האָט זיך קאַפּויער, אויף די פאָדערשטע פיס, ווי זי וואָלט זיך איבערגעמישט און ווידער זיך אויסגעגלייכט. די קוואַרטאַלן אַנגערוקט האָבן זיך אונטער אונדזערע טריט. די גאַסן — שמאָל און לאַנג. פון אַלע זייטן געצויגן האָבן זיי צו אונדז אויס־געליידיקטע. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק, פאַרדרייט אין אַ קאַראַהאָד מיט די שטערן אויבן. איבער די טראָטוּאַרן געאײַלט האָבן גרויע פעלדזן. היטלען, פאַרבייגעצויגענע אויף די שטיינער, האָבן אונדז באַגריסט. פלוצעם, זענען זיי אויס־געוואַקסן, די געקומענע. פון אַלע הייף און גערטנער געפלאָסן אין די אויסגעליי־דיקטע גאַסן, ווי אויף איינצונעמען דעם צענטער. די היגע איינוווינער האָבן פאַר־שלאָסן זיך אין די שטובן. די שטאָט, אַ באַלאַגערטע, ווי אַ פרעמדע אַרמיי וואָלט דורך, האָט זיך פאַרמאַכט איבערצוּוואַרטן. מען האָט געשפּירט דעם אָטעם פון די אַרויסקוקנדיקע אונטער די שוועלן. פון די לאָדן־שפּאַרעס אַרויסגעשיינט האָבן ליכט. אינעווייניק האָבן חכמים מיט גענדזענע פעדערס פאַרשריבן אין אַ ספר די קורות פון דער דאָזיקער שטייענדיקער מינוט. צו מאָל האָט זיך געדאַכט, אָט פאַרלייגן די דרויסנדיקע דאָ, אונטער דער לבנה, זייערע נייע שטובן, און בלייבן אינעווייניקסטע; אָט פאַרלאָזן טייל די שטובן פון אינעווייניק, און בלייבן דרויסנדיקע. די געקומענע האָבן נישט קיין לייטער צו שטייגן.

אויף פון דער פּריזיערניע איז אַרויסגעקומען דער נידעריקער מיטן שמאָלן וואָנצעלע, ער האָט געפּרוווט, אַן רייד, זי אָוועקרופן. ער האָט צו איר געוווּנקען. זי איז שטיינגעבליבן אין דער מיט ווי לוט׳ס ווייב, און אפשר ווי אַ פעלדז — אונטער זיך. זיין לייב האָט צו איר געקניט. ווידער האָט זיך איינגעשטילט אַרום. אַ רגע האָט אויפגעלויכטן. אַ בליץ האָט אונדז אַרומגענומען. איך האָב דערזען אַ ליכט־טייך. ער ציט זיך אין די בערג. געוווּסט האָב איך איצט, אַז עס פעלט דאָ אַ וואַסער, וואָס טיילט פאַנאַנדער די שטאָט; גיסט זיך אין די טאָלן — אויף אַריבערצוגיין אים מיט אַ שטעקן; די וואַסערן ווערן איינגעזאַפּט אין די בלעטער פון אונדזערע ספרים, וואָס פילן זיי אַן ווי געלע בערג; די קאַרעטע גייט איבער פון צעיוירענע אותיות; אויבן קאָן מען אַריבעראײַלן ווי איבערן בליי.

נעבן אונדז איז ווידער אַויסגעוואַקסן דער מיטן קורצן וואָנצעלע. ער האָט אויסגעזען העכער. זיין גוף צעצויגענער. ער פאַרפאָלגט אונדז. זיינע אויגן

לעכערן דין דורך די פינצטערע נאַכט. זי שטעלט צו אים אַרויס פּיס, ווי פון צווישן די קראַטן פון איר קלייד. זי גייט מיט אירע טריט איבער אים. ער האָט געפרעגט צי מיר ווילן, ער זאָל אונדז פירן אין דער נאַכט. זי האָט זיך געבויגן אונטער זיינע ווערטער. ער איז געגאַנגען פון אויבן, ווי איבער אַ פּאַלנדיקן לייטער. אַ באָרוועסע איז זי אַריין אין דער נאַכט. ער האָט זיך געלייגט איבער דער ערד. זי איז איצט געגאַנגען אויבן. איך האָב געוואָלט שרייען, אַז זי זאָל אָנטון שיך; די לעדער זאָל פּאַנאַנדערשיידן צווישן בײדע וואָרעמקייטן; אָדער — זאָל זי צוריק אַריינציען די פּיס אין דער אַנדערער זייט פון די קראַטן. זיין גוף טיילט אָפּ אירע סטאַפּעס פון די וועלכע ווילן אירע טריט אָראָפּציען. זי האָט נישט געהערט. אויף אַ רגע איז זי געוואָרן אַנגעשטעקט מיט שׂכחה; זי איז קראַנק. אַ נאַכט־ווייסקייט, ווי צרעת, האָט זיך געשפּרייט צו אונדז. אונדז געוואָלט אַרומהילן. אין דעם ליכט האָט מען אַרויסגעזען זיין קאָפּ. ער שיינט מיט געסטאַיטקייט. ער שטייט, אַליין, איבער דער פינצטערניש.

ער האָט אונדז געפירט אויף אַן אויסשטעלונג אין מוזיי מיט די ליידיקע ראַמען. זיי זענען געהאַנגען אַרום און אַרום אויף די פיר דיקע ווענט — ווייס־געקאַלכט, טויב. אויך דער דיל אונטן — ווי אַ ליידיקע ראַם — אַן אַ צודעק. מיר באַוועגן זיך און קאָנען נישט איינגליווערן. מיר בלאָסן־איין אין דעם קאַלך פון אַרום, וואָס שטראַלט מאַט צו אונדז.

מיר זענען אַריין אין דעם קאַפּע־הויז. אויפן דיל — געצייכנטע קעסטעלעך אין שטיין־באַלאַטן. שוואַרצע פירקאַנטיקע פּאַסן אַרום פּאַסן. איבער זיי — סטאַפּעס פאַרזעצט אין די קוואַדראַטן. אַ געמיש פון פּיס אונטער טישלעך — האַריקע און גלאַטע; געבויגענע און אַנגעלענטע; שלאָפנדיקע און זיך באַוועגנ־דיקע. איך האָב געקוקט אויף די לאַנגע און קיילעכדיקע. דער אונטערשטער טייל פון זאָל — נידעריק; ביים דיל — געדיכט, ווי איינגעקלעבט. נערוועזע פּיס־פינגער האָבן זיך געשפּאַנט. איבער די טישלעך — קעפּ, אָפּגעטיילטע. די פלאַכע באַקן אַנגעשפּאַרט האַרט איבערן הילצערנעם אויבן; אַרויף — אַ קיילעכדיקע באַק וואָס אָטעמט. די אייבערשטע דריי פערטל זאָל, הויך ביזן סופית — לער, אָן סטאַפּעס, וואָס זאָלן טרעטן. אַ ריח האָט אויבן אַרומגעשוועבט. ער איז אונדז אַנטקעגנגעלאָפן ביים עפענען די טיר. ביי אונדזער אַריינקומען, האָבן קעפּ, איינער נאָכן אַנדערן, זיך געהויבן אין דער ליידיקייט אַריין; די פאַרמאַכטע אויגן האָבן אונדז נישט אַנטקעגנגעקוקט. די גופים — זיך נישט גערירט. מיין באַגלייטערין איז געגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן; ביי אַלע אויפגעהייבן די קעפּ, ווי אַ רגע מיטן בליק געוואָלט מיט יעדן זיך מזדווג־זיין. אויך ביי איר זענען די אויגן געוואָרן אַלץ גלאַטיקער פאַרצויגן, ווי ביי אַ נאַכט־וואַנדלער; אין ווייסל — אַ ראַץ. ביי מיר זענען די אָרעמס געליימט געוואָרן, אַ לערע שווערקייט האָט זיי אָנגעפּילט. איך האָב נישט געקאָנט זי צוריקרופן. מיין פינגער ווי, אַן אַנגע־גאָסענער, האָט זיך נישט געבויגן. מען קאָן מיך אַרויספירן.

איך האָב געוואָלט זיך שטאַרקן, בלייבן וואָך, מיט נישט אונטערגעהאַקטע

פּיס; זיך אַרויסהייבן איבער זיי. מיטן פּנים האָב איך איר געגעבן סימנים, נישט באַוועגנדיק מיטן קאָפּ, ווי דער חלל וואָלט מיך געבונדן; מיך איינגעמויערט אין זיך. זי ,שטייענדיק, איז ווידער געשלאָפן, אָטעמדיק וואַרעם, ווי זי וואָלט דיריגירט מיטן דרימל פון אַלע, נאָר די הענט אַראָפּגעלאָזט. עס האָבן צו מיר אויפגעהויבן די פּנימער צוויי שלאָפנדיקע מיידלעך, מיט אָפּגעדעקטע פּיס, איינגעטוליעט ווייך קערפּער אין קערפּער. איך האָב געזען, זייערע קעפּ — אָפּגעשוירן הויל אַן האָר, ווי אָפּגעזונגטע שאַרבנס. זייערע צעפּ, נאָך וואַרעמע, מוזן, ווי ווייכע שלאַנגען, זיך וואַלגערן נישט ווייט. די אויגן — אַרויס; ביידע פּאַרנט — מיט די ברוסט־וואַרצלען באַהאָפטן צו זיך, ווי שטראָם־איבערפירער, אַריינגעלאָזט פון איינער צו דער צווייטער. איך האָב זיי געזען אין שפּיגלען, אַרום די פיר ווענט. אויך אַלע זענען דאָרט צעלייגט — גרויס און קליין — אַ מחנה. איך האָב נישט געוווּסט, וועלכע עס זענען זיי אַליין, און וועלכע זייער אָפּשפּיגל.

פּלוצעם האָב איך דערזען, אין אַ ווינקל זיצן אָנגעלענט אויף עלטערע קינסטלער — טעכטער פון ירושלים. זיי זענען געבוירן שוין דאָ און האָבן דעם רויך נישט געשפּירט. ער באַהאַלט זיך נישט אין זייערע הויט־צעלן און אין שאָטן אונטער זייערע אויגן. אויך זיי זיצן אָטעמדיקע און וויקלען זיך אַרויף אויף העלדזער, ווי איבער וואַרעמע זיילן. אַ פינגער־שפּאַנונג באַלאַנדזשעט אויף זייער געבערגלטקייט און טאָלן. זיי לאָזן אויף זייערע גופים אויסשפּילן אַ געבעט פון געפאַלענע, ווען עס איז נישטאָ קיין רעגן. אויך די יצירה איז ווייט. די ברייטע דלאָניעס פון די קינסטלער בעטן צו זיי ציטעריק, אומבאַהאָלפן. זייערע איברים פאַלן פון זיי שוין אָפּ שטיק נאָך שטיק — האָר נאָך האָר, צאָן נאָך צאָן. מען טוט פון זיי אָפּ — מער נישט אומצוקערן. זיי זיצן דאָ, ווי באַהאַלטענע אין דער נאַכט, וואָס מען שענקט זיי דעם לעצטן גענאָד. אונדזערע יונגע זענען נישטאָ. זיי וואַכן ווייט איבער די גרענעצן. זייער אויער איז אויפגעשפּיזט צו יעדן געשאַרך. זיי היטן אַרום דעם ריטעם פון אונדזער דופק, כאָטש אויך זיי ווילן מידע לייגן דעם קאָפּ. דאָ בעטן מיר אויף רעגן, די מינוטן זאָלן דויערן לאַנג, און אַז זיי זאָלן שנעל זיך נישט צוריקקערן. מיר זענען קליין און אַלט. אַ, גאָט, פּאַרנעם כאָטש דו!

אויך אויף דעם מיידל נעבן מיר געוואָרפן געוואָרן איז אַ דרימל. ער האָט וואַרעם זי איינגעהילט. זי האָט גערעדט אָפּגעהאַקטע רייד, ווי אין אַ חלום. איך האָב געפּרוּווט זי וועקן; געזוכט צווישן די האָר אירע אויערן־טרובעס. אין איר פאַרגליווערטקייט שטראָמט אַ ווילן. אפשר לעקט עמעצער אינעווייניק אירע פּייקלעך; אירע אויערן־טרובעס זענען גענייגט אויף אַריין.

איך האָב געזען, אַלע זענען זיי ווייט פון אונדז, ווי נישט צוריקצוקערן. זיי האָבן נישט וווּהין. אַ מורא איז אויסגעשפּרייט אַרום זיי. געוווּסט האָבן מיר אַלע מאָל, אַז ווען איין רינג וואָלט פון אונדז אַרויסגעפאַלן — וואָלטן מיר אַלע נישט געווען. אונדזערע זיידעס האָבן פון דור צו דור אונדז אַריבערדערלאַנגט, פון אונדז דאַרפן זיי ווידער זיך אָנהייבן. אָן זיי דאָ — אָפּגעהאַקט ווערט אונדזער

גאַנג. אַ מורא איז מיך באַפאַלן, אויך זייערע פאַרוגען געבוירן וועלן נישט. בלינד זענען זיי אין די נעכט.

פלוצעם, האָב איך דערשפירט דעם ריח מיט וועלכן די לופט איז דורכגענומען. ער סטאַיט־איין דעם חלל, און אַלץ אין אים. אויך די ביימער און הייזער. נישטאָ פאַר אים קיין אַנטרינונג. ער איז געל־צעלויכטן. אויך אין דער נאַכט. אומעטום איז חושך־מצרים; אַ געדיכטע וואַלקנדיקייט שוועבט אַרום. זיי זענען איינגעשרויפט אין איר ווייכקייט, טאַפּן זי. נאָר מיר דאָ זעען. ער לייגט זיך, דער וואָלקן, צו אונדזערע פיס, און וויל איינדרימלען.

און מיט אַ מאָל אויפגעווייטיקט אין מיר האָט דער פחד פון יענע טעג. געמיינט האָב איך, שוין לאַנג בין איך פון אים אַוועק. ער איז מער נישטאָ. פלוצעם האָט ער אויפגעבליט, ווי אַן אָפּגעשניטענער איבר, פון מיין דנאָ. די וואָלקנדיקייט וועט אַרויף צו אונדז אויף די בערג.

געוואָלט האָב איך אויפשרייען, אַז יעדער זאָל אויפהייבן דעם קאָפּ: זייערע גופים וויגן דאָ זיך שוין ווי אין הענגען. ווי זיי, ווער איך איינגעשרומפּן. מיין פנים ברענגט אַרויס גרימאַסן. איך זינק טיפער אין די ווייכע האָר; נידער, און קאָן נישט אַרויסשטעקן מער די הענט.

און אפשר שפּירן זיי, אַ האַנט היפּערט און טיילט זיי אָפּ. זייער גוף איז אָפּגעדעקט, אויך ווען זיי שערן זיך נישט. נידעריק זענען זיי ביי דער ערד. מיר האָבן זיי אויסגעבעטן. איצט ציט זיי אויף צוריק.

אין איין רגע האָבן טייל אַרום מיר זיך אויפגעשטעלט, צוזאַמענגערוקט די טישלעך. דאָס קאָפּע האָט זיך אויפגעהויבן אין חלל אַריין. די בערד און ברעמען — אַריבערגעצויגן אויבן; איבער אונדזערע קעפּ, פאַרשפּרייט ווי אַ חופה. אַ האַנט האָט אַ קלאַפּ־געטון אין טישל אויבנאָן. אין דער שווייגעניש בין איך איינער צווישן זיי געבליבן זיצן מיט אַ נאַקעטער גאַמבע. קיינער האָט נישט געקנייטשט דעם שטערן, ווי נישט מפסיק צו זיין. עמעצער האָט גערופן צו אַן אסיפה פון ועד ארבע הארצות. די האַנט געבליבן איז אין דערוואַרטעניש. די טעכטער זענען געזעסן מיט אונדז אין אונדזער שטומקייט. איצט האָבן זיי מורא, אַז מיר זאָלן נישט אַרויסרעדן. אין דער איינגעהאַלטנקייט, האָט די חופה פון איבערגעצויגענע ברעמען ביסלעכווייז געגומען לויז נידערן אַראָפּ, זיך איינלייגן איבער אונדז. שוין פון לאַנג געווען איז זי איבערגעשניטן.

עס איז דורך אַ ווײַלע. געזען האָבן מיר, אַז די נקבות זענען אַוועק. פינגער פון דרויסן האָבן זיי גערופן. זיי דערשפּירן, יעדע, דעם פינגער, מיט אַ ברי אין זיך, ווי אַ שטייענדיקן מאַגנומענט אַן אותיות. פאַרבאַרגן, אין דעם שאָטן פון דער נאַכט, לאָזן זיי זיך איינע נאָך דער אַנדערער, אַרויס, דורכגעלויכטענע ווי אין אַ וואָאַל. זיי פאַרשווינדן. עס בלייבן בלויז די זכרים. זיי ווילן אַראָפּרייסן די הויט, ווי בלאָנעס פון פאַר די אויגן. און וואָס וועט זיין, אויב נאָר די זכרים וועלן בלייבן? פאַרמשפּט ווערן מיר אייביק זיין אַ פאָלק פון טאַטעס.

אַ רגע איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אונדזערע טעכטער גייען איצט אויס אין

ווייטע ווינקלען. פרעמדע קומען אויף זיי. פנימער פאַרשפּרייט איבער פּנימער. זיי דעקן זיך אָפּ די פּנימער, אין אָט דער רגע; דערזען זיך ווי ערוות.

געוואָלט האָב איך אויפשרייען, אַז פאַרן־זיך איז דער לויז פון די וועלכע שטייען־אָפּ; פאַרמשפּט זענען זיי תמיד אויף בלייבן ליגן; קיין מאָל מער זיך נישט אויפהייבן.

אויך זי איז געהאַט פאַרשוואונדן מיט דעם מיטן קליינעם וואָנצעלע. ער האָט זי דערגרייכט אין דער לערקייט פון דער רגע. דורך אַ פּלייצע האָט ער צו איר דורכגעשטעקט אַ פינגער. זי האָט דערשפּירט דעם געזאָלצענעם ריח פון זיין הויט, וואָס גייט איר אויף אין גוף, דורך די באַזלעכער — ביז אירע אַקסל־שפּיצן. זי איז אין אים אָפּגעפלאָסן צוזאַמען מיט אַלע, ווי אַ ים וואָלט זיי פאַרשוונקט.

מיר אַלע אין קאַפּע זענען איבערגעבליבן. אונדזער אָפּשטראַמיקן שוויס וועט קיינער מער נישט אויפנעמען; אָפּגיין וועלן מיר אין אים. טייכן ווי בערד וועלן פון אונדז אַרויס.

שפּעטער זענען אין דעם ליכט צוריקגעקומען אונדזערע טעכטער. פאַרויס פאַר זיי האָבן זיך גערוקט זייערע גופים; זייערע אויגן אויפגעריסן, ווי געבלענדט פון אונטן. אין דער געדעמפּטקייט האָבן זייערע לייבער געוויכערט. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט — יעדע ווי מיט אַ בלוטסטראָפּ אינעווייניק; די צעלן — צעעפנט. מען האָט געשפּירט דעם שלאַנג, ווי אַ וואָרצל, וואָס מען האָט ביי איר פאַרזעצט.

איך בין אויף אַ ווייל אַרויס. אין די ראַגעס האָבן פרעמדע נאָך אַלץ געלויערט, געהיפּערט ווי שליחים איבער די קאַפּע־הייזער. פון צייט צו צייט זענען טעכטער געגאַנגען נאָך זיי. איך האָב געוווּסט, אַז מען טריבקט זיי דאָרט אָן מיט ביטערע וואַסערן. זיי שלינגען זיי אַראָפּ. זייערע בייכער ווערן פאַרהאַרטעוועט. אויף אַ רגע שטאַרבן זיי.

פּלוצעם, האָב איך געשפּירט, אויך איך בין אַנגעשטעקט. ווי ביי אַ נידעריקן וואָלף קריכן מיר בלישטשנדיק אַרויס די אויגן. זיי לייכטן אַריין אין דער נאַכט. איך האָב געהערט, דאַקטוירים אין ווייסע כאַלאַטן באַפעלן קינדער, עפענען דאָס מויל. זייערע מאַמעס שטעקן אַרויס די צינגער. פון דער אַנדערער זייט טראָטואַר איז דורך, ווי אַ באַוועגנדיקע זיך פלאַש, אַ מיידל מיט אַ דערשטיקט קינד אין זיך. עס רעגנט. קעץ עפענען אַרויף די מיילער; מיינען, אַז די לעבלעכע שנורן פון אויבן פאַלן זיי אַנצוטרינקען. יונגע קעצעלעך שפּילן זיך מיט די פּיסלעך אונטן; באַוועגן ווי פראַגנדזן די פאַלבדיקע שנורן. יונגע נקבות גייען אַרויס פון די קאַפּע־הייזער, שטעלן זיך פאַר די טירן, אונטערצושטעקן, ווי אין אַ תפילה, די טרוקענע ליפּן.

איך בין ווייטער געגאַנגען ביז אַ באַנק אין דער אַליי; שווער אויף איר זיך אַראָפּגעזעצט. דער שטערן האָט מיר געבריט. די עלנבויגנס אַנגעשפּאַרט אויף די קני; דעם קאָפּ אַריינגעלאָזט אין ביידע הענט. איבער מיר האָבן שאַרף גע־

פינקלט די שטערן. מיין גוף האָב איך געוויקלט אין די שטחים פון דער שטאָט, זיך געקאָלערט אין זייער שטויב. זיי האָבן מיך איינגעהילט. איך האָב אויפגעהויבן דאָס פּנים. תמיד, אויך אין די נעכט, איז ירושלים גרין. קיין מאָל זאָגן די שטערן נישט אָן די פולע וואָך. יעדער ייד אומעטום איז דאָ געבוירן. פון דאַנען האָט ער זיך אָנגעהייבן צוגלייך מיטן קיילעך. נאָר אַהער בענקען מיר תמיד. כאָטש דאָס לעבן איז קורץ — זענען אונדזערע טעג דאָ לענגער. דאָ איז דער טויער פון אונדזער געבעט. גאָטס אויג איז איבער אונדז — פון אָנהייב ביזן סוף יאָר.

מיט אַ מאָל האָב איך דערפילט, אַז עס דויערט. עס האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. עס קאָלערט זיך אונדז נאָך. דאָס נעמט דער שטויב, אַ געל־בלוילעכער, גאָר אונדז אַרום. מיר זענען אַלע אין אים. מיר שטייגן אויפן באַרג צו דער הויכער שיכט. נאָר פון איר קאָן מען פאַלן.

אַ תפילה איז אין מיר אויפגעגאַנגען: אַ גאָט, נעם אַראָפּ דאָס הייטל פון פאַר מיינע אויגן. איך באַנעם נאָך אַלץ נישט דיינע וועגן. אַנטפּלעק זיך צו די איבערבלייבענישן פון דיין פאָלק!

ווידער בין איך אַריין אין דעם קאָפּע־הויז. די שטולן פון די מענער — ליידיק. זיי זענען נישטאָ. מער וועלן זיי נישט זיין. זיי ווילן נישט נאָך קיין טאָל, כדי צו וויסן. אפשר זענען זיי צוריק אין די טראַכטן. בלייבן וועלן בלויז די זי״ס. זייער גוף וועט איינשרומפּן; זייער פּאַרמאַכטקייט — זיין גרייט. ליגן וועלן זיי אויף דער ערד, ווי אויף אַ גרויס בעט, און קיינער וועט נישט קומען.

זיי זענען געזעסן, די זי״ס, און אויסגעשפּילט זייער געקלאָג: פאַרגעסן אונדז האָבן די ברידער. זיי לאָזן אונדז וואַרטן. אונדזערע גופים — איבעריק, לויז; שלאַבעריק אָן באַריר פון פינגער. פרעמדע האָבן אונדז איינגעזאַמלט.

איינע אָן איבערגעוואַקסענע, מיט אַ קול פון פיל לייב, האָט פאַרגעזונגען:

אונדזערע וולדות וועלקן־אָפּ אין אונדז. מיר זיצן אונטער זיך — אונדזערע טראַכטן אויפגעריסן. עס שרייען אַרויס רוי אונדזערע אברים.

די גופים פון די אַנדערע מיידלעך אַרום, האָבן צוגעברומט: נישט געבוירענע קינדער גייען־אויס אין אונדז. מיר ווילן זיי אַרויסלאָזן. פון אונדזערע גופים זיי אַנטרינקען — אונדזערע וואָרצלען אין זייערע מיילער.

די געזאַנגען האָבן זיך פאַרוויגט, אָנגעפּילט דעם חלל אַרום.

איצט, פרייטיק־פאַרנאַכט, אין דער אַליי; ליגנדיק אויף דער גרינער באַנק, מיטן פּנים אַרויף, האָב איך געזען, די זון אין מערב לאָזט זיך אַראָפּ; די ביימער אַרום מיר ווערן צו פּורפּור און לילאַ. טייל, די איבערגעזעגטע אין דער מיטן־פּאַרמומיעט, אָן בלעטער־קרוין אויבן. דער טאָג פאַרגייט; די וואָך איז פאַריבער. באַלד פאַלט־צו שבת. אויך דער זומער, וואָס הייבט ערשט זיך אָן, וועט שנעל פאַרביי. קומען וועט דער ערשטער סעפּטעמבער. יעדעס יאָר, אין דעם טאָג, ווערט די שטאָט אָפּגעליידיקט. זיי רייניקן זי אָפּ, פאַרטאָג, ווי געיאָגטע; לאָזן

נאָך זיך איבער, ווי אַ טייך, וואָס פליסט אָפּ — דעם פּחד, ער בלאָנקעט אַרום, זוכט זיי אין אַלע שטובן; קען ווידער אַליין נישט זיין. איך האָב אין זיך געשפּירט די פאַרבליבנקייט. נאָך איצט, ליגנדיק, אויסגעשפּרייט — ווי די ערד אונטער זיך, האָב איך באַדויערט זייערע טריט; איר צונג לעקט מיינע פּיס־סטאָפּעס. ווייט זענען זיי אַוועק. ווידער דרייען זיי זיך. עס פאַרכאַפּט קאָנטי־נענטן. און אפשר רוט אויף זיי די קללה פון בענקען אייביק נאָך זייער שאָטן. איך ווייס, קיין מאָל מער וועלן זיי נישט אַריינפאַלן אין דעם וויגל. אויך נאָך אַלעם ווען די ערד וועט זיי אַריינבעמען, זיך שליסן איבער זיי — וועלן זיי יוירען אין איר; נאָך יאָרן אויפטרייסלען וועלן אונדז ערד־אויפּציטערנישן.

דער טונקל האָט אַראָפּגענידערט, מיך פאַרוויקלט מיט שאָטנס איבער שאָטנס. די ערד אַרום האָט אַלץ אויפגעקרעכצט, ווי זי וואָלט נאָך פאַרדייעט. מיר האָבן געפילט, זי גייט אָן, די מגפה. זי איז אין מיטן אויסשפּרייטן זיך; אומעטום, ווערט זי די ערד, פאַרוואַקסן מיט אַ שוימנדיקער הויט; זי בלעזלט זיך, נאָר מיר דאָ זענען ווי אויף אָן איגדזל. אונדזער ערד פאַרשטעלט איז מיט פעלדזן. פרעמדע קאָנען אויף איר נישט אַרויפשטעלן זייערע טריט.

איך האָב זיך געכאַפּט, עס איז שוין שבת אין ירושלים. פון אַלע טאָלן און בערג — באַלייכטן ליכט די שטאָט. מען זעט די פלעמעלעך — אומעטום פון די פענצטער און שטאָקן — אַראָפּהאַנגען איבער אַראָפּהאַנגען. מיר זענען שוין אין שבת. ווי אַ קאַראַנטין רינגלט ער אונדז אַרום. ווו זענען זיי, די געקומענע? אומעטום בלייבן זיי פון דרויסן, אָפּגעדעקט.

איך האָב געטראַכט, פון איצט אָן לאָזן וואַקסן זיך אַ באָרד — נישט געקוקט וואָס איך בין נאָך יונג — אַ לאַנגע, ווייסע, ווי מיינע אבות; אַרומהילן זאָל זי מיך. די ווייטערדיקע דורות שטעקן זאָלן זייערע פינגערלעך אין איר. אייביק זיין זאָל זי דער צייכן, אַז איך בין דער עדות פון רגעס, וואָס האָבן זיך גע־שפּאָלטן, צעפאַלן אין שפּליטערן. פּלוצעם, האָב איך דערשפּירט אין אַלע אברים דעם וויי פון כסדרדיקן קאָרבן־שניט אין איר. ער גייט אין מיר אויף. ווי לעבעדיק לייב האָב איך זי אָפּגעטיילט פון מיר. ווו איז זי? איך האָב געוווסט ווי אַלע אַשן, פאַרשפּרייט איז זי אין חלל. זי בלאָנדזשעט אַרום. איך בין אָן אָבל אויך נאָך איר. איך האָב זיך געכאַפּט, אבלים פאַרלאָזן זיך שטעכיקע בערד. יעדע האָר אַ שאַרפע. מיינע מוז זיין ווייך, מילד — אײנע פון דורות נאָך דורות יידן.

## זיאַמע טעלעסין

# לידער פון דאַנען און פון דאָרטן

### כ׳פאָר צום באַרג מירון

ווער פון אייך עס איז נאָך ניט געפאָרן
אויף אַרויף צום באַרג מירון פון צפת, —
דער האָט זיכער אַלע זיינע יאָרן
אַזאַ יאַזדע קיינמאָל ניט געהאַט.

אויף דער ערד ניט אַלע וועגן טויגן,
נאָר אָט דער, מיט וועלכן איצטער כ׳פאָר,
אויפגעמאַכט ער האָט מיר מיינע אויגן
כ׳וויס גאָרניט אויף וויפל טויזנט יאָר.

גיי און טו אַ פרווו אים אָפּצומאָלן
אָט דעם אוראַלט־וווּנדערלעכן שליאַך!
מיט קבלה זיינען פול די טאָלן,
ס׳ווייעט פון די וועלדער מיט תנ״ך.

גיי און פרווו מיט ווערטער איבערגעבן
פון דער הויכער זון איר פאַרבן־שפּיל,
ווען אַ ווייסינק וואָלקנדל נעמט שוועבן
איבער אייך פון אונטערשטן גליל.
ממש כ׳האָב דערשפּירט מיט יעדן אבר
יענע ווייטע צייט, וואָס איז פאַרביי,
ווען אַרויפגעקלעטערט כ׳האָב צום קבר
פון רב שמעון בר יוחאי.

יוני 1974, צפת

### צוריק צו זיך בין איך געקומען

איך צי אַרויף אויף זיך וואָס מערער
די מילדע בלויקייט פון כנרת.
די ווילדע גרויקייט פון די הרודעס
געוואַלגער־שטיינער פון יהודה, —

און כ׳גיי אַזוי אַן אָנגעפּעלצטער,
אויף מיר — דער הימל אַ צעשמעלצטער,
צום באַרג מירון איך טו זיך ווענדן :
ניט קוק אויף מיר ווי אויף אַ פרעמדן !

צי שוין זשע, כ׳פרעג אים, לא הכרת. —
האָסט ניט דערקאָנט די איינגעשפּאַרטע
די אויגן מיינע פון דעם כנעני,
וואָס האָבן אויסגעקוקט פונדאַנען —
פון ביריה, דעם אויסקוק־טורעם,
פון יענע וויסטע רוימער־האָרדעס,
וואָס האָבן אונדזער פאָלק געמאָרדעט ?

דערקענסט מיך ניט דעם שאלה־פרעגער, —
דעם מורד קעגן קרייצן־טרעגער,
דעם פאַסטעך און דעם באָקסער־פלאַנצער,
דעם שמיד פון די מלחמה־פאַנצערס,
דעם טעפער און דעם פאַרמעט־גאַרבער,
דעם לערנער פון מסכתות האַרבע ?

געדענקסטו ניט דעם טאָג דעם טריבן,
ווי מיך פון צפת מען האָט פאַרטריבן,
אַוווּ אַ לאַנד און אַ מדינה
האָסטו געקענט מיך אָפּגעפינען.
געשטראָפט מיט שפּאָט, פאַרפאָלגט מיט שנאה ?

אַוווּ אַן אומגליק נאָר, אַוווּ נאָר,
האָט מיך געטראָפן ווי אַ דונער,
עס האָט מיר קאַלך־אויוונס געסטייעט,
נאָר ניט געברענט האָב איך אין פייער,
אַרויסגעטויכט כ׳האָב פונעם וואַסער,
און ס׳ווערט מיין קול אַ קול־מבשר,
מיין רוף צעטראָגט זיך איבער לענדער :
גענוג, גענוג, גענוג געוועז דאָרט !

דורך וועגן פול מיט פּיין און טומאה
צוריק צו זיך בין איך געקומען.

יוני 1974, צפת

# מיינע אותיות

אויף די שטעגן און די וועגן,
וווּ דו גייסט נאָר ניט אַרויסעט,
נעמען לויפן דיר אַנטקעגן
גאַנצע מחנות אותיות, אותיות.

קענסט ניט, ווילסט ניט זיי פאַרבייגיין,
פול זיי זיינען אין די צאָלן,
ווי די פייגל אויף די צווייגן,
ווי די שעפסן אין די טאָלן.

אָט די אותיות, וואָס פאַרבליבן
זיינען זיי פאַר דיר די בעסטע,
וואָס מיט זיי איז אָנגעשריבן
דער תנ״ך — דער בוך דער גרעסטער, —
אומעטום דאָ איצטער זעסטו:

אויף די פלאַטערדיקע פאָנען
פון די ווינטן פון די פרישע,
אויף די ליכטיקע פראָנטאָנען,
אויף די שילדן און אַפישן,

אויף די באָרטן פון די טאַנקען,
אויף די פלעשער פון די וויינען,
אויף די שוי־פענצטער, ווי שראַנקען,
וואָס מיט אַל־דאָס־גוטס דאָ שיינען,

אויף אַ מיצל באַ אַ יאַטל
(ווי אַ קאָנוסל פאַרטעסעט),
אויף אַ שוסטערשן וואַרשטאַטל,
אויף דעם מירמל פון דער כנסת.

כ׳גיי אַ קאַפּעלע געבויגן, —
ס׳איז דער וועג אַהער קיין גלאַטער.
ס׳ווערן פייכט ביי מיר די אויגן
פון די אותיות די קוואַדראַטע...

דאָרט, פון וואַנען כ׳בין געקומען,
זענען זיי ווי די מאַראַנען, —
מיט אַ מאָל אַרויסגעשווומען,
און אָט ווידער ניט פאַראַנען.

אָט אָ נעמט אַ האַנט זיי גלעטן,
נאָר אַ צווייטע טוט זיי שטיקן.
דאָ נאָר קענען זיי זיך רעטן,
דאָ נאָר האָבן זיי אַ תיקון!

## די אָקאָליצע

עס זינגט שוין ווידער לידער די אָקאָליצע,
ווי נאָר דער אָוונט הייבט זיך אָן צו בלאָוולען, —
נאָר מיינע לידער ליגן אויף דער פּאָליצע
און וויינען אינעם געטאָ פון די טאָוולען.

דו, רוסישע אָקאָליצע גרינגראָזיקע!
מיט קאַראַהאָדן ווידער נעמסטו זידן,
נאָר ווו זיינען די "שערן", אָט די דאָזיקע
באַגלייטער פון די שמחהס באַ די יידן?

און ווידער הילכט די וואָלאָגדער האַרמאָניקע,
ס׳פאַרגייט זיך די סאַראַטאָווער טאַליאַנקע,
נאָר ווו זיינען די קלעזמער די לאַנגאָניקע,
די שטעטלעך מיט די אויסגעשניצטע גאַנקעס?

דער קאַראַהאָד אויף פּאָרלעך אויף באַזונדערע
צעוויכערט זיך אין סיטצענעם געפלאַטער,
נאָר זיי — די יונגע כלה־מיידלעך אונדזערע
מען האָט אויף די אָקאָליצעס געפּטרט.

און די, וואָס פונעם טאַנצן זיינען מידע שוין —
זיי קוקן צו און פרעגלען זיך פאַר תענוג,
נאָר זיי די חתן־בחורים די יידישע
מען האָט אויף די אָקאָליצעס פאַרפייניקט.

עס זינגט מיט לידער ווידער די אָקאָליצע,
נאָר מיר פֿאַרבליבן זיינען דאָרטן אָבלען, —
איז וויינען מיינע לידער אויף דער פֿאָליצע
ווי נאָר דער אָוונט הייבט זיך אָן צו בלאָוולען.

## הינטער די טירן

עס האָבן לאַנג צעפּרעסן שוין די מילבן
די צאַרישע געוועזענע מונדירן.
מיר לעבן אַלץ נאָך פֿון אַ בילבול ביז אַ בילבול,
מיר שטייען אַלץ נאָך מיט פּראָשעניעס ביי די טירן,
ווי ס'וואָלט נאָך איצט דער קיסר דאָרט רעגירן.

אוי־וויי, די טירן יענע די דובאָווע!
צו זיי מע שטופּט זיך מיט געמיטער שווערע
צו אויסבעטלען, ווי בעטלער אַ נדבה,
אַ קאַפּעלע גערעכטיקייט, ניט מערער.

ווי גוט זיי זענען מיר, די טירן, קענטלעך,
גיי פּרווו און ברעך אַדורך זיי מיטן שטערן!
די גלאַנציקע פֿון שטאָל געשמידטע הענטלעך
געצילט זענען אין דיר ווי רעוואָלווערן.

און שמעקערס מיט די ציגל־רויטע צורות
זיך דרייען דאָ אַרום ווי הינט אַ סטייע.
די שליסל־לעכער ווי די אַמבראַזורעס
אָט־אָט אויף דיר אַ גאַס טאָן ועלן פייער...

און ווער אַ טיר באַפּוילט דו זאָלסט אַריינגיין,
איבערן טיש פֿון דעם, וואָס אַלצדינג ווייס ער,
דערזעסטו — ווו דער קיסר איז געהאַנגען,
הענגט אויף זיין אָרט אַ שפּאָגל נייער קיסר.

עס איז אויף אים נישטאָ קיין אַקסלבענדער.
קיין פּרענזלדיקע רויטע עפּאָליעטן,
נאָר ס'האָט פֿון דעם זיך גאָרנישט ניט געענדערט, —
מיר שטייען ביי די טירן און מיר בעטן...

קלמן סעגאַל

# אַ דערציילונג פון פוילן

אַ סך יאָרן האָב איך זיך אין די געדאַנקען געמאַטערט מיט דער דאַזיקער פראַגע: פאַטערלאַנד, היים. ווי אַזוי שאַפט מען זיך אַ ניי פאַטערלאַנד? עס איז דאָך נישט די זעלבע זאַך, ווי צו פאַרשאַפן זיך אַ נייע פּאָר הויזן, אַ נייעם קראַוואַט אָדער אַ ניי רענצל. און די שוועריקייט איז געוואָרן נאָך אַ גרעסערע, ווייל איך האָב פיינט פאַטעטישע ווערטער, קיין מאָל פלעג איך דאָס וואָרט „פאַטער־לאַנד" נישט באַנוצן. נישט אין רעדעכץ און נישט אין שרייבעכץ. ביז היינט פיל איך אַן אומחן צו רעדנערס און שרייבערס, וועלכע באַניצן זיך מיטן דאַזיקן וואָרט ווי מיט אַ רווישטאָף צו זייער טעגלעכער אַרבעט. און ווען איך פלעג הערן דאָס דאַזיקע וואָרט דאָרט, וווּ איך האָב פריער געלעבט, פלעגט זיך מיר דערמאָנען דער היסטאָרישער אַנעקדאָט וועגן דער שיינער פוילישער גרעפין וואַלעווסקאַ און וועגן דעם פראַנצויזישן קיסר נאַפּאָלעאָן. ווען זי איז צום ערשטן מאָל געקומען צו אים אין שלאָפצימער און ווען דער ענערגישער באָנאַפּאַרטע האָט גענומען אויפקנעפּלען איר בלוזקעלע, האָט זי פּאַטריאָטיש און פרום אַ פרעג געטאָן: און וואָס וועט זיין מיט מיין פאַטערלאַנד, מאַיעסטעט?

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אַ ייד, וואָס האָט זיך געקליבן צו פאָרן קיין ישראל, איז דאָס פּראָבלעם געווען אַן אַנדערע. מיר זענען דאָך געפאָרן נישט אין אַ ניי פאַטערלאַנד, נאָר אין דעם אַלטן לאַנד, וואָס יאָר־טויזנטער איז עס געווען פאַר־לאָזט און אין קייטן, ווער עס האָט געוואָלט און געקאָנט, דער האָט דאָרט באַלע־באַטעוועט, באַבילאָנער און רוימער, גריכן און מאַמעליוקן, מיצרים און קרייצ־טרעגער, טערקן און ענגלענדער, און אפילו נאַפּאָלעאָן האָט דאָ אַריינגעשטעקט אַ פּוס. דאָס איז דאָס לאַנד, וווּ מיין עלטערזיידע, דער בראַדיאַגע, דער דאָרפס־ייד מיט נאָמאַדישע מנהגים האָט זיך דאָ ווי אַ בעדואינער אַרומגעשלעפּט איבער די מדבריות, געפּאַשעט די שאָף, געחתמעט אָפּמאַכן מיטן רבונו־של־עולם, פאַר־פירט אַ שיינע אַראַבישע שיקסע און געמאַכט איר אַ קינד. אויפן מוריה־באַרג איז ער גרייט געווען דעם געזעצלעכן זון צו ברענגען פאַר אַ קרבן אַזוי, ווי עס פלעגן דאָס אויך געוויסע ערטער טאָן די אויטאָכטאָנען, אין חברון איז ער געווען פאַרמישט אין אַ ליבע־אַפערע פון זיין פרוי און מיין עלטערבאָבע שרה — אָבער דאָס אַלץ איז שוין אַן אַלטע מעשה, ניט שיין צו באַרעדן די אייגענע

אבות, וואָס איז געווען איז געווען — וויכטיק איז, אַז ער איז געווען מיין זיידע. און אַז מען פאַרט צו אַ זיידן, פאַרט מען אַהיים. ריכטיק ? !

האָב איך דאָס פריערדיקע פאָטערלאַנד מיינס — דאָס סלאַווישע, פוילישע — פאַרלאָזט און אין אַ געוויסער האַרבסטיקער נאַכט בין איך אַריין אין שנעלצוג וואַרשע־ווין, כ'האָב זיך אָפּגעזעגנט מיטן שאָטנדיקן פּעראָן פון וואַגאָן, עס איז מיר געווען שווער און אומזיכער אויפן האַרצן. דער האַרבסטיקער רעגן ווירקט אויף מיר תמיד דערדריקנדיק. אויפן פּעראָן זענען געשטאַנען אַ צוויי מנינים מענטשן, מיינע פוילישע פריינד און אויך עטלעכע פאַרזאָרגטע יידן, ס'איז געווען טריב, שווייגנדיק, עטלעכע פרוּוון האָבן זיך צעוויינט. פּלוצעם האָב איך דערזען אַ פרעמדן פאַרשוין מיט אַן אומעטיק פּנים, ער האָט זיך דורכגעשטופּט פאַרויס און זיך פאַרהאַלטן ביי דער טיר. גלינאַ — האָט עמעץ געזאָגט שטיל, און מיטן וואָרט "גלינאַ" רופט מען אין פוילן אַ פּאָליציאַנט אָדער אַ שפּיצעל. ער האָט דערהערט און זיך אומגעקוקט. שיין פון אייער זייט, אַז אויך איר זענט געקומען צו דער לוויה, האָב איך צו אים געזאָגט; גיט איבער פון מיר אַ גרוס אייער פרוי און אייער נאַטשאַלניק.

דאָס איז מיין פליכט, האָט ער געענטפערט. און האָט צוגעגעבן מיט אַ געמאַכטן שמייכל : עס איז מיר זייער פיינלעך.

איך האָב זיך צעלאַכט, עס האָט מיר פּלוצעם אויפגעהערט צו זיין קאַלט־מוטנע אויפן האַרץ, כ'האָב צו אים אויסגעצויגן די האַנט און האָב אים געגעבן טרייסטן. בעמט אייך נישט איבער, מיר איז אויך זייער פיינלעך און דער אָוונט איז אַ קילער און איר זענט אַן אַ מאַנטל, איר וועט נאָך חלילה, כאַפּן אַ קאַטאַר.

עמעץ האָט זיך צעלאַכט, דער שפּיצעל האָט זיך מיר אויסגעוויזן סימפּאַטיש, איך האָב געהאַט אויף אים רחמנות, אויף דעם אָרעמען פונקציאָנער פון דער אינקוויזיציע.

— איך ווינטש אייך גליק — האָט ער געזאָגט — דריקנדיק מיין האַנט, פון גאַנצן האַרץ ווינטש איך אייך.

און שוין האָט ער זיך צוריקגעצויגן, ער איז אַוועק, און איידער ער האָט זיך אויסגעמישט מיטן המון, האָט ער נאָך לאַנג געפאָכעט צו מיר מיט דער האַנט. פאַרוואָס איז ער געקומען ? פאַרוואָס איז ער אַוועק ?

מיט אַ טאָג פריער האָב איך דערליידיקט די פאָרמאַליטעטן אין דער גרויסער האַלע פון צאָל־אַמט. פאָרמולאַרן, דערלויבענישן, באַשטעטיקונגען און טויזנט אַנדערע פּאַפּירלעך און אַ סיכסוך מיטן באַאַמטן וועגן דעם, וואָס מען מעג מיטנעמען און וואָס מען טאָר נישט. איז געקומען דער נאַטשאַלניק אין אַ מונדיר מיט גילדענע קנעפּ, ער האָט באַשמעקט די פּאַפּירלעך, אָפּגעשייגעצט דעם אונטערגעאָרדנטן צאָל־באַאַמטן, און שווייגנדיק האָט ער אויף מיר געקוקט און אויך איך האָב אים שווייגנדיק באַטראַכט, און פּלוצעם האָבן מיר ביידע גלייכצייטיק אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

אין אַלטערטימלעכן ישראל האָט מען פיינט געהאַט צאָל־אָנגעשטעלטע —

האָב איך געזאָגט — מען האָט זיי פאַראַכטעט. און דאָך איז איינער פון זיי געוואָרן אַן אַפּאָסטאָל, אַ תלמיד פון ישו הנוצרי.

ער האָט אַוואַנסירט אויף אַ הייליקן, ווייל ער האָט נישט גענומען קיין כאַבאַר — האָט מיר אויפגעקלערט דער נאַטשאַלניק. איך נעם אויך נישט.

די ערגסטע זענען די, וואָס נעמען נישט — האָב איך געענטפערט.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ הילצערנעם קאַסטן און פאַרויכערט.

איר פאַרט אַוועק, — האָט ער געזאָגט — איר האָט זיך באַליידיקט פון די דאָזיקע נאַרישע מעשיות וועגן ציוניסטן און אימפּעריאַליסטן, איך פאַרשטיי, קיינער דאַרף קיינעם נישט באַליידיקן, קיינער דאַרף זיך נישט פון קיינעם לאָזן באַליידיקן, דאָס איז נישט האַנאַראָוואָ, יעדע באַליידיקונג דאַרף מען פון זיך אַראָפּוואַשן ווי בלאָטע, אָבער אַרויספאָרן דאַרפט איר נישט, איר זענט דאָך נישט זיכער, צי דאָרט וווּהין איר פאָרט, וועט מען אייך ווידער ניט באַליידיקן, אומעטום איז דאָך די זעלבע וועלט.

ווי אַזוי זאָל איך זיך אָפּוואַשן — האָב איך געפרעגט — מיט וואַסער? מיט זייף?

דער נאַטשאַלניק האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, זיך אויסגעגלייכט דינסט־לעך, ווי אַן אונטעראָפיצער אויף דער דעפילאַדע און האָט געזאָגט: דערלאַנג מיר אין די ציינער, דאַבראַדזשעיו, דאָס וועט אייך באַרויקן, איר וועט זיין סאַטיספאַקציאָנירט, און מיר וועלן גיין טרינקען ביר.

עס האָבן מיר געצירט זיינע ווערטער. איך האָב געדריקט זיין האַנט און אים געענטפערט: עקסצעלענץ! לאָמיר וואָס גיכער ענדיקן דעם דאָזיקן באַרדעל, ביר טרינקען, וועלן מיר נישט, מיר וועלן גיין טרינקען בראָנפן, מיר וועלן הייַנט אויסטרינקען אַ ים פון אַקעוויט.

ער האָט אויסגעטאָן זיין אָפיצערישן שינעל, אַריינגעקראָכן אין דעם אָפענעם קאַסטן און האָט גענומען פּאַקן מיינע ביכער, בילדער, שרייב־מאַשינען, אַ גיי־טאַרע, די גאַטקעס און העמדער, און אויך דעם פוקסענעם פעלץ וואָס איך האָב מיטגענומען, ווייל מען האָט געזאָגט, אַז אויפן באַרג חרמון פאַלט אַ שניי.

די צווייטע נאַכט בין איך שוין אַרויסגעפאָרן קיין ווין. צווישן קאַטאָוויץ און דער טשעכישער גרענעץ איז אַריינגעקומען אין קופּע אַן אָפיציר פון דער גרענעץ־וואַך. איך האָב אים דערלאַנגט מיין נעבעכדיק פּאַספּאָרטל, וואָס איז געווען געדרוקט ספּעציעל פאַר יידן און פאַר דייטשן, וועלכע עמיגרירן פון פּוילן. דאָס פּאַספּאָרטל איז געווען פאַרזען מיט א קלאַוזול: ״בארעכטיקט נישט צום צוריקקער״.

דער אָפיציר האָט אַ קוק געגעבן אויף דער פאָטאָגראַפיע אין דאָקומענט, דערנאָך אויף מיר, מיין נאָמען איז אים זעט אויס, נישט געווען גאַנץ פרעמד: פיינלעך, אַז אויך איר פאָרט אַרויס — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון מיטגעפיל.

כ׳האָב געעפּנט דאָס רענצל צום קאָנטראָל. אָבער ער האָט נישט געוואָלט קאָנטראָלירן, און אויך ער האָט מיר געווונטשן אַ סך דערפאָלג.

אַ גאַנצע נאַכט האָט געוואָיעט דער ווינט, דער רעגן איז אַראָפּגעשווומען פון די פענצטער. כ׳האָב געטראַכט, געפּייניקט זיך מיט די געדאַנקען, קיין שום פרייד האָב איך אין זיך נישט געפילט. פאַר מיר שטייט איצט אָפן די גאַנצע וועלט, אוודאי, אָבער — וואָס איז די פרייע וועלט? אַנדערע פאָרמען פון באַטריגן? אַנדערע אילוזיעס?

בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן, און ראָזענבערג, מיין שכן, איז אַריינגעקומען און האָט געזאָגט: איידער דו גייסט אַוועק, פאַרבייג זיך טיף, בוק זיך פאַר די ווינקעלעך פון דער שטוב, דאַנק זיי, האָסט דאָ געלעבט, ס׳איז דיר דאָ גוט געוועזן, ביסט דאָ געווען גליקלעך, וועסט שוין אפשר קיין מאָל נישט וווינען אין אַזעלכע פריינטלעכע ווענט.

האָב איך זיך געבוקט, געזעגנט זיך פאַר יעדן ווינקל, געדאַנקט. מיין הונט איז מיר נאָכגעגאַנגען, געקוקט אויף מיר מיט זיינע קלוגע אויגן, וועלכע זענען היינט געווען אומעטיק און אומרויק — ער האָט שטיל געוויינט, ער האָט שוין לאַנג פאַרשטאַנען, אַז עפּעס קומט דאָ פאַר נישט פריילעכס, ס׳איז מיר געווען אַ רחמנות אים איבערצולאָזן, אַ קלוגער הונט איז ער געווען, אַ גוטער, געטרייער. איין מאָל בין איך אַרויסגעפאָרן אויף דאַטשע און האָב אים איבערגעלאָזט ביי מיין שכן, אַ גאַנצע וואָך בין איך נישט געווען אין דער היים, און ער האָט אַ גאַנצע וואָך נישט געוואָלט פרעסן, ער האָט קוים געזשיפּעט, ווען איך בין צוריק געקומען, ער האָט אויף מיר פיינטלעך געבילט, געשטשירעט די ציינער, ער איז געווען באַליידיקט, נישט געלאָזט זיך אָנרירן, געקריגט זיך מיט מיר און געזידלט אויף זיין הינטישן לשון, איך האָב געשוויגן, ווייל כ׳האָב זיך גע־פילט שולדיק. צום סוף האָט ער מיר מוחל געווען, געבראַכט אין די ציינער די לעדערנע סמיטשע, כ׳זאָל מיט אים גיין שפּאַצירן. איצט האָב איך אים ווידער איבערגעלאָזט, דאָס מאָל וועל איך שוין נישט צוריקקומען אין אַ וואָך אַרום, דאָס מאָל וועל איך שוין קיין מאָל נישט צוריק קומען.

אַזוי האָב איך געחלומט יענע נאַכט אין וואַגאָן וואָס האָט זיך געשלעפּט צו דער טשעכישער גרענעץ. קודם האָט זיך מיר געחלומט דאָס הינטל און דער־נאָך האָט זיך מיר דער חבר וויעסלאַוו* באַוויזן. ער האָט געהאַלטן אַ גרויסע רעדע, אַ שטימע האָט ער געהאַט אַ הייזעריקע, מינוטנווייז אַ קוויטשעדיקע, פּונקט ווי אויף דער וואָר, ער האָט גערעדט און גערעדט, גרויסע יופּיטערן האָבן באַלויכטן דאָס בלאַסע געזיכט פון ערשטן סעקרעטאַר, מעטאַליש האָט געגלאַנצט זיין פּליך, אויפן עקראַן פון טעלעוויזאָר האָט זיין קאָפּ אויסגעזען ווי אַ גרויס איי, אַזוי דעפאָרמירט האָט ער זיך מיר אין חלום, פון די מויל־ווינקעלען איז אים געראָנען אַ שוימיקע סליונע, ער האָט שווער געאַרבעט, נערוועז איז ער

* וויעסלאַוו גאָמולקאַ, ערשטער סעקרעטאַר פון פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

געווען אין דאָזיקן טאָג, געשריגן, געוואָרנט, געדראָט, באַלד האָב איך פֿאַר־
שטאַנען, אַז עס גרייט זיך עפּעס אַן אַפּערע, עפּעס אַ חזירײַ גייט מען דאָ עמעצן
אַפּטאָן, ווייל וואָס העכער אַן אַנפּירער שרייט, אַלץ מערער ליגנס האָט ער צו
פֿאַרקויפֿן. ווענן דעם געדענקט מען אפילו אין חלום. די דרשה איז געווען אַן
אידעאָלאָגישע, ער האָט זיך ווי געוויינלעך פֿאַררופֿן אויף דעם דיאַלעקטישן
מאַטעריאַליזם, אויף דער מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק, די לעניניסטישע וואַכזאַמ־
קייט האָט ער דערמאָנט, די געטריישאַפֿט צו די פֿענער פֿון אַרבעטער־קלאַס, די
גאַנצקייט פֿון דער פּאַרטיי, די פּאַראייניקטע רייען. און דערנאָך מער פּאַדראָבנע,
דאָס הייסט גענויער: אַז דאָס געשפּענסט פֿון אימפּעריאַליזם און רעאַקציע, אַז
דער קאַפּיטאַליזם, אַז דער ציוניזם, די ציוניסטישע אַגענטור, די יידישע פֿינפֿטע
קאָלאָנע, דאָס מאָרדן פֿון שוצלאָזע אַראַבישע קינדער און פֿרויען אין אַנדערע
אומשטענדן, אַלץ האָט ער שיין אויסגעמישט, צוגעפּעפּערט מיט קאָסמאָפּאָליטיזם,
מיט ישראלדיקער אַגרעסיע, פֿאַשיזם און נעאָ־פֿאַשיזם, ראָטשילד, אַמעריקאַנער
מיליאַנערן פֿון משהס גלויבן — איצט בין איך שוין נישט געשלאָפֿן, כ׳האָב
שוין נישט געחלומט, מיט זיין געשריי האָט מיך דער חבר וויעסלאָוו אויפֿ־
געוועקט, פֿון שלאָף אַרויסגעריסן. און דער צוג האָט זיך ריטמיש געקייקלט צו
דער טשעכישער גרענעץ, איך האָב נישט געעפֿנט די אויגן, ווייל וואָס וועט דאָס
העלפֿן, צי איך וועל האָבן אָפֿענע אויגן, צי פֿאַרמאַכטע, זייט ער האָט יענע
רעדע געהאַלטן, האָט מיר אַן אויפֿהער זיין שטימע געסקריפּעט אין די אויערן,
כ׳האָב זיך נישט געקאָנט פֿון יענער דערמאָנונג באַפֿרייען.

כ׳האָב געפּרווט אַריינדרינגען אין דער טיפֿעניש פֿון מיין אייגענעם עקל־
האַפֿטיקן איינגעווייד, אין מיינע אייגענע אינעווייניקסטע איבערצייגונגען און
געפֿילן, אין מיין כאַראַקטערלאָזער אידענלאָזיקייט. כ׳האָב אָנגעהויבן אַ קליינע
אונטערזוכונג, אַן אויספֿאָרשונג קעגן זיך אַליין. דו, אַלטער פֿאַרברעכער, האָב
איך צו זיך אַליין געזאָגט ווי אַן אמתער אויספֿאָרשער צו אַן אמתן פֿרעסטופּניק,
דו פֿאַרשאָלטענער רעאַקציאָנער, ביסט אַ פֿאַרפֿוילטער אימפּעריאַליסט, האָסט
נישט ליב דעם ערשטן סעקרעטאַר, האָסט נישט ליב דאָס פּוילישע פֿאָטערלאַנד,
ביסט אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער נאַציאָנאַליסט פֿון משהס גלויבן, דו אַלט פֿערד,
ערשט נישט לאַנג האָסטו זיך צעוויינט, הערנדיק אַ פּלאַטע מיט "כל־נדרי",
פֿון אַזעלכע זאַכן הייבט זיך אָן דער דעקאַדענטיזם און דער פֿאַרראָט, ס׳הייבט
זיך אָן פֿון עסטעטישער גערירטקייט, דערנאָך לייענט מען די הייליקע שריפֿט,
און שטופּנווייז קומט מען צו צום שאָוויניסטישן קולט פֿון משה דיין. אַזאַ קליי־
ניקן מוסר האָב איך זיך אַליין שטילערהייט געפּרעדיקט און, פֿאַרשטייט זיך,
איך האָב זיך אויך געפּרווט פֿאַרטיידיקן: תמיד האָב איך געהאַט אינטער־
נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן, איך בין געווען פֿאַר דעם, אַז יידן זאָלן נאָכגיין
משה רבינו׳ס ביישפּיל און זאָלן זיך משדך זיין מיט די בעדואינער, זיי זענען
דאָך אונדזערע געשוועסטערקינדער. אמת, איך פֿלעג אין די יונגע יאָרן זייער
שטאָלץ זיין דערמיט, וואָס שלמה המלך איז געווען אונדזער מלך, מיין סימפּאַטיע

צו אים האָט זיך אָבער געגומען בלויז פון זיין ליבע צו דריי גוטע זאַכן, צו דיכטונג, ווייַן און פרויען, אָבער קיין נאַציאָנאַליסט בין איך נישט געווען, כ׳בין נישט געווען קיין ציוניסט, נישט קיין טעריטאָריאַליסט, כ׳בין נישט געווען קיין קאָמוניסט, נישט קיין טראָצקיסט, נישט קיין סאָציאַליסט, נישט קיין סינ־דיקאַליסט, כ׳בין אפילו קיין מאָל קיין פילאָטעליסט נישט געווען — איז וואָס וויל ער פון מיר, דער חבר נומער איינס ?

וויעסלאַוו האָט געקלאַפּט מיט די פויסטן אין טיש, די ראַדיאָ־מיקראָפאָנען האָבן זיך געוואַקלט ווי אין אַ שטורעם־ווינט, שטיקער שוים זענען געפאַלן פון זיין באַגייסטערט מויל, ער האָט געשוויצט, איבער דער טריבונע האָט געשיינט דער גענויאַלער פּליך פון חבר לעבין, אויך ער האָט געהאַט אַ קוויטשענדיקע שטימע, קאַרל מאַרקס האָט געקוקט אויף מיר בייז, אויך ער האָט מיך פיינט געהאַט, יונגע יאַטן פון ״סלוזשבא פּאָלסצע״ * און פון ״זעט.עמ.פּע״ ** האָבן געפּאַטשט בראַוואָ : יידן קיין פּאַלעסטינע, און : נידער ! בידער ! און דערנאָך : זאָל לעבן וויעסלאַוו ! ס׳איז פּלוצעם געוואָרן וואַרעם, ס׳איז פּלוצעם געוואָרן הייס, און איך האָב זיך דערפילט געפאַלן און געטראָפן, געטראָפן און געפאַלן, כ׳האָב געוואָלט זיין קליין, קליין, נאָך קלענער, אַז קיינער זאָל מיך נישט זען, קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן — זיי האָבן מיך דעקאָנספּירירט, זיי האָבן פון מיין פּנים אַראָפּגעריסן די מאַסקע. כ׳האָב אָנגעהויבן מורא צו האָבן, אַנדערע מענטשן האָבן מער מזל פון מיר, זיי ווערן געבוירן העלדן, אָדער זיי ווערן בכלל נישט געבוירן, און איך האָב שטענדיק מורא, כ׳האָב מורא פאַר מונדירן, כ׳האָב מורא פאַר אָנפירערס, פאַר פּאָליטיקאַנטן, פאַר אינטריגאַנטן, פאַר מוסרים, פאַר ערשטע סעקרעטאַרן און פאַר צווייטע סעקרעטאַרן, פאַר אַ סך מענטשן האָב איך מורא, אַזוי אַז דעמלט, אין יענעם טאָג ווען עס האָט מיך אַזוי שטאַרק באַהערשט דער פּחד, האָב איך אָנגעהויבן צו אַנטלויפן, די ווירקלעכקייט האָט אויסגעזען ווי אַ קאָשמאַרער חלום — און ווי אַזוי די חלומות מיינע האָבן דעמלט אויסגעזען, איז איבעריק צו דערציילן.

אויף דער גאַס איז גראָד פאַרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע, מענטשן האָבן הויך געשריגן : וואָל־נאָשטש ! וואָל־נאָשטש ! דאָס הייסט : פריי־הייט ! פריי־הייט ! — און דאָס אַלץ האָב איך זיך דערמאָנט אין צוג קיין ווין, אַ האַלבע שעה פאַר דער טשעכישער גרענעץ — האָב איך אויפגעהערט צו לויפן און בין געגאַנגען צוזאַמען מיט זיי, מיט די דעמאָנסטרירנדיקע, נישט צוליב מיין קעמפערישקייט, חס וחלילה, נאָר סתם, ס׳איז מיר געווען אָנגענעמער צו געפינען זיך צווישן המון, צו פאַרלירן זיך אין המון. האָב איך מאַרשירט צוזאַמען מיטן שרייענדיקן נאַיוון עולם, אַ סך סטודענטן זענען דאָרט געווען, אויך אַרבעטער זענען צוגעקומען ; געשרייען, טראַנספּאַראַנטן וועגן פרייהייט, וועגן פרייהייט פון וואָרט, פרייהייט פאַר

* פּאַראַ־מיליטאַריסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

** פּוילישער יוגנט־פאַרבאַנד.

מיצקיעוויטשן, און — בידער מיטן אנטיסעמיטיזם! זיי זענען אַרויס פון אוני־ווערסיטעט און געגאַנגען אין דער ריכטונג פון דער פּאַרטיי. ווען עס איז שוין געווען בישט ווייט, איז אָנגעקומען אַ קאַלאַנע פון לאַסט־אויטאָמאָבילן, מיליץ און זיכערקייטס־מיליטער און אַ גרויסע געדעקטע לאַסט־מאַשין מיט צוויי טו־רעמלעך, כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ וואַסער־האַרמאַטקע, זיי האָבן אָנגעהויבן צו שיסן מיט וואַסער, ס׳האָט מיר פאַרשטיקט דעם אָטעם, מענטשן זענען געפאַלן אויפן טראָטואַר, אַזאַ קראַפט האָט דאָס וואַסער געהאַט, און שוין האָט זיך דערנענטערט אַ טיראַליערע פון מיליציאַנטן, זיי האָבן געדראָשן מיט די קאַלבעס, דערנאָך האָבן זיי די נאַסע דעמאָנסטראַנטן געקליבן פון דער ערד און אַריינגעוואָרפן אין פאַרקראַטעוועטע אויטאָס, זיי האָבן עס געטאָן זייער גע־שיקט און מיט דערפאַרונג, די דעמאָנסטראַציע איז צעטריבן געוואָרן, ווער עס האָט געהאַט מזל און כוח אין די פיס, דער איז אַנטלאָפן. די, וואָס מען האָט אַרעסטירט, האָט מען אַריינגעריבן אין די ביינער, דערנאָך האָט מען אַ סך פון זיי אַרויסגעלאָזט, די אונטערזוכונג האָט געזאָלט דערווייזן, אַז די אַנטי־מלוכהשע דעמאָנסטראַציע האָבן אָרגאַניזירט ציוניסטישע פּראָוואָקאַטאָרן פון יידישן גלויבן.

און דערנאָך, דורך אַ לאַנגע צייט, יעדן טאָג אין דער פרי, אַרויסגייענדיק צו דער אַרבעט, פלעג איך קוקן אויף דיביימער און אויף די עלעקטרישע סלופּעס און איך האָב זיך געחידושט, אַז דאָס פּוילישע פאָלק האָט אַזוי גלייכגילטיק אויפגענומען די רעדע פון חבר וויעסלאַוו און די קילאָמעטערדיקע אַרטיקלען אין דער פּרעסע און אין ראַדיאָ און אין טעלעוויזיע, טויב און גלייכגילטיק איז פאַרבליבן דאָס פּוילישע פאָלק אויף גאָמולקעס געשריי ווענן די ציוניסטישע שונאים, ווייל אָט איז ווידער פאַרביי אַ נאַכט און נישט געקוקט אויף דעם רוף פון חבר נומער איינס, האָט מען קיין שום ייד נישט אויפגעהאַנגען און אין קיין שום יידישער שטוב האָט מען קיין שויבן נישט געהאַקט. און זונטיק...

זונטיק אין דער פרי האָט זיין עמינענץ דער קאַרדינאַל געהאַלטן אַ דרשה אין דער קירך פון הייליקן אויסלייזער אויפהויבנדיק די אָרעמס צום הימל האָט ער געזאָגט: ברידער קריסטן, לאָמיר קניען און מתפלל זיין פאַר אונדזערע ברידער יידן, פאַר זייער שלום, דאָ און אויף דער גאַנצער וועלט. אַזוי האָט ער געזאָגט זונטיק אין דער פרי, און צומאָרגנס האָט שוין גאַנץ פּוילן געהערט זיינע ווערטער דורך די כוואַליעס פון מערבדיקע ראַדיאָ־סטאַציעס, און אויך דער חבר וויעסלאַוו האָט עס געהערט, און גוט אינפאָרמירטע קרייזן האָבן דערציילט, אַז ער האָט דערפון באַקומען אַ שרעקלעכע גאַל־אַטאַקע און זאָשע, זיין יידישע פרוי, האָט אַ גאַנצע נאַכט צוגעלייגט קאָמפּרעסן, צי וואַרעמע, צי קאַלטע, אָבער דאָס האָט שוין קיינער נישט געוווּסט.

און דערווייל איז שוין מיין צוג געקומען צו דער טשעכיש־פּוילישער גרענעץ־סטאַציע, עס איז געווען כמעט פוסט און כמעט פינצטער, בלויז עטלעכע באַן־אַרבעטער האָבן זיך אַרומגעדרייט אויפן פּעראָן און געפּאַכעט מיט די לאָמ־טערנדלעך, אויך עטלעכע צאָל־באַאַמטע זענען דאָ געווען — אויף דער דאָזיקער

סטאַציע פלעגט זיך אָפט טרעפן, אַז מען האָט ווען ס׳איז אַראָפּגעזעצט פון וואַגאָן, בכדי נאָך אַ מאָל אים רעווידירן און מאַכן צרות. כ׳האָב געעפנט ס׳פענצ־טער פון קופּע: ביי אַ באַרג רעגנצלעך איז געזעסן אַ פרוי מיט קינדער — מסתמא אַ יידישע. אַ באַן־אַרבעטער האָט זי געטרייסט, אַז אַלץ וועט זיך אויפקלערן, אַז זי וועט פאָרן מיטן צווייטן צוג, עס ברענט דאָך נישט, און ער האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מענטשן זענען נישט מער ווי מענטשן, יעדער וויל לעבן, די פרוי האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, יעדער וויל לעבן, דאָס הייסט, אַז מען נעמט דאָ כאַבאַר, ערגער וואָלט געווען ווען מען נעמט נישט.

דער צוג האָט זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין. אין דער פרי זענען מיר שוין געווען אויף דער עסטרייכישער גרענעץ. אַ ביסל שפּעטער האָבן מיר אויפן ווינער וואָקזאַל געגעסן דעם ערשטן פרישטיק אויפן חשבון פון סוכנות. מען האָט אונדז פאַרשריבן און העפלעך אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָבוס. מיר זענען געפאָרן קיין שענאַו, אין אַ מיטלאַלטערלעכן חרובן שלאָס, וועלכער איז געווען אַרומגעוואָקסן מיט ווילד גראָז, אינעווייניק האָט אַ ביסל געשטונקען מיט פאַר־שטאָפּטער קאַנאַליזאַציע, די אייזערנע בעטלעך האָבן זיך געקלעפּט פון שמוץ, דער סקריפּענדיקער דיל איז געווען פאַרקערט און געוואַשן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. בלויז דער עסטרייכישער פּאָליציאַנט ביים טויער, איז געווען שפּאָגל־ניי, פון דער נאָדל, פריש און אויסגעפּוצט. ס׳איז געווען אַ פאַרגעניגן אויף אים צו קוקן.

## מלכה לאָקער

### ירושלים

קילע, הייליקע שטאָט,
דיין ערד איז מיין פּנים אין המשך,
דיינע מויערן — מיין עבר, דיין ערד — ברוין
ווי מיין האַנט,
דיין הימל־אַמעטיסט אויף דער מאַמעס
שטערנטיכל פאַר די בענטשליכט,
אויף דיין גרין פעלד שפּילט די רויז
פון מיין האַרץ,
די רויטע רויז...
פעלד און בערג די וויג פון מיינע נעכט
מיט און אָן כוונה,
יסוד פאַר מיינע טעג...

מיינע זינען שפּינען די קאַרטינע
הויך — דין ווי דיין הימל, ווי דיין מראה
אין מיטן נאַכט,
טרינקען די כוואַליקייט פון דיינע בערג
מיטן דרום־ווינט אין פריבאַגינען,
מיטן ראָזע־רויט פון מזרח־זייט,
מיט די טראָפּנס ראָסע וואָס בלישטשען אויף
און פאַרגייען אין אַ שטראַל פון זון...
מיטן ערשטן ציטער ביי דער געבורט פון טאָג...

זינגט מיין קול אַ ניגון?
אַ גילגול נאָר פון אַ ניגון נאָך אַ ניי־געבורט?
די זון טונקט איין ירושלים אין גאָלד,
ווייסע שעפּעלעך טומלען זיך אין בלוי
און איך האָב באַלד דעם צוזאָג פון פרילינג
איבער דער ערד.

מיין גוף, מיר דוכט, צעשפּרינגט
אין אַ מיליאַרד פון שטראַלן
און איך צעגיי זיך אין אַ שלייער
און ליג איבער ירושלימס ערד
און וויג זיך אויף אירע שטיינער...
זונען הענגען ווי פּרוכטן
און וועקן די ביינער פון שלאָף...



כ׳בין אויפגעגראָבן — צעאַקערטע ערד.
די גרודעס צעטליען מיין טונקל־רויט בלוט —
אַ פלאַם בין איך גאָלדן,
בין פייער און שווערד,
אַ טונקעלער ברונעם,
אַליין דאָרט דערטרונקען...

איך בין דער פליגל אויף מיין אָרעם,
איך בין דאָס האַרץ וואָס פּליט מיט אים,
עבודה בין איך און פאַלן כורעים,
איך בין די זון אין רויטן גליען...

אין טראַנס בין איך,
די ערד מיט מיר,
אין גרויסן קרייזן נאָך באַוועגט
אַרום אַן אייגענער אַקס,
איך בין דער גלאַנץ
און בין די שירה.

אַ רעגן־טראָפּן נאָר
אויף פליגעלעך פון וואַסקן...



טראָג מיך מיט דיר, טונקעלער טייך,
נישט דיר אַנטקעגן,
פון בלעטער דאָס רוישן אין ווײַנטונקעלע נעכט
צעטראָגט דער ווינט.
ראשי־תבות אָפּן צו יעטוועדער טײַטש,
די ערד איז ציטעריק און שפּינט
און איז מגלה דעם סוד וואָס זי האָט אײַנגערוימט
פאַרגאַנגענע דורות אין אויער...

צי איז די לבנה געווען יונג
צי איז מאַרס געשטאַנען אונטער אַנדערע צייכנס,
צי האָבן נאַכטפייגל געוואַכט איבער אַ סוד,
צי האָבן זונען און זאַמדן געוואַנדערט אויף גאָטס באַראָט?

און אַזוי, אַ יאָר נאָך אַ יאָר איז אַלץ געשטאַנען אויף אַ האָר...
גאָרנישט איז זיכער, נאָר דער שינוי.
די חידושים פון באַוועגונג פון ראָטירן אַרום אַן אַקס,
וואָס איז אומזיכטבאַר.

נישט זכרון און נישט יאָרן ברענגען זיכערקייט, דערקענען,

און די יונגע, די יונגע, וואָס פאַר זיי שטייט דער פּלאָנטער,
פאַרוויקלטער נאָך און אומענדלעך צעוואַקסן,
ווײַל אין דער ברייט — אפילו פרילינג און רעגן
זענען ענטפער נאָר לפי שעה,
און דאַן טונקעלער טייך אונטערוועגנס
ווער פרעגט נאָך, ווער טראַכט,
אין מיטן פון ווײַנטונקעלער נאַכט?

חיים תורן

# די שיינקייט פון ירושלים

### די שטאָט ביינאַכט

שיין איז ירושלים שטענדיק, אָבער ביינאַכט איז אויף איר אויסגעגאָסן אַ באַזונדערער חן. זיבנפאַכיק גרעסער איז דעמאָלט די שטילקייט, די שטילקייט וואָס באַווירקט דעם מענטש צו פאַרטראַכטן זיך וועגן די סודות פון אירע געסלעך, וועגן דעם מאָך אויף די דעכלעך פון די אַלטע הייזער און פון צווישן די פעלדזן־שפּאַלטן, די שטילקייט וואָס לאָזט אים דערהערן די סודות פונעם עבר, וועלכער שעפּטשעט אין אויער אַריין פון אַלע זייטן, פון יעדן ווינקל. אַ שפּאַציר ביי לבנה־שיין אין ירושלים, איינינקער אַליין, מאַכט פאַרגעסן פון הארץ אַלע דאגות פון טאָג, די זאָרגן פון דער שעה און פאַריאָגט יעדן אומעט און קרעכץ. קיין מאָל פילט מען זיך נישט אַזוי אַליין, ווי בעת אַ נאַכט־שפּאַציר איבער ירושלים. קלאַנגען און אָפּקלאַנגען רייסן זיך פון אַלע זייטן, זכרונות פון עבר שווימען אויף פון יעדן ווינקל. די שטאָט זאָגט שירה — געזאַנג פון דורות.

בעת איינעם פון מיינע שפּאַצירן אין מיין נייער שכונה, איז אין דער שטיל־קייט פון דער נאַכט צו מיר דערגאַנגען אַ זיסע מעלאָדיע, אַ פליסטערן פון אַ תפילה־זאָגנדיקן. איך האָב זיך דערנענטערט און דערזען, ווי ביי די רושטאַ־וואַניעס פון אַ נאָך נישט דערבויט הויז, שטייט אַן אַלטער תימנער איינגעגנורעט אין אַ ווינקל און ביי דער שיין פון אַ קליין פייערל, אויף וועלכן עס האָט זיך פאַרבריט אַ טשייניק קאַווע, זאָגט ער תהילים. איך האָב געפרעגט: — ״לא ינום ולא יישן שומר... ?״ און ער האָט מיר גלייך געענטפערט: ״לא ינום ולא יישן שומר ירושלים הבנויה״. האָב איך געזאָגט: ״ירושלים איז שיין!״, און ער האָט גלייך זיך אָנגערופן: ״עשרה קבין, צען מאָס שיינקייט איז אַראָפּ אויף דער וועלט און ניין דערפון האָט געגומען ירושלים ביי נאַכט״. איך האָב נישט באַהערשט מיין שטוינען און ווייטער געפרעגט: ״פאַרוואָס דווקא ביי נאַכט?״ — אַ ווייל האָט ער זיך ווי פאַרטראַכט און געענטפערט מיט פולן ישוב הדעת: ״ווייל ביי נאַכט זענען וואָך די אַלע וואָס זענען עוסק אין תורה, תפילה און שמירה!״...

### דריי פרויען אין שוואַרץ

די בלאַסקייט אויף די מידע פּנימער פון די דריי פרויען געהילט אין שוואַרצן,

װעלכע זענען אַרײַנגעשטיגן אין אויטאָבוס אויף דער סטאַציע בײַם מיליטערישן בית־הקברות, האָט עדות געזאָגט כמאה עדים אויף דעם, װאָס בײַ זײ אויפן האַרצן. עטלעכע פּאַסאַזשירן זענען אויפגעשפּרונגען פון זײערע ערטער, געמאַכט פּאַר זײ פּלאַץ אינעם פול־אָנגעפּראָפּטן ביזן לעצטן זיץ־אָרט אויטאָבוס. ניִשט שװער געװען צו דערקענען, אַז נאָר װאָס האָבן זײ זיך צעשײדט מיטן טײַערסטן פון אַלץ, װאָס איז אַװעק און װעט קײן מאָל ניִשט צוריקקומען. תחילת זענען זײ געזעסן צעמישט, שװײַגנדיק, װי פאַרשטײנט פון דער קראַפט פון צער, װײטיק און אומעט. אַז די נסיעה האָט אַ ביסל געדויערט, איז אײנע, די עלטסטע פון זײ, אַ ביסל געקומען צו זיך. זי האָט פאַרבראָכן די צװײ בײנערדיקע און אַדערדיקע הענט, טיף אַ קרעכץ געטאָן און געזאָגט מיט אַ ציטערנדיק קול, װי זי װאָלט גערעדט צו זיך אַלײן: „דרײַ אײניקלעך באַגראָבן דאָ, אויף דעם בית־הקברות, דרײַ קרבנות". און זי איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ לאַנגן, האַרץ־ברעכנדיקן יאָמער.

אַלע אין אויטאָבוס האָבן אויפגעציטערט אויף דער װײנענדיקער זקנה, אויף די צװײ פרויען װאָס נעבן איר, געקוקט מיט רחמנות אין די אויגן, װי זײ װאָלטן געװאָלט זײ טרײסטן און דערמוטיקן אין זײער שװערן טרויער. איר שכנטע אויף דער באַנק, אַ פרוי אין די בעסטע יאָרן, אַ שײנע מיט שװאַרצע ברענענדיקע אויגן, האָט זי געהאַלטן בײַם אָרעם און געפּרוּװט באַרויקן: „הער אויף, מאַמע. דיר זענען נאָך געבליבן זין און טעכטער, שנירן און אײניקלעך. אויך בײַ מיר װאָס כ'האָב פאַרלוירן מײַן בכור, זענען נאָך פאַרבליבן אַ זון אין דער אַרמײ און צװײ קלײנע טעכטערלעך; אָבער װאָס זאָל זאָגן מײַן אומגליקלעכע שנור, װאָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק און איז איצט אין פינפטן חודש פון טראָגן?" זי האָט אָנגעװיזן אויף דער פרוי, נאָך כמעט אַ קינד, װאָס איז געזעסן אויף דער נעבנדיקער באַנק אײַנגענורעט אין זיך, כליפּנדיק שטיל.

„װוּ װילט איר אויסשטײַגן?" האָט געפרעגט דער שאָפער, מורא־האָבנדיק אַז פון פיל צער און צעמישטקײט װעלן זײ פאַרגעסן אַרויסגײן אויף דער ריכטיקער סטאַציע. „צום כותל!" האָט געענטפערט די אַלטיטשקע מיט אַ פאַרשטיקט קול, און באַלד צוגעגעבן: — „װער אויב ניִשט דער כותל װעט צוהערן אונדזערע תפילות און פאַרשטײן אונדזער האַרץ?"...

## בײַם כותל

װיפל מאָל אין מײַן לעבן האָב איך באַזוכט דעם כותל? איך געדענק ניִשט. איך װײס בלויז, אַז יעדער באַזוך האָט אויפגעטרײסלט און אויפגעציטערט די פאַרבאָרגענע פּעדעמס פון מײַן נשמה. זינט מײַן ערשטן באַזוך, װען איך בין נאָך געװען יונג, האָב קוים באַװיזן אויסצופּאַקן די װאַליזקעס, װאָס כ'האָב געבראַכט פון מײַן טאַטנס הויז און די סטעזשקעס סײַ פון דער אַלטער סײַ פון דער נײַער שטאָט זענען נאָך געװען פאַר מיר װי אַ פאַרשלאָסן ספר, האָב איך ליב געהאַט צו קומען צום כותל ביחידות קײנער זאָל מיך ניִשט זען. הלמאי זאָל איך לייקענען? ניִשט אײן מאָל בין איך מיטן פּנים צוגעפאַלן צו די שטײנער, באַדעקט

מיטן מאַך פון דורות און דרוכגעוויקט מיטן געוויין פון דורות, און טרערן האָבן מיך געשטיקט אין האַלדז. אין די ערשטע יאָרן פון מיין אָנקומען אין לאַנד אַריין, פלעג איך דאָ קומען אויסגיסן דאָס האַרץ, יעדעס מאָל ווען עס איז מיך באַפאַלן אַ בענקשאַפט צום טאַטנס הויז, וואָס איז געווען דורכגעזאַפּט מיט לעכצונג נאָך ציון בכלל און ירושלים בפרט, און אין די טעג פון גרויסן אומגליק — מחמת צער און ווייטיק אַז אַ גרענעץ צוליבן חורבן פון טאַטנס הויז און צייטנווייז אויך מחמת אַן אינערלעכער נויט — אויסצוגיסן דאָס האַרץ פאַרן פאָטער אין הימל. אָבער דריי באַזוכן ביים כותל זענען ספּעציעל איינגעקריצט אין מיין זכרון. וועגן זיי וויל איך דאָ דערציילן.

* * *

ערשטער באַזוך.

דאָס איז געווען זומער 1945, נאָך דער ענדגילטיקער און צעשמעטערנ־דיקער מפּלה פונעם נאַצישן שונא, אַ מפּלה, וועלכע האָט געבראַכט מיט זיך אַ פרייד געמישט מיט טיפן טרויער, ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן וועגן גרויסן בראַך, וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק. אין אַ וואָכעדיקן פאַרנאַכט האָב איך זיך מיט אַ מאָל דערזען אויפן קליינעם שמאָלן פּלעצל ביים כותל, ווו צוויי־דריי מנינים יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט צו מעריב דאַווענען. דאָס רוב פון זיי — מענטשן פון אַלטן ישוב, חוץ עטלעכע נייע עולים, ביי וועלכע עס איז לייכט געווען צו דערקענען, אַז דאָס איז זייער ערשטער באַזוך ביים כותל. בריטישע פּאַליציסטן האָבן געהאַלטן אָרדענונג און דאָס איינטאָניקע קול פונעם אַראַבישן מאַזאַין האָט פון מאָל־צו־מאָל צעשטערט דאָס פאַרכטיקע און הייליקע געמיט, וואָס האָט אַרומגענומען די עדה מתפּללים. נישט ווייט פון מיר איז געשטאַנען אַ הויכער ייד מיט אַ שוואַרץ צעדרייוולט בערדל און אַ פּנים, צעאַקערט פון טיפע קנייטשן. זיין לבוש פון הוילע שמאַטעס, זיין געבויגנקייט און דערשלאָגנקייט האָבן זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן. ווען איך האָב זיך צו אים דערנענטערט, האָב איך באַמערקט, אַז ער דאַוונט כלל נישט מיטן מנין, נאָר קרעכצט טיף, און נאָך יעדן קרעכץ שעפּטשען זיינע ליפּן איין־און־איינציקן פּסוק. איך האָב אָנ־געשטעלט מיין געהער, יענער האָט מיך כלל נישט באַמערקט. ער איז געשטאַנען ווי אַ לעבעדיקע סקולפּטור, קיין ריר זיך נישט געטאָן, די אויגן פאַרגלאָצט, און די ליפּן האָבן נישט אויפגעהערט צו מורמלען אין יידיש מיטן וויינענדיקן קול, כולו תחנונים:— "אוי, טאַטע אין הימל, אוי, טאַטע טייערער". אַזוי איז ער געשטאַנען און געפּליסטערט ביזן סוף פונעם דאַווענען, אַן אויפהער איבערגע־חזרט די זעלבע ווערטער און מיטן זעלביקן האַרצרייסנדיקן ניגון. אַז דאָס דאַווענען האָט זיך פאַרענדיקט, איז דער ייד ווי אויפגעשפּרונגען פון אָרט, געמאַכט עטלעכע טריט צום כותל, אָנגעשפּאַרט זיך אויף אים, ווי ער וואָלט געוואָלט ווערן מיט אים איינס און אויסגעשריגן הויך אויפן קול:— "זכור ה' מה היה לנו, הביטה וראה את חרפּתנו" און מער נישט געקענט פאַרזעצן און אויסגעבראָכן מיט אַ גרויס, לאַנג געוויין. זיין קול, ניגון און געיאָמער האָבן אַלעמען אויפגעטרייסלט,

און נישט איינער האָט אָפּגעווישט אַ טרער פון זיין אויג. אין דער רגע האָב איך געפילט, ווי אַלע תפילות, וואָס זענען געהערט געוואָרן אין משך פון דורות ביים כותל, האָבן זייער תמצית באַקומען אין דער קורצער תפילה, אינעם האַרצרייסנ־דיקן ניגון פון יענעם ייד, וואָס איז, ווי איך האָב זיך דערנאָך דערוווּסט, געווען איינער פון די פּליטים פון דער שואה, פון די גרעאַטעוועטע פון טרעבלינקע.

* * *

און דער צווייטער באַזוך. אַ שיינער זומער־פרימאָרגן נאָכן זעקסטאָגיקן קריג. אויפן פּלאַץ ביים כותל, וואָס מען האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן רעמאָנטירן און פאַרברייטערן, זענען געשטאַנען עטלעכע צענטליק מנינים ווי פאַרשיכורט פון חלום, פון דער ריין־קאַלטער פרימאָרגן־לופט, פון דער איבערראַשנדיקער באַגעגעניש מיטן פאַרייניקטן, גאַנצן ירושלים. אַלע פאַרזונקען אין תפילה, אין זאָגן תהילים מיט דביקות, מיט עקסטאַז. פּלוצים האָט זיך באַוויזן אַן אויטאָ, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן פון דער ווייט. פון דאָרט האָט מען אַרויסגעטראָגן, ממש אויף די הענט, אַ מענטש אין די דרייסיקער יאָרן, אין אַ מונדיר פון אַן אָפיציר, אַן אינוואַליד אויףביידע פיס. נאָכן אָוועקזעצן אים אויף אַ ספּעציעל וועגעלע, האָט ער זיך אויף דעם פאַמעלעך, פאַמעלעך, דערנענטערט צום כותל. ער האָט לאַנג געקוקט אַרום און אַרום, אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים און עפּעס אַריינ־געשושקעט אין אויער פון איינעם פון זיינע באַגלייטערס. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און אַ יונגער ישיבה־בחור מיט אַ בלאַס אומעטיק פּנים האָט אים געבראַכט טלית־און־תפילין מיט אַ סידור צום דאַווענען. לויט די אָנווייזונגען, וואָס דער ישיבה־בחור האָט אים געגעבן שטיל, מיט אַ קול דממה דקה איז געווען לייכט צו דערקענען, אַז אַ סך יאָרן זענען שוין אַדורך זינט דער אָפיציר האָט געהאַט אויסצושטיין אַזאַ "עקזאַמען". ער האָט זיך איבערגעדעקט מיטן טלית איבערן קאָפּ, געזעסן אומבאַוועגלעך, נישט לאַזנדיק הערן קיין וואָרט פון מויל. ווען ער האָט אָבער אַראָפּגענומען דעם טלית איז ער געווען דורכגעווייקט מיט טרערן, ווי מען וואָלט אים נאָר־וואָס אַרויסגענומען פון וואַסער. אַ ווייל האָט ער נאָך געפּרוּווט זיך באַהערשן. עס איז אים אָבער נישט געלונגען. הייסע טרערן האָבן אים גערונען פון די אויגן אויף ווען זיינע באַגלייטערס האָבן אים צוריק־געפירט צום אויטאָ.

* * *

און אַ דריטער באַזוך. אין די פריע מאָרגן־שעהן אין איינעם אַן אלול־טאָג פון יאָר תשכ"ח. די לופט איז געווען דורכגעזאַפּט מיט די טוי־טראָפּנס פון דער נאַכט, די מויערן פון דער שטאָט זענען נאָך געווען איינגעהילט אין דינע נעפּלען און די גאַנצע שטאָט איז אַ ווונדערלעך ליכט. ביים כותל האָט זיך געטומלט. צוויי מנינים האָבן שוין פאַרענדיקט דאָס דאַווענען, און צום נייעם מנין, וואָס האָט זיך נאָר וואָס געשטעלט דאַווענען, האָבן זיך אָנגעשלאָסן דריי אָנגעקומענע געסט — פאָטער, זון און אייניקל. אַלע דריי האָבן פאַרוואָרפן די טליתים, געלייגט תפילין און אָנגעהויבן דאַווענען, בעת וועלכן דער זיידע האָט מקפיד געווען אַז

זיין אייניקל זאָל נישט דורכלאָזן קיין איין "אמן". עס איז קענטיק געווען, אַז ביידע, סיי דער פֿאָטער סיי דער זון, זענען גליקלעך, וואָס זיי האָבן געבראַכט אַהער דאָס ייִנגל, וואָס איז ערשט אַריין אין עול פון מצוות, ער זאָל דאַווענען בציבור ביים כותל.

נישט ווייט פון די מתפללים איז געשטאַנען אַ גרופּע ישיבה־בחורים, 14—15 יאָר אַלט, וואָס האָבן נישט לאַנג פֿאַרענדיקט זייער תפילה און זיך געאײַלט ביים בלאָזן שופר און געשמועסט אין ייִדיש, שטיל און ערנסט. איינער פון זיי האָט געזאָגט: — "מה נורא המקום הזה!" — ווי פֿאַרכטיק איז דאָס דאָזיקע אָרט. ווען איך בין דאָ מתפלל, פיל איך באַשיינפּערלעך, אַז די תפילות גייען גלייך אַרויף אין הימל אַריין". אַ צווייטער איז אַריין אים אין די רייד און דערציילט אַ טיף־געריריטער: — "אין איינעם אַ טאָג האָב איך דאָ שפּאַצירט אויפֿן הר הבית און פּלוצעם דערהערט אַ קול, איך בין געווען גרייט צו שווערן, אַז דאָס איז געווען דאָס קול פון מלאך, וואָס האָט גערופֿן צו אברהם אבינו: "אַל תשלח ידך אַל הנער". האָט דער דריטער אַ ברום געטאָן, פֿאַרדרייט די לאַנגע גוט־געפֿלעגטע פּיאות און אָנגעהויבן מיט אַ גמרא־ניגון דערציילן לאַנגזאַם און מיט חשיבות, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט: "מיין עלטערער ברודער, מענדל דער עילוי, לערנט דאָ נישט ווייט אין דער ישיבה, ווו עס לערנען און וווינען צוזאַמען עטלעכע צענטליק בחורים. מיט עטלעכע חדשים צוריק, אין סאַמע מיטן פון אַ שטורעמדיקער ווינטערנאַכט, ווען פון הימל האָט געגאָסן ווי מיט צעבערס, איז מיין ברודער נעלם־געוואָרן פון דער ישיבה. דער ראש־ישיבה מיט אַלע תלמידים זענען געוואָרן באַזאָרגט, קיין רו נישט געהאַט פון גרויס דאגה. אַן ערך צוויי שעה נאָך חצות איז ער צוריקגעקומען, האַלב פֿאַרפֿרוירן און פּיטש־נאַס. אַלע זענען אַרויס פון די בעטן, אים אָנגעהויבן אויספֿרעגן, וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט. מיט אַ ציטערנדיק קול פון קעלט, דאָרשט און הונגער האָט דער ברודער מיינער דערציילט: — "פֿאַר נאַכט האָט מיך אָנגענומען אַ חשק צו דאַווענען מעריב ביים כותל, נישט געקוקט אויף דעם רעגן און שטורעם, וואָס האָבן געווילדעוועט אין דרויסן. איך בין טאַקע געווען דער איינציקער ביים כותל. נאָכן אָפּדאַווענען מעריב האָב איך געוואָלט צוריקגיין אַהער, דאָס האַרץ האָט מיך אָבער ווי־געטאָן איבערצולאָזן דעם כותל אַליין! איך האָב דעריבער דאָרט געוואָרט ביז ס'איז געקומען אַ צווייטער מתפלל, און יענער איז שוין געבליבן אויף מיין אָרט".

יאָ, האָט דאָס ייִנגל פֿאַרענדיקט זיין סיפור־המעשה, אויפֿהייבנדיק דאָס קול זיינס: "נישט בחינם האָבן די חז"ל געזאָגט: "מעולם לא זזה שכינה מכותל מערבי של בית המקדש" — די שכינה האָט קיין מאָל נישט פֿאַרלאָזט די מערבדיקע וואַנט פונעם בית המקדש"...

ייִדיש: א. שעדלעצקי

## עליע ווערבלון

# קורצע לידער



וואָס איז דיכטונג ? —
צו האַלטן דעם פּולס פון דער וועלט,
פילן ווי עס צאַפּלט איר האַרץ,
דאָס גרויסע און אומזיניקע האַרץ,
וואָס דאָ איז עס באַרגיק און שטייניק,
וואָס דאָ איז עס ימיק און תּהומיק,
אָדער לייכט ווי דער עטער
און הויך־הויך ביז צום שטערן,
וואָס וואַנדלט אַרום אין די ספערן.

אָט־דאָס איז דיכטונג :
אַ טונקלונג, אַ ליכטונג !



ס'איז פרילינג.
אַזוי פיל בלומען זענען אויפגעגאַנגען פון דער ערד !
ניט פון שיינקייט־וועגן איז די זאַך געשען,
נאָר פון אַ בלומעדיקן ענגן זין
אַריינצונאַרן מיטן ביסל נעקטאַר
די פרעסערישע בין
און דערפאַר וועט זי
פון בלום צו בלום פאַרשפּרייטן
אָן קיין גרויסער מי
די שטויבעלעך פּאָלין.

דער משורר וועט נאָך קענען זאָגן:
ווי שיין דער פרילינג איז!
ווי די בלומען עפענען זיך פאַר אים!...



כ'בין געבליבן אויפן הפקר פון מיין אַלייניקייט.
די אַלע "שיינע זאַכן": נאַטור, די פלאַנץ, דער ים און הימל —
זיי זענען ווערטער אָפּגענוצטע,
אָפּגעריבענע פון לאַנגן פלאַפּל
און קיין "זאַכן" ווערן ניט באַשאַפן. —
אפשר ווערן זיי געפּאָרעמט אונטער פאָרהאַנג פון חלומות,
אפשר גליען זיי אין פרישן צאַפּל
אין תהום אין טיפן פון דעם "איך"?
אפשר ווערט פון פינצטערניש געבוירן ליכט!...



עמעץ האָט מיך פאַרלאָרן
אין דער מיט פון דער וועלט,
אויף דער פלאַך פון דער ערד.

איך ווענד מיינע בליקן רעכטס און לינקס:
אַן אַלטער בוים באַוועגט זיך אין ווינט,
גראָזן,
וואָלקנס אויפן הימל.
ביי נאַכט האָבן שטערן אויפגעבליט
און אַ סערפּל לבנה איז געבליבן שטעקן אין דער מיט.
דערנאָך איז געקומען אַ באַגינען
און נאָך אַ באַגינען
און כ'ווייס נאָך אַלץ ניט ווער ס'האָט מיך פאַרלאָרן
און ווער ס'וועט מיך געפינען.

א. שעדלעצקי

# מזל און גורל

## (בלעטלעך פון צייט־אַלבאָם)

### פרייהייט

ער איז געווען פון די ערשטע פון די דאָרט־געקומענע. היפּש פאַרן גרויסן שטראָם, וואָס האָט אַלעמען איבערראַשט. געקומען אַליין, אָן ווייב און קינד... אַן ערנסטער, אַ שווייגער, אַ שטאָלצער, — בלויז אין אַ היימישער סביבה האָט ער ליב־געהאַט צו דערציילן, דערציילן און רעדן ביז שפּעט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אויסריידן מיט איין מאָל פאַר אַלע יאָרן שווייגעניש, פאַר יאָרן פון געצוווּנגענער שטומקייט. פון די שמועסן מיט אים — על־פּי־רוב וועגן אַלגעמיינעם און באַזונדערס יידישן לעבן "דאָרט" — האָט מען זיך ביסלעכווייז אויך געשאַפן אַ שטיקל בילד וועגן אים גופא, וועגן דעם, ווי די אייגענע משפחה זיינע — פרוי און קינדער — זענען צו אים פרעמד־געווען, און ווי אַזוי ער האָט זיך ענדלעך פון דאָרט אַרויסבאַקומען — נאָך לאַנגע יאָרן תפיסה, פאַרשיקונג, קאַטאָרגע...

פון דעם אַלעם, ווי אויך פון דעם, וואָס מיר האָבן געהערט פון אַזעלכע, וואָס האָבן אים געקענט פון אַמאָל, אַמאָל, פון דער פריעסטער יוגנט זיינער, האָבן מיר אים פאַמעלעך אַריינגענומען צווישן זיך און ער איז אונדז נאָענט געוואָרן.

אָנגעהויבן האָט ער אין די רייען פון דער נאָר וואָס געשאַפענער רויטער אַרמיי, האָט זיך אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן און באַקומען די העכסטע באַלויבונגען. שפּעטער געווען אַקטיוו אין דער "יעווסעקציע" און דערביי אויך באַוויזן אויפצובויען אַ פאַמיליע — געהאַט אַ ווייב, קינדער. אַלץ וואָלט מסתמא געווען גוט און פיין, ווען נישט די "טשיסטקעס". אין די סוף דרייסיקער יאָרן האָט מען אים אַריינגעזעצט אין תפיסה, דערנאָך פאַרשיקט, אָפּגעריסן פון היים, ווייב און קינדער...

אָפּגעריסן פון זיי נישט בלויז פיזיש. זיין ווייב, אַ נישט־יידישע, האָט באַלד פון ערשטן מאָמענט ווי מ'האָט אים אַרעסטירט נישט געוואָלט וויסן פון אים, דעם "פאַררעטער". די קינדער — דעמאָלט נאָך זייער יונג — האָבן נאַטירלעך געפאָלגט, וואָס די מאַמע האָט זיי געהייסן. מיט אַ מאָל איז ער געבליבן אַליין, פאַראייזאַמט, פאַרלאָזט...

יאָ, מ'האָט אים דעמאָלט אויך געשטעלט פאַר אַ "משפּט", און דער הויפּט־עדות קעגן אים איז געווען נישט עמעצער אַנדערש, ווי זיין אייגן ווייב. איינער פון די באַווייזן פאַר זיין "נאַציאָנאַליסטישן" אָפּנויג איז געווען אַן אַלט ספרל פון זיין זיידן דעם רב — דער איינציקער זכר פון די עלטערן, וואָס זענען אַלע אויסגעשאָכטן געוואָרן בעת די פּאָגראָמען אין אוקראַינע.

ער האָט וועגן דעם אַלעם גערעדט, ווי אַ קאָשמאַר, וואָס האָט אים לאַנג געמאַטערט, אָבער איצט איז ער שוין ווייט פון אים — אָן בייזקייט, אָן כעס, מיט איינזען, ווי עס וואָלט גאָר אַנדערש נישט געקענט זיין "דאָרט". זי איז געווען אַ "פרומע פּאַרטייערין", פּונקט ווי

איך. אפשר האָט זי טאַקע געגלייבט, וואָס מען האָט איר אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ, אַז איך בין אַ "פאַררעטער"; אפשר האָט זי נישט געקענט ביישטיין דעם דרוק. אין יענעם תפיסהדיקן גי-הנום זענען אַלע אומוואַרשיינלעכקייטן וואָר... אַל תדון את חברך...

ערשט נאָך סטאַלינס פּגירה איז ער אַרויס אויף דער "פריי". ער איז צוריק-געקומען פונעם ווייטן סיביר. דאָס גוֹיי-שע ווייב האָט אים אויך איצט נישט אַריבערגעלאָזט איבער איר שוועל. ער האָט זי געהאַט אָפּגעגט שוין פון לאַנג. די קינדער — איצט שוין דערוואַקסענע — האָט ער קיין מאָל נישט געזען. "איך בין צוריק געקומען פון פאַרשי-קונג — האָט ער דערציילט — אָבער לאַנג איז נאָך געווען דער וועג צו דער פרייהייט, צו דער אמתער פרייהייט, וועגן וועלכער איך האָב די גאַנצע צייט אויף פאַרשיקונג געחלומט. אַרויסבאַקו-מען זיך פון דאָרטן, אָנגעקומען אַהער, קיין ארץ-ישראל. דאָס איז שוין פון לאַנג געווען פאַר מיר קלאָר אַלס איינ-ציקער וועג פון רעטונג"...

דער גאַנצער געדאַנק האָט זיך איצט קאָנצענטרירט אויף איינעם: ווי אַזוי באַקומט מען זיך אַריבער אַהין. דאָרט זענען פאַראַן חברים, לאַנדסלייט, אפילו קרובים — זיי האָבן דאָך אים נישט פאַראַטן. צו זיי האָט ער זיך געווענדט, אַפּעלירט, געבעטן און באַקומען אַן אַרויספאָדערונג און נאָך אַ לאַנגן קאַמף — די אַרויספאָר-וויזע.

אַזוי איז ער אָנגעקומען אַהער — פון די ערשטע שוואַלבן, וואָס האָבן אָנ-געזאָגט דעם קאַמף און דעם שטראָם פון עליה.

די פרייד מיטן אויסגעבענקטן לאַנד איז געגאַנגען ביי אים געפּאָרט מיט דער פרייד פון זיינע פערזענלעכע איבערלע-בענישן מחמת דער באַגעגעניש מיט אַלטע חברים פון די יוגנט-יאָרן. ומי שלא ראה — ווער עס האָט נישט געזען די פרייד פון דאָזיקן מענטשן, ווייסט נישט וואָס הייסט אַרויס מעבדות לחרות...

"ווייסט איר וואָס הייסט פרייהייט פאַרן מענטש?" דעם פּסוק פלעגט ער איבערחזרן אָן אויפהער, נישט גע-פינענדיק דערביי גענוג ווערטער, ווי אַזוי אויסצודריקן זיינע געפילן — אויך לאַנג נאָכן דורכמאַכן די ערשטע חבלי קליטה, נאָכן באַקומען אַ "שיכון", אַר-בעט און נאָכן דערמאָנען זיך אַלץ מער דעם העברעיש וואָס ער האָט געלערנט אין די חדר-יאָרן...

גורל גייט אָבער נישט תמיד געפּאָרט מיט מזל. יאָ, די פרייהייט — די אַזוי לאַנג געגאַרטע און דערגרייכטע פריי-הייט — נישט לאַנג איז אים אויסגע-קומען צו געניסן פון איר. ער איז קראַנק געוואָרן — די שווערע איבער-לעבענישן האָבן אַפּנים אין אים איבער-געלאָזט נישט ווייניק שפּורן וואָס האָבן זיך מער נישט געלאָזט פאַרווישן. הגם אויך איצט האָט ער נישט פאַרלוירן זיין אָפּטימיזם און געפּרוּווט די יסורים מקבל-באהבה-זיין: "יאָ, אויך שטאַרבן איז גוט ווי אַ פרייער מענטש און ייד"...

ער איז קראַנק געוואָרן און איידער וואָס, איידער ווען איז ער געשטאָרבן. אַ נאַכט פריער איז אַראָפּגעפאַלן אַ געדיכטער שניי, מער ווי תמיד אין ירושלים. געווען אַ נאַכט פון שטורעם און ווינטן, וואָס האָט אומגעוואָרפן אויך דעם איינציקן אַלטן סאָסנע-בוים ביים אַריינגאַנג צו זיין הויז...

— ביימער שטאַרבן שטייענדיק... — האָט עמעצער זיך אָנגערופן.



עס איז אַדורך אַ שטיקל צייט ביז אין איינעם אַן ערב-פּסחדיקן פרילינג-טאָג קלינגט מיין טעלעפאָן: — מאָרגן גייען מיר אויף זיין קבר, ווילסטו מיט-גיין?

— וואָס עפּעס פּלוצים? דער יאָרצייט איז דאָך געווען מיט אַ פּאָר וואָכן צו-ריק. אַ מצבה איז דאָך שוין אַנטהילט געוואָרן, פאַר וואָס דווקא מאָרגן?

— פרעג נישט קיין קשיות. אויפן אָרט וועסטו שוין וויסן פאַר וואָס דווקא מאָרגן מאַכן מיר אַן אזכרה. קום, וועסט נישט באַדויערן.

הגם איך האָב געהאַט אַ פאַרנומענעם טאָג, בין איך פונקט צו דער מינוט געווען אויפן הר המנוחות. אמת, די פריינדשאַפט מיט דעם פאַרשטאָרבענעם איז געווען אַ קורצע, זיין געשטאַלט האָט אָבער נישט אויפגעהערט לעבן אין מיין זכרון. קען אויך זיין, אַז מיין זשורנאַליסטישער בייגער האָט מיך געבראַכט יענעם פרימאָרגן אַהין.

עמעצער האָט געזאָגט "קדיש" און אַ יונגע, אומבאַקאַנטע בלאָנדע פרוי האָט געלייגט אַ בוקעט בלומען אויפן קבר. אַלע סימנים האָבן געוויזן, אַז זי איז אַן אָקאָרשט־געקומענע פון דאָרט. זי האָט גערעדט בלויז רוסיש, און איך האָב נישט געקענט מיט איר שמועסן. בלויז איר מאַן האָט אויף אַ צעבראָכענעם יידיש זיך מיט מיר באַגריסט נאָך דעם. עמעצער האָט אים געזאָגט, אַז אויך איך האָב געהערט צום קרייז פון זיין פרויס פאָטער. יאָ, די יונגע בלאָנדע פרוי איז טאַקע געווען זיין טאָכטער, די טאָכטער, וואָס האָט קיין מאָל איר טאַטן נישט געזען נאָר אַפּנים בלויז געהערט וועגן אים . . .

יידישער גורל — ווער קען וויסן דיינע וועגן, קאַפּריזן און אויסטערלישקייטן? ווי אַזוי און ווער האָט דאָס, למשל, געבראַכט די דאָזיקע טאָכטער אין די פוסטריט פון איר טאַטן, וואָס האָט אויסגעקליבן די פרייהייט? פון וואַנען די באַשערטקייט זיין שטאַם זאָל ווידער באַנייט ווערן אויף דער יידישער ערד?

## ווייַן אויף פסח...

די וואַרשעווער גאַס איז געווען אַ לאַנגע גאַס. זי האָט דורכגעשניטן די גאַנצע ברייט פונעם שטעטל, ביים גרויסן טראַקט, וואָס האָט געפירט צו דער הויפּטשטאָט. לויט דעם אויסזען און כאַראַקטער, הייזער און מענטשן, האָט מען די גאַס געקענט טיילן אויף עטלעכע געסלעך. דער טייל, למשל, ביים מאַרק ביז איבער דער בריק, האָט זיך ווייניק אונטערשיידט פון די אַנדערע געסלעך, וואָס זענען בעיקר באַשטאַנען פון יידישע הייזער. אַ ביסל ווייטער — פונעם מאַרק און פון סעדל, צווישן וועמענס דיקע קאַשטאַן־ביימער עס איז געשטאַנען די סטאַטוע פון דער "הייליקער מאַמען", האָט זיך אָנגעהויבן דער "גוישער" טייל פון דער שטאָט. פאַקטיש האָבן זיך אָבער אויך דאָ געפונען נישט ווייניק יידישע הייזער און יידישע איינוווינער, באַזייט מיט די קריסטלעכע שכנים און די שטאָטישע און פּאָוויאַטאָווע אַמטן.

גראָד דאָ, אין די הייזער אויף יענער זייט וואַרשעווער גאַס, ווייט פון די ענגע יידישע געסעלעך, האָבן געוווינט די עלטסטע יידישע משפחות אין שטאָט, פאַרוואָרצלט זיבנט דורות. אַזאַ איז אויך געווען דער הויף ביים סאַמע מאַגיסטראַט, ווו עס האָבן געוווינט די מיקאַנאָווסקיס און די אַלטמעדס. זיי האָבן דאָ געהאַט וואַרשטאַטן פון מעבל, באַגלאָזונג. וואָס מיר האָט אָבער באַזונדערס פאַראינטריגירט אין דעם הויף, איז געווען דאָס פאַבריקל פון ווייַן און מעד פון ר' זישע אַלטמעד, דעם פרומען איידעם פון די מיקאַנאָווסקיס.

אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר פלעג איך זעלטן אָנקומען אינעם דאָזיקן אָפּגעשלאָסענעם הויף, ווייט פון אונדזער געסל אויף יענער זייט טייכל. שאַרפע פאַרשיכורנדיקע ריחות האָבן זיך דאָ געטראָגן פון די בייכיקע מיט אייזערנע רייפן אַרומגענומענע הילצערנע פעסער. ווייַן אויף קידוש און הבדלה פלעגט דער טאַטע ברענגען אַליין, פון גאַס, אָדער פון דאָזיקן פאַבריקל גופא. איין פלעשל אַזאַ האָט געסטייעט אויף אַ שיינע פאָר וואָכן. אַזוי אַ גאַנץ יאָר. אויף פסח אָבער איז דער איינקויף געווען אַ גרויסער — חוץ ווייַן אויף ארבע כוסות, האָט מען אויך געדאַרפט אַ שיינע פאָר פלעשלעך פאַר די חול־המועד־געסט . . .

שוין אַ פּאָר טעג פאַר פּסח האָט די מאַמע אַרויסגענומען די ספּעציעלע פּסח־דיקע גאַרפּינקעס, און אין איינעם אַ פאַרנאַכט בין איך אַוועק מיטן טאַטן ברענגען דעם פּסחדיקן וויין גלייך פון פאַבריקל, און דערביי שטאַרק זיך גע־היט נישט צו קומען אין באַריר מיט חמץ. צוגלייך מיטן לופטערן די ספרים איז דאָס געווען דער וויכטיקסטער חלק פון מיין ייִנגלערישער הילף ביים אַריינ־ברענגען דעם פּסח אין שטוב אַריין.

די־אַ ערב־פּסחדיקע באַזוכן מיינע אי־נעם וויין־פאַבריקל זענען אָבער געווען בחפזונדיקע. מיר זענען נישט געווען די איינציקע קונים. לאַנג אויפהאַלטן זיך דאָרט, ווי איך האָב חשק־געהאַט, איז נישט געווען מעגלעך. אין קעלער אַריין האָט מען נישט אַריינגעלאָזט. אָנגעצאַפּט דעם וויין גלייך פון פאַס, צוגעקליבן נאָך עטלעכע פלעשער "פירמע"־וויין מיט קאָלירטע צעטעלעך און גלייך איז מען געגאַנגען אַהיים. נאָך אַזאַ באַזוך איז אָבער די קינדערישע פאַנטאַזיע נאָך מער גערייצט געוואָרן, האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט דער ווילן צו דערגיין אַלע געהיימענישן פון דעם דאַזיקן זיסן, שמעקעדיקן און פאַרשיכורנדיקן רויטן געטראַנק...

ווייזט אָבער אויס, אַז דאָס באַזאָרגן אַ שטאָט יידן מיט וויין, אפילו די יידן אויך פון די אָרעמיקע שטעטלעך, איז געווען גענוג בלויז, כדי מזכה־צו־זיין יידן מיט מצוות. פרנסה האָט דאָס אָפּנים ווייניק געגעבן. אין איינעם אַ טאָג איז דעריבער באַקאַנט געוואָרן, אַז די אַלט־מעדס האָבן פאַרקויפט דאָס וויין־פאַב־ריקל. די נייע באַלעבאַטים, האָט מען זיך באַלד דערוווּסט, זענען וואַרשעווער. דאָס האָט זיך גלייך געמערקט. דאָס פאַבריקל האָט פשוט אויפגעלעבט. די נייע וויינשענקערס האָבן זיך נישט באַ־נוגנט מיטן "היימישן" מאַרק. גרויסע פּלאַטפאָרמעס פאַרלאָדן מיט קאַסטנס וויין־פלעשער האָבן אָנגעהויבן יעדע וואָך אָפּצוגיין פון דאַנעט קיין וואַרשע. די נייע באַלעבאַטים זענען געווען עט־לעכע ברידער, חסידישע יונגעלייט. אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי געאַרבעט אויפן אָרט און דאָנערשטיק אַהיימגעפאָרן צו זייערע משפחות אין וואַרשע. דער יונג־סטער פון זיי איז געבליבן היטן דאָס געשעפט.

מלך — אַזוי האָט געהייסן דער יונגער בחור — האָט זיך תחילת געפילט זייער נישט גוט אין דער פרעמדער שטאָט. גאָר גיך האָט ער אָבער באַקומען חברים. דאָס זענען געווען די צוויי "מנגנים", יינגלעך וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זינגען, פריילעכע חברה־לייט. ווייזט אויס, אַז געזאַנג גייט תמיד געפּאָרט מיט וויין און זיי זענען געוואָרן שטענדיקע אַריינגייער אין ווינקעלער, ווו מלך האָט זיי אויפגענומען בסבר פנים יפות, ביי אַ גוט גלעזעלע וויין. דאָס איז באַ־זונדערס געווען אין די דאָנערשטיקע אָוונטן, ווען אַלע ברידער זענען אַוועק־געפאָרן אַהיים קיין וואַרשע און מלך איז געבליבן דער איינציקער באַלעבאָס.

דער קרייז איז געוואַקסן און אויך איך, דער יונגסטער פון דער חברה, האָב אָנ־געהויבן קומען אין די דאָנערשטיק־אָוונטן אַהין אין פאַבריקל, וואָס איך האָב יאָרן געגאַרט צו זען פון דער נאָענט. די דאָזיקע באַגעגענישן ביי אַ גלעזל וויין האָבן זיך געווייינלעך אָנ־געהויבן מיט געמיטלעכע שמועסן און "תורה"־זאָגן פון לייבלען, און כטוב ליבם ביין, האָבן יאַנקעלע שיפּמאַן מיט אברהם כאַשטש אָנגעהויבן זינגען — שטיקלעך חזנות און יידישע לידלעך — אַזוי ביז די שכנים זענען געקומען מיט אַ געשריי, אַז מען לאָזט נישט שלאָפן די קינדער... דער דאָזיקער צעשטיפּ־טער ווינקעלער איז געוואָרן אַן אָרט צום פאַרברענגען און נישט איין מאָל בין איך פון דאָרט אַרויס באַרוישט, — אויב נישט פון דעם טרינקען, איז ווי־ניקסטנס פון שאַרפן וויין־ריח און פריי־לעכן געזאַנג, וואָס איך האָב דאָרט איינגעזאַפּט אין זיך...

✶

דאָס האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אין

36סטן יאָר איז אויסגעבראָכן דער פּאָ־גראָם אין שטעטל. צום מיינסטן האָבן. באַטירלעך געליטן די יידן אין יענע גאַסן. אויך די געשעפטן האָבן אָנגעהויבן צו גיין שלעכט. בהדרגהדיק האָט דאָס פּאַבריקל זיך ליקווידירט, ביז עס האָט אין גאַנצן אויפגעהערט צו אַרבעטן. מלכס עלטערן, האָבן מיר געהערט, זענען אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. אויך ער אַליין מיט זיינע ברידער האָבן זיך אָנ־געהויבן גרייטן צו פאָרן. אַלנפּאַלס אין אונדזער שטאָט האָט מען זיי מער נישט געזען. עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה. דאָס וויין־פּאַבריקל און די אָוונטן, וואָס מיר האָבן דאָרט פאַרבראַכט, זענען גע־בליבן בלויז אין זכרון — צום דער־מאָנען זיך אין די פינצטערע מלחמה־און געטאָ־יאָרן... אויך יאַנקל פּיש־מאַן איז אַוועק קיין וואַרשע, איז אומ־געקומען אין וואַרשעווער געטאָ. אברהם כאַשטש, דער צווייטער בעל־מנגן, איז געשטאָרבן פון טובערקולאָז... ביס־לעכווייז האָט מען זיי אַלע פאַרגעסן, פאַרגעסן אויך דעם פרומען וואַרשעווער בחור מלך מיט זיינע ברידער וואָס האָבן באַזאָרגט דאָס יידישע וואַרשע מיט כשרן וויין אויף פסח, שמחות און יום־טובים... ביז —

דעם ערשטן פסח פון מיין אָנקומען אין לאַנד אַריין — אין יאָר תש״ט — בין איך פאַרבעטן געוואָרן צום סדר דורך מיין טאַטנס אַ יוגנט־חבר אין תל־אביב. הגם איך האָב שוין זיך געהאַט באַזעצט אין ירושלים, האָב איך באַ־שלאָסן דעם ערשטן פסח מיינעם אין לאַנד צו פייערן אין תל־אביב. די פאַר־בעטונג איז געווען אַזאַ, אַז איך האָב נישט געקענט אָפּזאָגן.

— דעם לעצטן פסח מיינעם אין פּוילן — האָט מיר געגעבן צו דערקלערן מיין פאָטערס יונגט־פריינט — האָב איך גע־פייערט ביי אייך אין שטוב. דאָס איז געווען אין דרייסיקסטן יאָר, פאַר מיין עליה קיין ארץ־ישראל. די באַן מיט חלוצים פון וואַרשע האָט געדאַרפט אָפּ־פאָרן קיין קאָנסטאַנצע דעם ערשטן טאָג חול־המועד פסח, האָב איך מורא געהאַט, אַז פון מיין שטאָט, וולאָדאַווע, וועל איך נישט באַווייזן אָנצוקומען פּינקטלעך קיין וואַרשע, איך האָב זיך אויך געוואָלט געזעגענען מיט דיין טאַטן, בין איך דעריבער געקומען צו אייך אַ טאָג פאַר פסח און פאַרבליבן צום ערשטן און צווייטן סדר. איך געדענק דיך גוט, דו ביסט דעמאָלט געווען אַ קליין יינגל, האָסט געפרעגט די פיר קשיות און גע־זאָגט אַ פשטל וועגן די פיר לשונות פון גאולת מצרים. עס וועט דעריבער זיין אַ פריידן פאַר מיר און מיין משפחה, אַז דעם ערשטן סדר וועט מיין חברס זון נאָכן אָנקומען אין לאַנד אַריין פראַווען ביי אונדזער טיש...

אַזוי האָט דער ייד, וועגן וועלכן איך האָב אַ סך געהערט ביי אונדז אין שטוב, אין מיר איינגעטענהעט און איך האָב די פאַרבעטונג אָנגענומען מיט צופרידנקייט, און אפילו מקדים־געווען, געקומען קיין תל־אביב מיט אַ טאָג־צוויי פאַר דער סדר־נאַכט.

דעם טאָג פאַר ערב פסח האָב איך שפּאַצירט איבער די צעזוניקטע ערב־יום טובדיקע גאַסן פון תל־אביב, בעת אין ירושלים איז נאָך געווען היפּש קאַלט. אַזוי שפּאַצירנדיק, בין איך צום ערשטן מאָל אָנגעקומען צום "שוק", און פון דאָרט בין איך אַרויס צו דער הערצל־גאַס. מיט אַמאָל בין איך שטיין געבליבן ערגעץ־ווו אויף דער פלאַרענטין־גאַס. אַ ריח פון שאַרפן וויין געמישט מיט פרישן פּאַליטור פון די דאָרטיקע מעבל־גע־שעפטן און וואַרשטאַטן האָט מיר פלוצים אַ שלאָג־געטאָן אין די נאָזלעכער.

— לאָמיר טאַקע קויפן אַ גוט פלעשל וויין, כדי צו ברענגען צום סדר פון גאַסטגעבער. — איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, און שוין האָב איך זיך געפונען אינעווייניק אין אַ וויין־געשעפט. איך הייב אויף די אויגן צום בופעט און וויל בעטן אַ גוט פלעשל וויין און — דאָס לשון איז ביי מיר אָפּגענומען. איך קען קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען. בין

איך אין תל־אביב אָדער אין מיין היימ־שטאָט ?

— מלך ? — בלויז דאָס איינציקע וואָרט איז מיר אַרויס פון מויל.

— יאָ, מלך הייבלום — ענטפערט דער יונגערמאַן אין קאַפּל מיט אַן אַרומגעצוימט קליין בערדל.

דאָס איז נישט געווען קיין חלום — צווישן די רעשטלעך גרעאַטעוועטע פון יידישן וואַרשע, וואָס זענען אָנגעקומען אין לאַנד אַריין, האָט זיך אויך געפונען די משפחה, די באַרימטע וויינשענקער פון וואַרשע, וואָס באַזאָרגט אַ שטיק תל־אָביב מיט וויין כשר לפסח, אַזוי ביזן היינטיקן טאָג . . .

## די זעלבע צירל

יעדעס יאָר סוכות פאַרזאַמלען זיך די לאַנדסלייט ביי צירלען. אַזוי שוין איבער צוואַנציק יאָר. קאָן זיין, אַז דאָס איז מחמת דער גרויסער דירה מיט דער שיינער סוכה, וואָס איר מאַן, יאַנקל דער קאַמאַשנמאַכער, גרייט צו אויף יום־טוב אין דעם "שיכון", וואָס האָט זיך אַמאָל טאַקע געפונען ממש הינטער דער שטאָט, און היינט איז ער אַרומגעשטעלט מיט הויכע פילשטאָקיקע בנינים און האָט אַ גוטע פאַרבינדונג מיט אַלע פאַרשטעט פון דער גרויסער שטאָט, און אפשר איז דאָס צוליב צירלען אַליין, מחמת איר כיבוד און בריהשאַפט ביים אויפנעמען געסט. אַזאַ קרישקע־קוכן אָדער עפּל־פלאַדן, ווי אין דער סוכה ביי צירלען, וואָס זאָל אַזוי דערמאָנען אין דער אַלטער היים, איז שוין שווער היינט צו געפינען . . .

אין דער וואָך פון סוכות האָבן מענטשן מער צייט. ערב סוכות פאַלט אויך אויס דער יאָרטאָג, ווען דאָס שטעטל יידן איז אַרויסגעפירט געוואָרן דורך די דייטשן צום טויט. — זיצט מען דאָ צוזאַמען, מען טיילט זיך מיט זכרונות פון יענע טעג, מען ברענגט־אויף אויפן זכרון פּאַסירונגען און געשטאַלטן פון שטעטל אַ מאָל ; מען פרעגט זיך אויס, וואָס מען הערט ביי דעם, אָדער יענעם פון די עטלעכע צענטליק יידן פון דעם שטעטל, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט קיין ישראל, און לסוף געזעגנט מען זיך מיט ברכות צום נייעם יאָר און צום ווידערזען זיך ווידער דעם קומענדיקן סוכות, נאָטירלעך ווידער ביי צירלען אין סוכה.

אַלע געדענקען זי גוט, די שיינע צירל, פונעם שטעטל נישט ווייט פונעם בוג, איר פּרינצעסישע שיינקייט וואָס האָט פאַרכאַפּט און באַצויבערט יעדן איינעם, וואָס האָט זי אפילו בלויז איין מאָל געזען. זי, די שיינע צירל, איז דאָך געווען דער חלום פון יעדן בחור אין שטעטל. די עלטסטע טאָכטער פון ר' שמחה־גדליה פון "טאַרטאַק" איז געווען שיין, קלוג און אינטעליגענט, — האָט פאַרמאָגט אַלע מעלות פון אַ יידישער טאָכטער פון אַ גוטער באַלעבאַטישער שטוב אַמאָליקע צייטן. זי האָט זיך אויך אויסגעטיילט פון דער גאַנצער שטוב קינדער אין דער גרויסער משפחה. זי איז געווען אַ שם־דבר אפילו אין דער גאַנצער געגנט, האָט געשמט מיט איר געראָטנקייט — אַזוינס האָט די וועלט נישט געזען . . .

אַזאַ איז זי געווען צירל און אַזאַ איז זי פאַרבליבן. די געשעענישן אין פאַר־לויף פון אַלע ביטערע יאָרן האָבן נישט איבערגעלאָזט אויף איר קיין שום צייכן. נישט די מלחמה, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען פוילן, און אויך נישט נאָך דעם, ווי דער פאָטער, ר' שמחה־גדליה מיט זיין משפחה זענען אַריבער אויף יענער זייט בוג, אויף יענער זייט גרע־נעץ, און זענען דערנאָך פאַרטריבן גע־וואָרן אין די סיבירער טייגעס. דאָרט איז טאַקע די גאַנצע משפחה אויסגע־שטאָרבן פון הונגער און נויט. געבליבן איז בלויז צירל מיט איר מאַן, אַ בחור פון זעלבן שטעטל, מיט וועלכן זי האָט געהייראַט אין סאַמע לויפעניש איבער די גרענעצן. נאָך דער מלחמה זענען זיי

געווען פון די ערשטע, וואָס זענען אָנ־געקומען אַהער אין לאַנד אַריין. זיי האָבן זיך נישקשהדיק איינגעאָרדנט, אויפגעבויט אַ שיינע היים, געוואָרן אַן אַדרעס פאַר אַלע לאַנדסלייט — סיי פאַר די, וואָס זענען געקומען אַהער נאָך פאַר דער מלחמה און סיי פאַר די, וואָס זענען אָנגעקומען אַהער פון די דייטשע לאַגערן, אָדער סאָוועטישער פאַרשיקונג.

יאָ, די אַלע ביטערע צייטן האָבן נישט איבערגעלאָזט קיין שום סימנים אויף צירלס שיינקייט און אויסזען. דאָס איז טאַקע אָפּט געווען איינע פון די טעמעס בעת די באַגעגענישן.

"די זעלבע צירל"... — דער זאָג איז געוואָרן אַ מין באַגריסונג־וואָרט, בעת די באַגעגענישן, און אַזוי האָט מען אין שפּאַס אויך גערופן איינעם פון אירע פיל אַדאָראַטאָרן אין אַמאָליקן שטעטל, איצט אַ רייכער בוי־אונטער־נעמער אין תל־אביב. ער פלעגט באַלד ביים עפענען די טיר נישט קענען זיך אָפּוווּנדערן און נישט אויפגעהערט, איין מאָל און נאָך אַ מאָל, איבערחזרן דעם פּזמון "די זעלבע צירל". אַלע האָבן דערביי געמוזט מודה־זיין: "יאָ, טאַקע די זעלבע צירל. זי האָט זיך גאָרנישט נישט געענדערט"... און דאָס איז בשום אופן נישט געווען סתם אַ קאָמפּלימענט.

אַזוי יעדן סוכות האָבן די לאַנדסלייט באַוווּנדערט זייער בת־עיר — אַזוי ביזן לעצטן סוכות.

ווידער האָט דאָס "גאַנצע שטעטל" זיך פאַרזאַמלט ווי יעדעס יאָר דעם ערשטן טאָג חול־המועד אין דער שיי־נער סוכה. ווידער האָט צירל אָנגעבאַקן יום־טובדיק געבעקס. ווידער האָט מען זיך אויסגעפּרעגט, וואָס מען הערט ביי דעם אָדער יענעם לאַנדסמאַן, ווער עס איז געוואָרן אַ זיידע און ביי וועמען עס וועט אין גיכן זיין אַ שמחה. דאָס ערשטע מאָל האָבן אַלע באַמערקט, אַז צירל איז מער נישט די זעלבע ווי תמיד.

"די אַלטקייט איז מיט אַ מאָל אויף איר אַרויפגעשפּרונגען" — האָט עמעצער מיט באַדויערן אַ זאָג געטאָן, און אַלע האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. "אַ שווער יאָר געווען" — האָט עמעצער געפּרוּווט פאַר־ענטפערן דעם פּלוצימדיקן איבערבייט אין צירלס אויסזען: די קינדער געווען אויפן פראָנט, דער עלטערער זון איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין דער מלחמה און חדשים געלעגן אין שפּיטאָל, און דער עיקר — צירל גייט דאָך ווערן אַ באָבע; די שנור, די פון עלטערן זון, ריכט זיך שוין אין קימפּעט...

אויך יאָסקע דער בוי־אונטערנעמער האָט ביים אַריינקומען ווי אַראָפּגעשלונ־גען דעם "די זעלבע צירל", וואָס איז אים געלעגן אויף דער צונג, און דאָס ערשטע מאָל באַגריסט מיט אַ געוויינ־לעכן "שלום". אַלץ האָט דאָס מאָל עדות געזאָגט עס איז מער נישט די זעלבע צירל.

שפּעט ביי נאַכט, נאָך דער געוויינ־לעכער מסיבה, זענען די געסט זיך פאַנ־אַנדערגעגאַנגען. ווער עס איז אַהיים־געפאָרן מיט אייגענע אויטאָס און ווער עס האָט זיך געאיילט צום אויטאָבוס. אין דרויסן האָט זיך דאָס מאָל מער ווי תמיד שוין געפילט דער אָנקומענדיקער האַרבסט...

## ל. אָליצקי

רחלע בוימוואָל
צו איר יובּיליי מיט ליבשאַפט

### אַ ווינטערטאָג אין ישראל

דער הימל הענגט אַ לויטער־ריינער,
פון בלויז מיט שיין געפּאָרט;
דער טאָג זאָגט־צו צו זיין אַ שיינער, —
צי וועט ער האַלטן וואָרט?

קוקט־אָן, די זון מיך וואַרעמט פריילעך
און טריפט מיר גאָלד אין האַרץ:
מיט ליכט דיין צוויפל־מיחוש הייל איך,
פאַרקער אויף ווייס דיין שוואַרץ.

אַ דאַנק דיר, זון, נאָר כ׳צוויפל ווייטער,
איך וויל נישט זיין גענאַרט.
מיר דאַכט: סע יאָגט אַ שוואַרצער רייטער, —
אַ וואָלקנבּרוך כ׳דערוואַרט!



ניין־ניין, נישט איינער — טויזנט רייטער
אויף גרוי־און־שוואַרצע פערד
זיך טראָגן ווילד פון ווייט און ווייטער
אַריבער אונדזער ערד.

נישטאָ קיין בלויז צום הימל אויבן.
פאַרשרומפּן איז די וועלט.
אין ווינט, ווי ציינער, קלינגען שויבן, —
פאַר אימה. צי פאַר קעלט?

די רייטער אויף די פערד זיך רייסן
מיט דונערדיק געשריי
און זיי מיט בליצן־בייטשן שמייסן
אין שלאַנגענעם געדריי.

די רייטער — זענען זיי פון וואַסער?
פון וואַסער — אויך די פערד?
דער שטורעם — וואָס איז ער מבשר?
אַ מבול אויף דער ערד?

דער כביש איז שוין אַ טייך אַ ברייטער
און טראָגט זיך מיט אַ שטראָם;
פון וואַנען און וווהין דאָס גייט ער?
פון סדום צום נייעם סדום?

סע כתיבען רויט אויף שוואַרץ די בליצן:
"ס'איז דיין פאַרדינטע שטראָף,
און קיינער וועט דיך נישט באַשיצן,
דו סדום־וועלט! ס'איז דיין סוף!".



און מיט אַ מאָל... ווי שטיל דאָס וואַסער!
סע הערט זיך נישט קיין הויך,
די פערד־און־רייטער ווערן בלאַסער,
צעגייען זיך ווי רויך.

דער רוים ווערט פרייער און צעפראַלט זיך,
דער הימל גיסט זיך אָן מיט בלאָ;
די זון, זיי ווינטשנדיק, צעשטראַלט זיך:
נ'אַ מזלדיקער שעה!

און ס'גלאַנצט מיין היים און בלענדט די אויגן
אַזש ביז צום ווערן בלינד; —
איך זוך אומזיסט דעם רעגנבויגן:
איז ריין מיין לאַנד פון זינד?...

(פון בוך "געשענקטע לידער")

נחמן ראַפּפּ

# די יונגפרוי

## (פראַגמענט פון אַ היסטאָרישן ראָמאַן)

דער כוהן אלעזר איז געלעגן אויף זיין באַנקבעטל און צו זיינע אויגן איז נישט געקומען דער שלאָף. אין דרויסן איז אַ הייסע נאַכט, אַנגעגליט פון דרום־דיקן מדבר־ווינט, וואָס פאַרשטייפט די יריעות פון געצעלט אין זיין טרוקענער היץ. די שלאַנקע ציפּרעס־ביימער גליווערן צום טונקעלן הימל מיט זייערע שאַרף־פאַרשפּיצטע קרוינען און הילן איין דעם אָרום אין אַ געדיכטער פינצטערניש. אין הויכן טיפן נאַכט־הימל גלימערן די גרינע שטערן מיט אַ שטומקייט פון שלאַנגען־אויגן, פאַרטייעטע אין גיפטיקן בראַנד, עס איז מיטנגאַכט — און ווייט איז די שעה, ווען דער דערקוויקנדיקער טוי וועט זיך אַראָפּלאָזן אין זילבערנע טראָפּנס אויף שטיין און געוויקס, אויף די פעלדער און געדיכט־צעוואַקסענע וועלדלעך אין קרית־יערים.

ער זיפצט אָפּ שווער, דער כוהן אלעזר. זיין נאַקעטע פלאַכע ברוסט אָטעמט ווי אונטער אַ משא. ער שטייט אויף פון זיין געלעגער, וואַרפט אַרויף אויף זיינע שמאָלע אקסלען דעם וואַכעדיקן בגד, אַ מאַנטל פון קעמל־האָר, און זעצט זיך אויפן שטיין, פאַר דער טיר פון געצעלט. דאָ, אויפן קילן שטיין, אין האַרץ פון דער נאַכט, וואָס האָט אַרומגענומען מיט טונקעלער טוך דאָס בערגל, אויף וועלכן עס שטייט גאָטס הויז, דער אוהל מיטן הייליקן אָרון באַשיצט פון די כרובים, דאָ האָט ער, דער פריצייטיק־געעלטערטער כוהן, וואָס היט גאָטס הויז, דערפילט זיך נאָך עלנטער ווי אונטער די יריעות פון זיין געצעלט. ער מאַכט צו זיינע אויגן און גיט זיך איבער זיינע שווערע פיינלעכע מחשבות.

שוין דאָס צווייטע יאָר, ווי זיין ווייב איז אַוועק אין טאָל פון טויט און אים איבערגעלאָזט טרויערן נאָך איר זיין טרויער, וואָס קען נישט געשטילט ווערן. ביי יעדן געקעכטס וואָס ווערט אים דערלאַנגט, זוכט ער מיט זיינע שמאָלע קורצ־זיכטיקע מאַנדל־אויגן די צאַרטע, וואַרעמע פיגער פון יענער פרוי, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַזויפיל זיסע פרייד מיט איר הכנעהדיקער איבערגעבנקייט און טריישאַפט. ער האָט זי געפונען צווישן די שניטערס אויפן פעלד ביים בינדן די תבואה־גאַרבן. אירע לאַנגע בלאָנדע צעפּ זענען געווען פאַרוויקלט אָרום איר שטערן און געשמעקט מיט זון און מיט ווייץ. פופצן יאָר האָט דער כוהן אלעזר געטרונקען פון דאָזיקן שטילן קוואַל זיין פולן בעכער פון רו און געגוס. די

טאַכטער מיכל, וואָס זי האָט אים געבוירן, איז דאָס געטרייע אָפּבילד פון איר מוטער, אַ שווייגנדיקע, אַ שטילע און אַ בלאָנד־אויפגעבליטע ווי אַ העל זומער־פעלד. די פּיין פון דער בענקשאַפט נאָך דער געשטאָרבענער האָט די טאָכטער צוגענומען ביי אים. ער קוקט אויף איר, אויף איר יונגן העלן קאָפּ, זעט אירע בלויע אויגן ווי ריינע וואַסער־קוואַלן, און דערמאָנט זיך אין איר מוטער, וואָס איז פון אים אַוועק אין דער פינצטערניש פון שאול.

ער ציטערט אויף, דער כוהן אלעזר. די הייס־שטיקנדיקע נאַכט גליט נישט מער זיינע גלידער. ער פילט אַ קאַלטן שוידער אין זיין לייב. ער וויקלט זיך אין זיין האַריקן מאַנטל און קאַלטע טראָפּנס שווייס טרעטן אַרויס אויף זיין שטערן. ווי אַ פאַרוווּנדעטער פויגל, וואָס מוז דערשטיקן זיין פחד פאַר אַ בעל־חי און זיצן אויף זיין טריפנדיקער וווּנד, זיצט ער, אלעזר, אויפן טונקעלן שטיין, אין דער טונקעלער נאַכט, און די פאַרכט דריקט צונויף זיין האַרץ מיט אַ קאַלט־פראָסטיקער צוואַנג. ער איז נישט גרייט געווען אויף דעם אומגליק, וואָס האָט זיך אויף אים אַראָפּגעלאָזט. דאָס אומגליק האָט אים געטראָפן, ווי אַ חיה וואָס טרעפט דעם מענטש אין פעלד, און פון אירע פאַרצוקערישע נעגל איז נישטאָ קיין אַנטרינונג.

שוין אייניקע טעג ווי ער פרוווט דערגיין ביי מיכל דעם שרעקלעכן סוד, און ער טרעפט זיך אָן ביי איר אויף אַ שווער שטילשווייגן. ער רעדט צו איר זיינע רייד, און זי ענטפערט אים מיט אַ שטומען אָפּענעם בלויען בליק פון אירע קליינע וואַסער־קוואַלן — אירע אויגן. איר מויל איז פאַרשלאָסן מיט אַ טרויעריקן שמייכל. זי מיידט אויס צו גיין אין פעלד און זיצט אין געצעלט מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט אין איר שויס. און נאָר איר אָפּענער בליק קוקט ערגעץ אין דער ווייט, פאַר זיך, ווי זי וואָלט אין איר דמיון געבליקט צו דעם, וואָס האָט זי טיף גליקלעך געמאַכט און גלייכצייטיק זי געוואָרפן אין תהום פון טיפן אומגליק.

נישט פון קיינעם, נאָר ער אַליין, דער כוהן אלעזר, איז דערגאַנגען דעם שרעקלעכן סוד פון זיין טאָכטער. אירע אויגן, וואָס זענען פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ טונקעלן נעפּל, האָבן עס אים דערציילט. און ווען ער האָט זיך עס דער־וווּסט און ווען עס איז שוין גאָר קיין ספק נישט געווען אין דעם, וואָס מיט איר איז געשען, האָט ער מיט דעם לעצטן כוח פון זיין צעשראָקן האַרץ גע־פרעגט: און ווער איז ער, דער, וואָס האָט דיין לייב אין טאָל פון אומגליק געשליידערט? און זי האָט נאָך אַ לאַנגן שווייגן געענטפערט:

— איך ווייס נישט, צי ער איז דאָ און ווו איז דאָס אָרט פון זיין זיין. נאָר זיין חסד און גנאָד איז ווי פון אַ מלאך פון הימל אין זיין ריינקייט.

מער האָט זי נישט געזאָגט און איז ווייטער פאַרגאַנגען אין שווייגן.

פון די בערג פון יהודה האָט אַ יאָג געטאָן אַ קאַלטער פאַרטאָג־ווינט. אויפן הימל האָבן זיך די גרויסע שטערן גענומען אויסבאַהאַלטן אונטער דינע אָנ־יאָגנדיקע וואָלקנס. דער כוהן אלעזר האָט נאָך שטאַרקער געוויקלט זיין שמאָלן

דאָרן גוף אין האַריקן מאַנטל און זיין האַרץ האָט אויפגעציטערט מיט שאַרפן פּחד. ער איז אַ ווילגעלערנטער, דער כוהן אלעזר, ער קען גוט די הייליקע שריפט, וואָס רוט אין גאָטס הויז, אין געצעלט, אונטער די פליגל פון די כרובים. דער גאָט פון דער דאָזיקער שריפט איז גרויזאַם און דראָענדיק, ער האָט שוין באַצייטנס באַשטימט די שטראָף פאַר זיין טאָכטער, וואָס איז אים געבליבן ווי דער איינציקער זכר פון דער, וואָס איז פון אים אַוועק און אים געלאָזט אין זיין בענקשאַפט און פּיין. ״און אַ טאָכטער פון אַ כוהן, ווען זי פאַנגט אָן מזנה צו זיין, זאָלסטו זי אין פייער פאַרברענען״ — אַזוי באַפעלט דער גרויזאַמער גאָט פון די הערשאַפטן, וועמענס הייליקן פייער עס היט אָפּ דער כוהן אלעזר פון קרית־יערים.

פון מזרח, פון אונטער די בערג אַפּויר, גייען אויף די ערשטע זון־שטראַלן פון אָנקומענדיקן פרימאָרגן. דער כוהן אלעזר זעט אין זיי אויפגייענדיקע פלאַמען, וואָס וועלן פאַרצערן דאָס לייב פון זיין טאָכטער צוזאַמען מיטן זכר פון איר זינד. ער, דער כוהן, וועט אַליין פירן זיין טאָכטער צום שייטער אין טאַל, וועט זי ברענגען פאַרן געצעלט פון גאָט און זי שטעלן מיטן פּנים צו דער עדה.

אין ראָז־פיאַלעטן ליכט פון דער אויפגייענדיקער זון האָט זיך אַרויסגעשיילט אַ שאָטן פון אַ מאַן. דער כוהן אלעזר האָט פאַרהויבן זיין האַנט איבער די אויגן־לעדלעך און געקוקט אין דער ווייט, אין דער ריכטונג צום אָנקומענדיקן. ער האָט אים דערקענט. שוין ווידער קומט דער ווילדער ברייט־צעוואַקסענער אמורי רומח צושטיין צו אים, ער זאָל אים איינזאַמלען אין די געצעלטן פון פאָלק ישראל. ער וואַרפט אָן אַ פּחד, אָט דער דאָזיקער ווילדער, וואָס פיטערט זיין קליינע סטאַדע נישט ווייט פון געצעלט פון טרויעריקן כוהן. די רויטע קופּער־האָר, געדיכט צעוואַקסענע און נישט געשמירטע מיט בוימל, פאַלן אַראָפּ ביי דעם אמורי אויף די ברייטע נאַקעטע אַקסלען, ברוינע ווי קופּער, און דערמאָנען דעם ווילדן לעמפּערט וואָס הויערט אויף די בערג פון לבנון. אויך זיין פלאַכע ברייטע נאָז און אַרויסשטאַרצנדיקע קינבאַקן אויף זיין געזיכט אָטעמען מיט חיהשער פאַרטייעטקייט. בלויז אין זיינע גרויע אויגן איז צו זען אַ ווייכקייט פון אַ קינד, וואָס איז באַרייט זיך צו זעצן שפּילן אין זאַמד אפילו ביי דער נאָרע פון אַ שלאַנג. שוין אַ לענגערע צייט ווי רומח שטייט צו צום כוהן אלעזר, יענער זאָל אים באַהעפטן מיטן פאָלק ישראל. לעצטנס איז ער אפילו געקומען צום כוהן, טראָגנדיק אין גאַרטל אַ שאַרף־אָנגעשליפטן שטיין, מיט וועלכן ער בעט מען זאָל איבער אים דורכפירן דעם אייביקן בונד, וואָס דער פאָטער פון ישראל — אברהם האָט דורך אים זיך פאַראייניקט מיט גאָט — דעם גאָט פון די עברים. אָבער דעם איידעלן כוהן שטויסט אָפּ די מגושמדיקע צעוואַקסנקייט פון דעם אמורי, און ער הייסט אים קומען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. איצט קומט ער ווידער צום כוהן, מיט זיין מגושמדיקן גוף, ווילדן האָר־געפּאַל אויף די נאַקעטע אַקסלען און קינדישן בליק פון אַ שאָף. ניין, ער איז איצט נישט אויפגעלייגט, דער כוהן אלעזר, זיך אַריינצולאָזן אין אַ געשפּרעך מיט

אַט דעם ווילדן. דאָס האַרץ איז ביי אים שווער ווי אַ שטיין, און אַ טיפער טרויער פון דעם, וואָס עס דאַרף געשען און ער קען עס נישט פאַרמיידן, וויינט אין אַלע זיינע גלידער. דער כוהן אלעזר, וואָס טראָגט אויף זיך דעם לייב־צודעק מיט די איידעלע שטיינער דורך וועלכע ער רעדט מיטן פאַרכטיקן גאָט, זיצט אַ צונויפגעקאַרטשעטער אין יסורים פון דעם אומגליק וואָס האָט זיך אויף אים אַראָפּגעלאָזט. זיין טרויער איז טיף און קאָן נישט געפינען, נישט קיין טרייסט און נישט קיין אויסוועג. ער ווייסט נאָר איינס: ווען עס וועט קומען די שעה און ער וועט דאַרפן פירן זיין איינציקע טאָכטער צום שייטער, באַגלייט פון גאָטספאַרכטיקן המון, וואָס וועט הויבן די פויסטן צום הימל און פאַרשעלטן די זינדיקע, וועט ער צוזאַמען מיט איר נידערן אין שאול, וואָס קיין לעבעדיקער מענטש קומט נישט פון דאָרט צוריק.

ער פאַרשטעלט מיט דער האַנט זיינע אויגן וואָס זענען טרוקן ווי דער מדבר־ווינט און וויל פאַרשטיין און וויל זיך דערשלאָגן צום שורש פון דעם אומגליק, וואָס איז געשען. ליכטיק און ריין איז זי, די טאָכטער זיינע, דאָס אָפּ־בילד פון נעמי זיין ווייב, וואָס האָט אויפגעליכטיקט פאַר אים און זיין בחורשאַפט. די שווערע בלאָנדע צעפּ פון דעם מיידל האָבן געליכטיקט צוזאַמען מיט די ווייץ־זאַנגען אין פעלד. דאָס האָט ער, דער נביא, דער זעער, אים אָוועקגע־שטעלט אַפּצוהיטן דעם הייליקן פלאַם פון גאָטס הויז און אים אַנגעגורט מיט דער פאַרכט פון חושן ואפוד. ווי גוט וואָלט איצט געווען, דעם כוהן אלעזר, ווען ער וואָלט געווען געזאַמלט די זאַנגען אין פעלד און געטונקען זיין ברויט אין עסיק־ווייַן, צוזאַמען מיט די יונגען וואָס שניידן און גאַרבן די תבואה. ער וואָלט אויסגעהערט פון זיין טאָכטער איר פיין, וואָלט געווייטיקט איר ווייטיק פון פאַרלוסט פון איר בתולהשאַפט און וואָלט זי געטרייסט אין איר אומגליק. און איצט וואָרט דער שטרענגער יעהאָוואַ, זיין דינער, דער כוהן, זאָל קומען און הייליקן זיין נאָמען אין פייערפלאַם, וואָס דאַרף פאַרצערן זיין אייגן בלוט און דעם איינציקן זכר וואָס איז אים געבליבן אויף דער ערד. ווי אַנדערש וואָלט עס געווען, ווען דער שטרענגער און קלוגער נביא, דער זעער, וואָלט אים דענצ־מאָל נישט געטראָפן און נישט אַרויפגעוואָרפן אויף זיין אַקסל דאָס הייליקע קלייד, וואָס פאַרפליכטעט אים אָפּצוהיטן גאָטס הויז און דעם הייליקן אָרון וואָס רוט אונטער די כרובים? וואָס האָט ער געטאָן, דער זעער, דער גרויזאַמער און שטרענגער אומרויקער נביא?

אַלץ אַרום איז שוין פאַרגאָסן מיט העלער שיין. די זון איז שוין אַ מעכטיקע אַרויס פון איר פוטערפאַס און פאַרגאָסן מיט בלענד דעם גאַנצן באַרגיקן גרוי. די בוימער האָבן זיך אַנגעצונדן מיט אַ העלן פלאַם און לויכטן ווי ברענענדיקע ליכטער איבער זייערע טונקעלע שטאַמען. דער כוהן אלעזר שטייט אויף פון זיין זיצן און קוקט אין דער וויַיט, ווי אַ פאַרווונדעטער פויגל, וואָס פילט זיין ווייטיק און קאָן נישט אַפּפליִען אין בלויען פרייען רוים. און נאָך איידער ער לאָזט אַראָפּ זיין מידן קאָפּ צו דער ברוסט און טוט שפּאַנען צו זיין געצעלט, דערזעט

ער פֿאַר זיך דעם מאַן, וואָס האָט זיין לעבן גענומען אין זיינע הענט און עס אויסגעקנעטן ווי דער טעפּער קנעט זיין ליים. פֿאַר אים איז געשטאַנען דער נביא, דער זעער.

ב.

דער ברייט־צעוואַקסענער מאַן איז געזעסן אויפֿן רוקן פֿון הויכפּיסיקן פֿליגקן אייזל, אַ פֿאַרזונקענער אין מחשבות. איבער זיינע גרויע דורכדריגנדיקע און אַלץ זעענדיקע אויגן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די שווערע געדיכט אָנגעוואַקסענע ברעמען און האָבן פֿאַר אים פֿאַרשטעלט דעם אָרום. אָבער אַלץ איינס האָט סיי דער נביא און סיי דער אייזל געוווּסט דעם וועג ווו זיי דאַרפֿן אָנקומען אין דעם איצטיקן קילן פֿאַרטאָג; די דינע פּיס פֿונעם אייזל זענען שוין געוווינט אָנצוקומען צום קרומען באַרג־אַרויף אין קרית־יערים און רוען דעם גאַנצן אָנגעגליטן טאָג אין קליינעם שאָטנדיקן הויף פֿון שטיל־שעפּטשענדיקן כּהן אלעזר.

דאָס אייזל האָט געשפּאַנט מיט זיינע געמאָסטענע טריט און דער מאַן וואָס אויף אים האָט נישט אונטערגעטריבן. שווערע מחשבות האָבן זיך געפּלאָנטערט אין מוח פֿון זעער, מחשבות, פֿאַר וועלכע ער האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן נישט געפֿונען קיין באַשייד.

די שבטים פֿון ישראל האָבן נישט באַוויזן זיך אָפּצורוען נאָך די מלחמות מיטן אָמורי, און שוין באַדראָט זיי ווידער דער אייביקער שונא זייערער — די פּלישתּים. צי האָט ער גוט געפֿירט זיין פֿירונג, דער שופֿט, דער נביא, דער זעער, דער איינציקער, וואָס האָט גערעדט צום פֿאַרכטיקן גאָט פֿון ישראל און אָנגעפֿירט מיט די קינדער פֿון אברהם? דער אמורי איז פֿאַרשניטן געוואָרן פֿון דער ערד, בלויז רעשטלעך זענען דאָ און דאָרט געבליבן, זיי ליגן צו די פּיס פֿון די עברים. זייערע אָפּגעטער זענען צעשטויסן געוואָרן אויף שטויב און די רעשטלעך דינער זייערע ווענדן זיך צום הייליקן געצעלט מיטן געטלעכן אָרון, דער כּהן אלעזר זאָל זיי באַקערן צו יעהאָוואָ — דעם פֿאַרכטיקן רייטער אין די וואָלקנס און פֿייערשטורעמס. אויף די אַלע בערג און טאָלן, אויף וועלכע דער שטרענגער נביא וואַרפֿט זיין בליק אין איצטיקן פֿאַרטאָג, איז נישט צו זען קיין איין אָפּבילד פֿון דער אשרה, פֿון געצנדינערישן ליבדבוים, וואָס אונטער זיינע שאָטנס פֿלעגן באַקעט־קעפּיקע, מיט פֿעטס־אויסגעשמירטע געצנדינערישע כּוהנים פֿראַוועון זייערע אומווערדיקייטן. עס איז געהייליקט די מחנה פֿון ישראל — און ער, דער זעער, קאָן מיט אַ רויק געמיט זיך ווענדן צום גאָט פֿון זיינע אבות און זאָגן: איך האָב אויסגעראָמט דאָס אומווערדיקע פֿאַר דיין נאָמען וועגן און געקערט דאָס פּנים פֿון דיין פֿאָלק צום הייליקן און איינציקן אָרון־הברית. דאָס פֿאָלק, וואָס משה האָט אַרויסגעפֿירט פֿון מצרים מיט דער הילף פֿון דיין אויס־געשטרעקטן אָרעם, איז באַקערט צו דיר מיטן גאַנצן האַרץ, האָט פֿאַרוואָרפֿן אויף אייביק די אומווערדיקייטן פֿון עמון און די אומריינקייטן פֿון מואָב און

אַמורי. בלויז אין דיר און אין דיין בונד זענען זיי באַהאַפּטן און באַר דו אַליין ביסט ביי זיי דער גאָט פון די געטער...

אָבער די שווערע מחשבות ווילן פאַרט נישט אָפּטרעטן. אַ טיפער זיפץ רייסט זיך פון נביא׳ס ברוסט אַרויס. צי האָט ער טאַקע געפירט די קינדער פון ישראל אין ריכטיקן וועג, וואָס זאָל מאַכן פאַלן די שונאים צו זיינע פיס? אָט ריכטן אויס די פלישתים זייער לאַגער קעגן ישראל, שטעלן אויס זייערע אייזן־געקאָוועטע רייטוועגענער, אויסגעפוצטע מיט בוימל און גרייטע, זיי צו לאָזן אין שלאַכט קעגן די עברים. און ער, דער זעער, וואָס האָט ער געטאָן, כדי אַנטקעגנצוקומען דעם פּנים פון שלעכטס מיט מוט און כוח? קיין איין אייזנ־שמידער איז צווישן די בני־ישראל נישט פאַראַן, וואָס זאָל קענען אויסשמידן אַ רייטוואָגן פאַר אַ שלאַכט און די שניידמעסער פאַרן פעלד, וואָס די בני־ישראל געברויכן, צווינגט דעם פויער צו נידערן צו די פלישתים, כדי עס דאָרט צו באַקומען פאַר פולן געלט. צי האָט ער, דער זעער, נישט פאַרזען דעם סוף פון דער זאַך, וואָס האָט געפאָדערט אַ פריערדיקע מחשבה? און ווי וועט טאַקע געשען איצט, ווען די פלישתים וועלן זיך אַ לאָז טאָן מחנותווייז, מיט זייערע פערד און רייטוועגענער אויף די געצעלטן פון ישראל, צי וועט זיך געפינען דער כוח, וואָס וועט זיי קענען ביישטיין?

דאָס ערשטע מאָל אין זיין שטורמיש לעבן פאַרגנבעט זיך אין האַרץ פונעם זעער אַ דערדריקנדיקער צווייפל. יאָ, ער האָט שוין פאַרנומען דאָ און דאָרט, אויפן פעלד און אין די פאַסטעכער־געזעמלען, די באַך שטילע, אָבער געננוג שאַרפע טענה צו אים, דעם זעער, וואָס האָט זיך איינער אַליין געשטעלט צווישן פאָלק און זיין גאָט און דערלאָזט נישט עס זאָל קומען אַ מאָן, וואָס זאָל, ווי ביי אַלע פעלקער, אַרויסגיין אין שפּיץ פון זייערע מלחמות. ״גיב אונדז אַ מלך״ — מאָנען זיי, פון אים, דעם זעער, וואָס איז געווען פאַר זיי אי אַ נביא און אי אַ מלך. אָט דאָס איז זי, די אומדאַנקבאַרקייט, מיט וועלכע די דאַזיקע האַרט־נעקיקע צאָלן אים אָפּ פאַר זיין שטעלן זיך צום פּנים פון גאָט און מתפּלל זיין פאַר זיין פאָלק.

אַ כעס באַפאַלט אים, דעם זעער. וואָס האָב איך זיי געטאָן, וואָס זיי ווילן מיך פאַרוואַרפן אונטער זייער רוקן און אַרויפקיניגן איבער זיך אַ מלך? האָב איך זיי ווען עס איז באַרויבט און דערדריקט? האָב איך ביי וועמען פון זיי גענומען שוחד און פאַרקרימט מיין משפּט קעגן דעם יתום און דער אלמנה? זאָל מען קומען צו אים און פאַרן פּנים פון גאָט אים זאָגן, אַז ער האָט ביי וועמען צוגענומען זיין קעמל, אָדער זיין אייזל. זאָלן זיי עס זאָגן אָפן, פאַרן פּנים פון דער עדה.

אין זיין כעס דריקט ער צו מיט זיינע מעכטיקע קני די דיכן פון דער בהמה. דאָס אייזל דערפילט דעם צאָרן פון זיין רייטער און פאַרגיכערט זיין טראָט. די זון זיצט שוין אויף די שפּיצן פון די בערג, און פון דער ווייט פינקלט שוין דער אין בוימל אויסגעפּעטסטער הייליקער געצעלט. דער שטילער כוהן אלעזר

מוז איצט צורעכט מאַכן דעם קנויט פון אייביקן געטלעכן פייער — טוט דער זעער אַ טראַכט און אַ שמייכל גייט אויף פון דער געדיכטעניש פון זיין באָרד־אַנוווקס, וואָס איז אַנגעפעדעמט אויף זיין געזיכט אין שוואַרץ און גרוי.

ער טראַכט וועגן כוהן אלעזר און דערמאָנט זיך אין יענעם אַלטן כוהן פון שילה, ביי וועמען ער, דער נאָך קליינער יונג, איז אַרומגעגאַנגען געגורט אין אַ לייוונטענעם לייבצודעק, וואָס עס טראָגן די יונגע באַדינער פון גאָטס געצעלט. ניין, ער האָט נישט וואָס צו באַדויערן, דער זעער, פאַרוואָס ער האָט אַליין נישט אָנגעטאָן אויף זיך דעם הייליקן לייבצודעק מיט די הייליקע שטיינער פון ליכט און פולקאָמענקייט. דורך די דאָזיקע הייליקע שטיינער לאָזט זיך רעדן צום פאַרטיקן גאָט. ער האָט עס נישט איין מאָל געזען ביים אַלטן כוהן, וואָס האָט אפילו זיינע אייגענע זין נישט געקענט אַרויספירן אויפן וועג פון דער־קענטעניש. אפילו ווען ער דער נאַר־וואָס באַקאַנט געוואָרענער יונגער נביא האָט דעמאָלט געוועדט צום פאָלק, און די בני־ישראל זענען אַרויס מיט זיין וואָרט אין דער גרויסער מלחמה קעגן די פלישתים, האָט דער אַלטער כוהן נישט באַוויזן צו דערהערן גאָטס שטים דורכן "אורים ותומים" און האָט זיי מיט גאָרנישט געקענט פאַרמיידן פון זייער מפּלה. אויך דעם הייליקן אָרון מיט גאָטס פייערשריפט האָט דער אַלטער כוהן זיי אין דער מלחמה מיטגעגעבן, און דער אַלמעכטיקער רייטער אין די וואָלקנס איז נישט אַרויס פון אונטער די כרובים צו העלפן זיין פאָלק אין דער שווערער שעה. דאָס פאָלק איז געפּלאָגט געוואָרן פון זיינע פיינט און דער הייליקער אָרון איז געפאַנגען געוואָרן דורך די ערלים. חרוב געוואָרן אויף אייביק איז געוואָרן דאָס געצעלט אין שילה, און די לעבנ־געבליבענע כוהנים זענען מיטן לעצטן אָטעם זייערן אַנטרונען און זיך אויס־באַהאַלטן אין די באַרג־ראַנדן פון שטעטל נוֹב. ניין, ער האָט נישט קיין חרטה, דער זעער, פאַר איבערענטפערן דעם הייליקן געצעלט אין די הענט פון בלאָסן כוהן אלעזר. זאָל יענער היטן דעם הייליקן פייער און דעם פון מדבר־געבראַכטן הילצערנעם קאַסטן, דעם צייכן פון בונד צווישן פאָלק און זיין גאָט, וואָס איז צוריקגעקערט געוואָרן דורך די פלישתים אַהערצו, אין באַוואַלדיקטן קרית־יערים, ער, דער זעער, גייט אום מיט זיין גאָט אומעטום, און פון זיין מויל רעדט גאָטס פאַרטיקע און שטראָפנדיקע שטים איבערן קאָפּ פון אַלע שבטים פון ישראל. אויך ער, דער כוהן אלעזר, וועמען דער זעער, האָט פון אונטער די שאָף אַפּוירגענומען, מוז זיך צוהערן צו דער שטים פון דעם נביא, וואָס צווישן אים און דעם גאָט פון ישראל איז נישט פאַראַן קיין מחיצה.

פון דער ווייטנס זעט זיך שוין דאָס געצעלט פון כוהן אלעזר, וואָס רוט צווישן שיטער־צעצווייגטע עקאַליפּטוס־ביימער. דער זעער טראַכט אָפּגעריסענע מחשבות וועגן זיין איצטיקער באַגעגעניש מיטן כוהן און דאָס געשפּרעך, וואָס וועט צווישן זייביידן געפירט ווערן. ווידער רוקן זיך אָן שווערע וואָלקנס אויף די הימלען פון די בני־ישראל. די פלישתים זענען שוין ווידער אויסגעריכט אין אַ מלחמה קעגן די עברים. עס וועט אים נישט זיין שווער צו איבערצייגן דעם

כוהן ער זאָל שטעלן אין קאָן דאָס הייליקסטע וואָס ישראל פאַרמאָגט. יאָ, דאָס פאָלק וועט אין זיין באַדרענגעניש פאַרלאַנגען פון כוהן, ער זאָל ווידער, ווי אַמאָל אַרויספירן אין דער קומענדיקער שלאַכט מיט די פלישתים דעם אָרון הברית, ער זאָל מיט זיין פאַרכטיקייט אָנוואַרפן אַ פּחד אויפן פיינט. זאָל ער אים, דעם כהן באַפוילן דאָס צו טאָן? די האַרטנעקיקע וועלן דעמאָלט פאַרשטיין, אַז שטאַרקער פון הייליקן בונד, וואָס איז פאַרזיגלט אונטערן שווערן האַלק־פלאַך, איז גאָטס לעבעדיקע שטים, וואָס קומט פון נביא׳ס מויל, ווי אַ לעבעדיקע וואַרענונג פון צאָרנדיקן גאָט.

און ווען דער זעער איז שטיין געבליבן פאַרן בלאָסן, פון שלאָפלאָזיקייט געפייניקטן כוהן, האָט ער געוווּסט, אַז לאַנג און פול מיט פיין וועט זיין דער טאָג, וואָס ער וועט זיין אין געצעלט פון מידן כוהן, און שווערע וועלן זיין די רייד, וואָס וועלן פאַלן פון זייערע מיילער. און ווען דער נביא האָט אַרויס־געזאָגט זיין באַגריסונג: פרידן צו דיר, מיין מאַן, דער כוהן, האָט ער באַלד איילִיק צוגעגעבן:

— פיר אָפּ מיין מידן אייזל צום פּיטערן, ווייל וויכטיק זענען די רייד, וואָס דאַרפן צווישן אונדז גערעדט ווערן, אין דער איצטיקער שעה.

דער כוהן האָט אַ שווייגנדיקער אָנגענומען דעם אייזל פאַרן צוים און זייערע אָפּטרעטנדיקע שאָטנס האָבן זיך אויסגעמישט אין זייער געשפּאַן. דער כוהן האָט געשפּאַנט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און עס איז געווען שווער אונטערצושיידן דעם שאָטן פון מידן אייזל און געבויגענעם שאָטן פון אין טרויער־דערדריקטן כוהן אלעזר פון קרית־יערים.

ג.

זי האָט געוואַשן די פיס פון דעם הייליקן מאַן און אירע הענט האָבן געציטערט, ווי אירע פינגער וואָלטן באַרירט טליענדיק פייער. די שווערע ברעמען איבער די אויגן פון זעער, אַראָפּגעלאָזטע ווי געדיכטע צווייגן־געפלעכטן איבער פאַרטייעטע טיפע וואַסערן, האָבן געדראָאָט מיט פינצטערן פּחד. באַלד וועט דער נביא אויפהייבן אויף איר זיין בליק, דורכברענען איר זינדיק לייב מיט די אָנגעגליטע שפּיזן פון זיינע שאַרף־קוקנדיקע און אַלץ זעענדיקע אויגן, און פון זיין צאָרנדיק מויל וועט אַ שלאָג טאָן מיט געטלעכן פאַרכטיקן פייער, וואָס וועט זי פירן אין טאָל פון טויט. אונטערן דינעם געוועב פון איר טונקל קלייד רונדיקט זיך איר בויך, וואָס איז אויפגעגאַנגען מיט דער קללה פון איר זינד אין יענעם ביינאַכט אויפן נישט־געשניטן פעלד, בעת דער יונגער פאַסטעך האָט מיט זיין לייב פאַרשניטן מיט איר אַ בונד אויף אייביק. איצט איז ער נישטאָ. עס האָבן אים איינגעשלונגען די ברייטע טיפע קאַרבן פון די בערג, און דער פּחד פאַרן צאָרנדיקן יעהאָוואַ לאָזט אים נישט קומען צו איר צוריק. בלויז זיין זאָמען יוירט אין איר מיט דער ברכה פון צייטיק־ווערנדיקער פרוכט אויף יונגן, צעבליטן בוים. אַ לעבעדיקע פרייד צאַפּלט אין איר אינגעווייד, וואָס

וועט אַרויסברענגען צום שיין פון טאָג איר באַגאַנגענע זינד, און צינדן פאַר איר דעם שייטער, וואָס וועט זי פאַרצערן, זי, די איינציקע טאָכטער פון כוהן, וואָס איז טראַגעדיק געוואָרן פון זנות.

זי איילט זיך אויפצושטיין פון פוסבענקל און וויל אַנטריבען פון די אויגן פון פאַרכטיקן שווערן מאַן. אָבער דער נביא איז רויק און זיין שטים איז שטיל און געלאַסן:

— לאָז אונדז טאָכטער אַליין, ווייל רייד זענען פאַראַן ביי מיר מיטן כוהן — דיין פאָטער.

ער וואַרפט אַ שנעלן פאַרשערישן בליק אויפן מידן כוהן און וויל וויסן, צי האָט ער גוט מכוון געווען די שעה פון זיין קומען צו אים. וועט ער פאַרשטיין, דער כוהן אלעזר, די האַרבקייט פון דער זאַך און ער וועט בייגן זיין ווילן אונטער דעם פאַרלאַנג פון אים, דעם זעער, וואָס טראָגט מיט זיך שטענדיק דאָס וואָרט פון גאָט אין זיין מויל? שווערע מלחמות זענען די בני־ישראל דורכגעגאַנגען מיטן אמורי, וואָס האָט פאַראומרייניקט דאָס לאַנד מיט זיינע געצנדינערישע אומווערדיקייטן. אָבער דער גאָט פון ישראל, וואָס רוט אין געצעלט באַשיצט פון די כרובים, איז פאַרויסגעגאַנגען די מחנות פון ישראל און האָט פאַר אים פאַרטיליקט זיינע פיינד. פון אונטער די שווערע יריעות פון געצעלט האָט גאָט געפירט די מלחמות פון ישראל און האָט פאַרשניטן דעם אמורי נישט צו לאָזן פון אים קיין זכר פון אַ פאָלק. ניין, גאָט ברויך נישט אַרונטערצוגיין פון אונטער די פליגל פון די כרובים און געטראָגן ווערן אין דער מלחמה, כדי אַנצוּוואַרפן אַ פחד אויפן שונא.

אָבער איצט שטייען די רייטווענער פון די פלישתים געשמידטע מיט זייערע געשפּאַנען מיטן פנים צו דער מחנה פון ישראל. נישט איצט איז די צייט אַרויסצוגיין אין מלחמה. גאָטס וואָרט איז אויך פאַרשלאָסן און דערגייט נישט צום זעער. צופיל זיכער איז דאָס פאָלק אין זיין כוח נאָכן נצחון איבער דעם אמורי און וויל זיך נישט צוהערן צום שווערן שווייגן פון גאָט, וואָס קומט פון פאַרשלאָסענעם מויל פון נביא. ״גיב אונדז אַ מלך״ — מורמלען זיי אין זייערע געצעלטן און אויף די תבואה־פעלדער. גיב זיי אַ מלך — און זאָל ער אַרויסגיין פאַר זיי אין שפּיץ פון דער מלחמה.

ער וועט זיי שיקן אויף דער דאָזיקער, פון פאַרויס־פאַרשפּילטער שלאַכט. ער, דער זעער, וועט זיי נישט אָפּהאַלטן פון פאַלן באַזיגטע אין דער דאָזיקער מלחמה, וואָס וועט קומען נישט אין איר צייט. און וויסן וועט דאָס פאָלק, נאָך דעם ווי עס וועט געפלאָגט ווערן פאַרן שונא, אַז שטאַרקער פון אָרון־הברית, וואָס רוט אונטער די יריעות, איז גאָטס לעבעדיק וואָרט, וואָס קומט פון מויל פון זיין נביא, דעם זעער, דעם שופט, וואָס דאָס פאָלק אין זיין נאַרישקייט וויל אים פאַרבייטן אויף אַ מלך...

דער זעער רעדט געלאַסן, עלעהיי ער וואָלט געציילט, ווי פּערל זיינע רייד:

— כוהן אלעזר, שווערע מלחמות שטייען פאַר די קינדער פון ישראל, די פערד

און רייטוועגענער פון די פלישתים שטייען גרייטע און געשפּאַנטע. צי ביסטו גרייט אַרויסצופירן דעם אָרון־הברית ער זאָל דורכגיין די מחנות פון ישראל אין די שעהען פון זייער שווערער שלאַכט?

דער כוהן אלעזר ציטערט אויף: דאָס הייליקסטע פון ישראל זאָל געשטעלט ווערן אין געפאַר! דער אָרון הברית זאָל פאַרלאָזן די זיכערקייט פון געצעלט, ווו ער איז באַשיצט אונטער די פליגל פון די כרובים? וואָס האָט ער פאַר־טראַכט, דער בייזער שטרענגער נביא, דער זעער?

עס באַפאַלט אים אַ צאָרן אויפן דאָזיקן שווערן מאַן, וואָס וואַרפט אַן אויף אים זיין באַצווינגערישן ווילן. ער, און נישט קיין אַנדערער, דער נביא און זעער, איז שולדיק אין זיין אומגליק. ער האָט אויף אים געוואָרפן דאָס שווערע קלייד פון דער כהונה, פאַר וואָס ער וועט איצט דאַרפן צאָלן מיט בלוט און פייער, אויף וועלכן זיין איינציקע טאָכטער וועט דאַרפן אויפגיין ווי אַ קרבן חטאת. איצט פאָדערט פון אים דער זעער, ער זאָל מיט די אייגענע הענט מפקיר זיין דאָס סאַמע הייליקסטע, און דערמיט נאָך מער דערצערענען דעם פאַרכטיקן גאָט. ניין, ער וועט נישט נאָכטאָן דעם טרויעריקן ביישפּיל פון אַלטן כוהן פון שילה און ברענגען אויף זיך די קללה פון רייטער אין וואָלקנס און פייערשטורעמס. ער וועט ווידערשפּעניקן די פאָדערונג פון דאָזיקן גרויזאַמען מאַן!

ער הייבט אויף זיין צעטומלטן בליק צום פּנים פון דעם זעער און ווערט פאַרשטאַרט פון פּחד. די שווערע ברעמען ביים נביא זענען איצט פאַרהויבן צום שטערן און זיינע קליינע טונקל־גרינע אויגן שפּיזן מיט קאַלטן פייער. דער זעער וואַרט אויף אַן ענטפער. מיט אַ געבראָכענער שטים פרעגט דער כוהן:

— שטייט טאָקע די געפאַר אויף דער שוועל פון ישראל מיט דער סאַמע נאָענטקייט?

— דער גאָט פון ישראל האָט באַוויליקט צו דערנענטערן דידאָזיקע געפאַר — ענטפערט דער זעער און זיינע ברעמען זענען שוין ווידער אַראָפּגעלאָזט איבער זיינע אויגן — כדי צו הייליקן זיין נאָמען און פאַרטרייבן די ווידערשפּעניקייט פונעם האַרץ.

און ווען דער זעער האָט דערפילט דעם פּחד, וואָס באַהערשט דעם כוהן, און געזען ווי יענער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אויף זיין געזעס, האָט ער צוגעגעבן קורץ און שטרענג:

— ניין, פרעג נישט דורך די שטיינער פון ליכט און פולקאָמענהייט און דערצערן נישט דעם פאַרכטיקן גאָט.

און נאָך אַ שווערן שוויגן, ווען ביידע, סיי דער נביא און סיי דער כוהן, האָבן אויסגעמיטן צו קוקן איינעם דעם צווייטן אין געזיכט, האָט דער נביא אַ זאָג געטאָן לייכט, ווי דרך אגב, עלעהיי ער וואָלט באַפוילן אָנצופיטערן זיין בהמה פאַרן לאָזן זיך אין וועג:

— און צו דיין טאָכטער זאָלסטו טאָן, ווי דער גאָט פון די הערשאַפטן האָט באַפוילן. ווייל געזען האָב איך איר שאַנד, וואָס מוז דורך פייער גערייניקט ווערן.

איך וועל קומען צו דיר און וועל זי שטעלן צום פּנים פון דער עדה, מיטן מאָרגנדיקן טאָג, און די זון וועט באַלייכטן אונדזער רעכטפאַרטיקייט, וואָס וועט אויסרוימען דאָס שלעכטס פון צווישן ישראל.

פלינק־פּיסיק האָט דער יונגער אייזל געאיילט אויף צוריקוועגס, טראַגנדיק אויף זיין רוקן דעם שווערלייביקן געטלעכן מאַן. אַ לייכטקייט האָט באַהערשט דעם נביא, די שווערע שטיינער פון זיין האַרץ זענען מיט אַ מאָל אַראָפּגעפאַלן. ער האָט געזען פאַר זיך זיין וועג אַ קלאָרן און ריכטיקן. מיט פייער און בלוט וועט דערהויבן ווערן דער נאָמען פון זיין גאָט. פון הייליקן געצעלט פון הויז פון כוהן וועט זיך דאָס רעכטפאַרטיקע פייער אָנהייבן, וועט אויפגיין אויף די שלאַכט־פעלדער פון די פלישתים, און דעמאָלט וועט גאָטס גערעכטיקייט אויפגיין מיט דער מאַכטיקייט פון זון־אויפגאַנג און וועט אָנפילן אַלעמענס הערצער מיט הכנעה און חרטה און וועט זיי באַקערן צו זייער פאַרכטיקן גאָט, וואָס ער,„ דער נביא, דער זעער, טראָגט אין זיין מויל זיין לעבעדיק וואָרט...

אין דער זעלבער נאַכט איז מיכל, די טאָכטער פון כוהן אלזער, געלעגן אויף איר געלעגער און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן, וואָס האָבן צום ערשטן מאָל דערזען די פּיין און פייער־פלאַם, וואָס דערוואַרט איר דעם מאָרגנ־דיקן טאָג. איר פאָטער, דער כוהן, איז ווי אַ ווילדער פויגל געזעסן אויפן באַרג, הינטערן געצעלט, אַ פאַרטונקענער אין צער און אין פינצטערניש פון דער נאַכט. די נאַכט איז געלעגן אַ פינצטערע און שטערנלאָזע. נישט קיין דרום־ און נישט קיין צפון־ווינט האָט אין דער דאָזיקער נאַכט געבלאָזן. אַלץ איז געווען פאַר־שטיקט אין שווייגעניש. אפילו קיין איין פויגל האָט זיך נישט איבערגעוועקט אין די שיטערע צווייגן פון דיביימער. עס האָט געאָטעמט מיט שטאַרבן. מיט טויט.

אין דער דאָזיקער נאַכט האָט זיך געשלייכט אַ שאָטן צום געצעלט פון כוהן. די פינצטערניש האָט אַרומגענומען דידאָזיקע געשטאַלט אויף נישט צו דערקענען. אַ פאַרטייעטער אין דער פינצטערער שווייגעניש פון אַרום איז דער אמורי רומח, מיט צעעפנטע נאָזלעכער ווי ביי אַ חיה, וואָס גרייט זיך צום שפרונג, אַרומגעגאַנגען אַרום געצעלט, און פאַרשווונדן אין אים ווי אַ שווערער פינצטערער שאָטן. און איידער די בלאַסע לבנה איז אויפ־געגאַנגען אין הימל־געוועלב, האָט דער אמורי רומח, דער ווילדער מיט די אַרויס־שטאַרצנדיקע קינבאַקן און פלאַכער ברייטער נאָז פון אַ וואַלד־מענטש, אַוועק־געטראָגן אין זיינע מעכטיקע אָרעמס די פאַרחלשטע מיכל און אָנגעקומען מיט איר אין טיפן באַרג־שפּאַלט אין איינעם פון די בערג פון יהודה. ער האָט זי פאַרכטיק אַוועקגעלייגט אויף דער טרוקענער ערד און זיך אַראָפּגעלאָזט נעבן איר אויף די קני. און דעמאָלט האָט ער אָפּגעריכט נעבן איר פאַרשטאַרטן גוף זיין געצנדינערישע תפילה פון די אמוריים:

— זיי געלויבט, דו הייליקע, וואָס דו ביסט אַריין אין בונד מיט דעם פרוכט־

באַרסטן פון אונדזערע געטער און טראָגסט אין דיין בויך די פרוכט פון זיין גענאָד. זיי געלויבט, הייליקע, ריינע בתולה...
דערנאָך איז אויפגעגאַנגען די זון.

ד.

אויפן פלאַכן דאַך פון הויז ליגט דער נביא אויפן געלעגער פון ווייכן געוואַנד און האַלט זיין בליק אָפן אַנטקעגן דעם בלויען הימל, וואָס הענגט ווי אַ רויך־באַדעקנס איבערן באַרג. עס איז פאַרנאַכט און די ערשטע קילע ווינטן, וואָס קומען אָן פון די בערג, קילן אָפּ די אָנגעברענטע חמימה, וואָס האָט פאַרשלאָפט מענטש און פלאַנץ אין משך פון לאַנגן זומערדיקן טאָג. דער נביא טרינקט די קילע לופט ווי אַ דורשטיקער, וואָס דערלאַנגט מיט זיינע ליפּן צום דערקוויקנדיקן קוואַל.

די מלחמה מיט די פלישתים און איר סוף האָט אים נישט איבערראַשט און נישט צעבראַכן. ער, דער זעער, האָט עס פאַרויסגעזען מיט דער גאַנצער קלאָר־קייט. געטראָפן איז געוואָרן דאָס פאָלק ישראל פון דער שווערער האַנט פון די פלישתים און די צאָל פון די בני ישראל וואָס זענען געפאַלן לאָזט זיך אויס־רעכענען אין די שווערע טויזנטער. גרויס איז די צאָל פון די געפאַלענע און נישט קליין איז אויך די צאָל, וואָס בלאָנקען אַרום אין די בערג, ווערן פאַר־ברענט פון דער היץ און פאַלן אַריין אין די ציין פון די הונגעריקע חיות. דער גרויזאַמער מאַכטיקער גאָט האָט פאַרלאָרן זיין לאַנגן אָטעמצוג פון רחמים און אין זיין גרימצאָרן באַשטראָפט זיין פאָלק פאַר זיינע זינד.

אַ מלך ווילן זיי. די פאַרנאַרטע! אַ מלך פון פלייש און בלוט ווילן זיי, אַנשטאָט דעם מלך איבער אַלע מלכים, וואָס באַפעלט דעם טאָג און ער קומט אויף, זאָגט צו דער זון און זי לייכט, שרייט אָן אויף די שטורמווינטן און זיי ווערן אַנטשוויגן. מיט זיין אויסגעשטרעקטן אָרעם האָט ער זיין פאָלק אַרויס־געפירט פון מצרים, פון הויז פון זייער קנעכטשאַפט, און זיי געבראַכט אין אַ לאַנד פון מילך און האָניק. איצט האָבן זיי געלייקנט אין זיין מאַכטיקייט און ווילן מאַכן קיניגן איבער זיך אַ מלך, מיט די אַרומיקע געצנדינערישע פעלקער צוגלייך. פאַרגעסן האָבן זיי אין גאָט פון ישראל, און זיין וואָרט, וואָס קומט דורכן מויל פון זיין נביא האָבן זיי נישט געאַכפּערט. איצט האָבן זיי באַקומען זייער שטראָף.

ער ליגט אויף זיין געלעגער און די מחשבות נעמען אים אַרום אין אַ נעפּל. ער וויל דערהערן גאָטס וואָרט, וואָס קומט צו אים מיט נאָענטקייט און מילדקייט, ווי דאָס ברומען פון אַ טויב. אָבער די הימלען, וואָס ווערן וואָס אַ מאָל טונקעלער און טונקעלער, זענען פאַרשלאָסן, און אין האַרץ פון דעם זעער הערשט אַ טויטע שטילקייט, וואָס דערמאָנט אין דעם טאָל פון טויט. צי איז גאָטס וואָרט פאַר־שלאָסן אויף אייביק אויך פאַר אים, דעם נביא, דעם זעער און דינער פון גאָט.

ער הייבט זיך אויף פון זיין געלעגער, שפּאַרט אָן זיינע ברייט־צעוואַקסענע

עלנבויגנס אין זיינע קני און פאַרזינקט זיין שווער־באַוואָקסענעם קאָפּ אין זיינע דלאָניעס. אַרום איז שטיל. מען הערט נישט אפילו דעם האַרצרייסנדיקן געשריי פון נאַכט־פייגל, וואָס שרייט אויס זיין הונגער און דורשט נאָכן ברענענדיקן טאָג. זיי זענען דאָ נישטאָ מער, די פייגל. זיי געפינען זיך אין מלחמה־טאָל ביי דער רייכער איבערגעזעטיקטער סעודה, וואָס זיי פראַוועןן איבער די קערפּערס פון די געפאַלענע, און טיילן זייער שפּייז מיט דער ווילדער פעלד־חיה. געפלאָגט איז געוואָרן ישראל פון זיינע שונאים צוליב די זינד קעגן פאַרכטיקן גאָט.

און אפשר האָט ער נישט ריכטיק אויפגענומען גאָטס שטים, וואָס האָט גערופן אין אים און פון אים אַרויסגעשריגן, ווען ער האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם פאָלק, וואָס האָט געוואָלט אַ מלך? אָט נידערט זיין אַלטער קאָפּ מיט אָנמאַכטיקייט צו זיין ברוסט, ווי לאַנג נאָך וועט ער קענען פירן און משפּטן דאָס פאָלק, און ווענען וועט ער לאָזן נאָך זיך, כדי אים איבערצוענטפערן אין די הענט די שליחות, וואָס גאָט האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן? אפילו זיינע צוויי זין גייען נישט אין זיינע וועגן און קערן זיך אָפּ פון פּנים פון גאָט. צי דאַרף ער לאָזן די קינדער פון ישראל, ווי שאָף אָן אַ פּאַסטעך?

אַן אַנגסט באַפאַלט דעם מיט אַ מאָל אַלט־געוואָרענעם זעער. ער דערשרעקט זיך: אפילו די אָנקומענדיקע נאַכט האָט ער נישט דערזען אין איר אָנקומען, ער, דער זעער, וואָס האָט געזען אַלץ, וואָס פאַר פרעמדע איז פאַרבאָרגן. צי האָט אים דער צאָרנדיקער גאָט געשלאָגן מיט בלינדקייט?

ער דערהערט טריט. אייליקע, ווי דאָס שפּרינגען איבער שפּיציקע שטיינער. פאַר אים שטייט רוּמה, דער ווילדער אמורי, אַ באַוואָקסענער מיט קופּער־האָר ביז איבער די לענדן. ער וואַיעט מיט אַ חיה׳ש געוואַי:

— געטלעכער מאַן! באַפריי מיך פון דעם פּחד, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען! העלף מיר, דעם אומווירדיקן!

דער נביא קוקט אויפן ווילדן אמורי און פאַרשטייט נישט זיין געוואַי און זיין געבעט. איז ער געווען אויפן שלאַכט־פעלד און די מורא פון דער מלחמה האָט אים מיט משוגעת געשלאָגן? דער נביא קוקט אויף אים פון אונטער זיינע ברעמען־אָפּויר שאַרף און פאַרשנדיק. ער באַפעלט אים:

— רעד דיינע רייד, זון פון געצנדינערישן פאָלק!

דער אמורי קנוילט זיך אין יסורים. זיינע אויגן ברענען און פון זיי שרייט אַרויס די פאָרכט:

— זי איז געלעגן, די הייליקע, אַ פאַרטאָענע אין זיך, און אירע בליקן האָט זי פאַרשלאָסן פאַר די שטערן אין הימל. און ווען איך בין אויפגעשטאַנען פון מיין קניען האָב איך זי מער נישט געזען. אַ פלינקער גאָט האָט זי אין זיינע ציינער פאַרטראָגן און איז מיט איר אַוועק איבער די רוקנס פון די בערג. דאָרט האָט ער זי איבערגעענטפערט צום פרוכטבאַרן גאָט, וואָס האָט זי מיט זיין מאַכט באַשלאָפן און דער שטאַרקער גאָט האָט זי פאַר זיין ווייב געמאַכט.

איצט רייט זי אין די וואָלקנס און די נאַכט איז פול מיט איר. צי זעסטו נישט איר פּאַרכטיקייט אין דעם נאַכטיקן וואָלקן, געטלעכער מאַן?

אַ טיפן עקל דערפילט דער נביא צו דעם ווילדן און צו זיינע לעסטערנדיקע רייד. ער וויל אים פאַרטרייבן פון זיך, נאָר ער בלייבט אַליין פאַרשטאַרט אין פחד. אויך דאָס איז זיין זינד. פאַרוואָס האָט ער נישט געאײַלט צו הייליקן דעם נאָמען פון לעבעדיקן גאָט און ברענגען דעם זעלבן טאָג די זינדיקע צום שייטער? פאַרוואָס האָט ער דערלאָזט די זינדיקע זאָל אַנטרינען פון איר פאַרדינטער שטראָף, דורך וועלכער עס זאָל געשטילט ווערן דער צאָרן פון גאָט? אַ פייער גייט אויף אין זיין האַרץ און אַ כעס באַפאַלט אים. נישט איצט איז די צייט פאַר געבראָכנקייט פון געמיט. דאָס פאָלק, דאָס געפּלאָגטע אין מלחמה וועט מיטן פרימאָרגן שטיין פאַר זיינע פיס און שרייען צו זיין גאָט, ער מוז דערהערן גאָטס שטים כדי צו ברענגען אַ טרייסט און אַ שטאַרקונג צו זייער גייסט. ער הייבט אויף זיין קאָפּ און רופט אויס צו דעם אמורי:

— דערווייטער זיך פון מיין בליק, דו אומווירדיקער, און שטעל אָפּ דיינע עקלדיקע רייד, ווייל אָט — און איך פאַרברען דיך מיטן אָטעם פון מיין צאָרן!

און ווען דער אמורי האָט זיך פון אים דערווייטערט, מיט די הענט פאַרבראָכן אַרום זיין קאָפּ, האָבן שוין אויפגעשיינט די ערשטע שטראַלן פון דער זון, פון דער ווייטנס האָבן זיך שוין געהערט די אָנקומענדיקע געשרייען פון דער געשלאָגענער מחנה, און עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און אַ גרויסער יאָמער האָט זיך אויסגעגאָסן אונטערן באַרג פון זיין געצעלט. דאָס פאָלק האָט געשריגן צו זיין נביא, און עס איז נישט געווען באַוווסט, צי בעט עס רחמים און טרייסט, אָדער שרייט עס אויס זיין שווערע טענה צו אים, דער זעער, וואָס שטייט צווישן זיי און זייער גאָט און ברענגט נישט פאַר זיי קיין הילף:

— גיב אונדז אַ מלך, נביא, און זאָל ער אַרויסגיין פאַרויס פאַר אונדזערע מחנות און זיך שטעלן קעגן אונדזערע פיינט. ווייל גרויס איז די פּלאָג, וואָס האָט אונדז געטראָפן פון האַנט פון די פלישתים און דאָס פאָלק איז דערנידעריקט און צעטראָטן!

און דעמאָלט איז דאָס האַרץ פונעם זעער אויפגעגאַנגען פול מיט רחמים. ער האָט געגנידערט צו זיי און האָט צו זיי געזאָגט:

— זאַמלט איין די עדה און גיט איר צו וויסן: אַזוי האָט געזאָגט דער גאָט פון ישראל, טאָן וועל איך טאָן איבער אייך אַ מלך, וואָס וועט פאַר אייך אַרויסגיין און וועט שלאָגן אייערע פיינט. מיטן הייליקן בוימל וועל איך אים טאָן זאַלבן אין נאָמען פון גאָט, און ער, דער געזאַלבטער, וועט זיין פאַר אייך דער ערשטער מאַן פון צווישן ישראל.

אַ פרייד האָט אַרומגענומען דאָס געשלאָגענע פאָלק. זיי זענען געפאַלן צו די פיס פונעם זעער, און די האָפנונג האָט אויפגעלויכטן אין זייערע אויגן. זיי וועלן שוין מער נישט זיין ווי די שאָף, וואָס דער שטורעמווינט צעפּלאָשעט זיי און די ווילדע פעלד־חיה פאַרצוקט זיי צווישן אירע ציין. זיי וועלן פון איצט

האבן א פאסטעך, וואס וועט זיי פיטערן און פארהיטן פון געפאר. זיי ווילן האבן א מלך.

און ווען דאס פאלק האט זיך בארויקט, און איינציקווייז און מחנותווייז האבן זיי זיך געקליבן צו זייערע געצעלטן, האט דער נביא פון זיי פארנומען די אויסטערלישע רייד און די פאסירונגען אויפן מלחמה־פעלד, די גבורה און די איבערהאנט וואס זיי האבן באוויזן, ביז די שעה פון בראך איז געקומען און דאס פאלק איז זיך צעלאפן אויף אלע פיר ווינטן.

און דער וואס האט געקענט דערציילן האט דערציילט, און דער נביא האט געהערט:

— און עס איז געווען, ווען דער כוהן אלעזר איז אנגעקומען אויפן פעלד צו בענטשן דאס פאלק, איז א פחד באפאלן די פלישתים און זיי האבן גענומען לויפן צוריק אין די אייגענע פוס־טריט. דעמאלט האט זיך אויפגעשטעלט זייער עלטסטער און האט צו זיי אויסגערופן: שטארקט זיך און זייט ווי מענער. ווייל וואס וועט מען זאגן אויף אייך אין די גאסן פון גת און די געמערק פון אשקלון: געפלאגט זענט איר געווארן פאר די קינדער פון ישראל און איר וועט קיין תקומה מער נישט האבן! און ווידער האבן זיי געפרווווט שפארן פארויס און רייסן זיך צו די מחנות פון לעבעדיקן גאט, אבער דער פחד איז פון זיי נישט אפגעטראטן. אבער דעמאלט איז געשען א מערקווירדיקע זאך, דער כוהן אלעזר, וואס איז געווען שטארק ווי א לייב און פלינק ווי א הירש אין זיין לויפן, איז פלוצלונג שטיין געבליבן און זיין בליק צו די בערג פון יהודה געווענדט. און אין איין אויגנבליק האט ער זיך געלאזט לויפן צו די הויכקייטן פונעם בארג. מיר האבן אים נאכגעפאלגט מיטן בליק און נישט פארשטאנען. דערנאך האבן מיר געזען, ווי א ווילדע פארצוקערישע חיה טראגט אין אירע ציין א גוף פון א מענטש, וואס איז נאקעט און די האר זענען ביי אים לאנג און גרייכן ביז צו דער ערד. דערנאך האבן מיר געזען, ווי דער כוהן אלעזר ראנגלט זיך מיט דער חיה און אלע דריי ווערן פארשווונדן אין אפגרונט אונטערן בארג. דער מלחמה־שאל האט פארהוילן פאר אונדזער אויער דעם געשריי און דעם געראנגל פונעם אפגרונט. ערשט ווען די שלאכט האט זיך איינגעשטילט האבן מיר געטראפן א ווילד־באוואקסענעם מאן מיט פחד אין זיינע אויגן, און ער האט אונדז אן אויסטערלישע דערציילונג דערציילט: אויף די בערג האט א גאט זיין ווייב אנטשפויזט און די פרוכט פון זיין מאנלעכקייט צו זיך צוגענומען. מיר האבן די הערונג פון אונדזערע אויערן נישט געגלויבט, ווייל פארכטיק איז געווען דער מלחמה־שאל און נאך פארכטיקער און איילקער איז געווען אונדזער אנט־רינונג. מיר זענען געלאפן אין די טאלן צווישן די בערג־שפאלטן און זיך נישט אומגעקוקט צו יענעם אויסטערלישן בארג, ווו דאס ווונדער איז געשען.

דער נביא האט אויסגעהערט דידאזיקע רייד און זיין הארץ האט געוויינט איבער דער אומוויסנקייט פון זיין פאלק. שווערע טרערן זענען אים גערונען פון זיינע אויגן און געפאלן אין זיין געדיכטן בארד־געוווקס. און געוווסט האט

ער, דער זעער, אַז זיין צייט איז נאָך נישט פאַרביי: ער וועט זאַלבן פאַר זיי אַ מלך, אָבער ער, דער נביא און זעער, וועט אים פירן אין רעכטפאַרטיקן וועג פון איינציקן גאָט, כדי דער מלך זאָל זיך אין גאָט באַהעפטן און פירן אין זיינע וועגן דאָס פאָלק.

אויפצומאָרגנס האָט דער נביא באַפוילן שאַלן אין די שופרות, דאָס פאָלק זאָל זיך צונויפזאַמלען כדי צו הערן דאָס וואָרט, וואָס עס רעדט צו זיי דער לעבעדיקער גאָט פון די הערשאַפטן דורכן מויל פון זיין נביא.

ה.

דעם מלך, וועלכן דער נביא האָט געזאַלבט מיטן הייליקן בוימל און געמאַכט קיניגן איבער די קינדער פון ישראל, האָבן די עברים אויפגענומען מיט גרויס פרייד און באַגייסטערונג. איצט וועלן זיי שוין זיין מיט פעלקער גלייך. עס וועט שוין פון זיי נישט שפּעטן דער פלישתי, דער פאַריסענער יבוסי, וואָס האָט זיך פאַרפאַנצערט און באַפעסטיקט אויפן באַרג יבוס און זיך דאָרט אויפגעבויט זיין פעסטונג. ניין, נישט דער כוהן וועט גיין מיט זיי אין שלאַכט און טראָגן דעם אָרון הברית, וואָס אין געטלעכן צאָרן קען ער נישט זיין קיין שיצער. ווייל דאָס, וואָס דער גאָט פון די אבות, דער רייטער אין דונער און פייערשטורעם האָט איצט אָפּגעטאָן מיט זיי, מיט די קעמפנדיקע מחנות פון ישראל, האָט זיי פאַר־שאַפט גרויס ווייטיק און ווייניקער צאָרן, ווייל ער האָט זיך נישט צוגע־הערט צו זייער געשריי, און איז נישט אָנגעקומען פון ברענענדיקן מדבר קעמפן זייער קאַמף און פירן זייער מלחמה. ער, דער איש מלחמה, האָט נישט געלוגט פון זיין האַרבעריק פון הינטער דעם וואָלקן אַפּויר און זיי נישט געבראַכט זיין הילף. איצט וועט דער מלך, דער געזאַלבטער פון גאָט, דורך זיין נביא, דעם זעער, פאַרויסגיין פאַר זיי און זיי פירן צו נצחונות. ער, דער מלך, און נישט דער שוואַכער איידעלער כוהן, וואָס איז אַליין פאַרשוווּנדן אויף אַ מיסטעריעזן אופן אין טאָל פון טויט, אין שאול.

און עס איז געווען, ווען די בני ישראל זענען צו זיך געקומען נאָך דער שווערער מפּלה אין דער מלחמה מיט די פלישתים, און דער ניי־געזאַלבטער מלך האָט זייער געשריי פאַרנומען און גענומען זאַמלען צו זיך די מחנות, כדי ווידער זיך צו גרייטן אין מלחמה, האָט זיך אין יענער צייט עפּעס אַן אַלטער בלינדער זינגער פון ערגעץ־ווו געפונען, און ער האָט אין די הויפן און געמאַרקן ווונדערלעך שיינע לידער געזונגען. מיט זיין איינסטרוניק שפּיל־האָלץ האָט ער זיך צובאַגלייט זיין זינגען, וואָס ער האָט אַליין פאַר זיך פאַרפאַסט. די ווערטער פון ליד זענען געווען ווייטע און נישט באַנעמלעכע. נאָך קיינמאָל האָט מען צווישן די בני ישראל אַזאַ מין געזאַנג נישט געהערט. נישט קיין לויב־געזאַנג פון גבורה איז עס געווען, און אויך נישט קיין פאַרכטיק געזאַנג צום מאַכטיקן גאָט פון ישראל, וואָס רייט אין די וואָלקנס. דאָס ליד איז געווען אַ שטילס, אַ פאַרחלומטס, און ביים אַלטן זינגער איז עס אַרויסגעקומען פון זיין אָנצייניק

מויל נאָך מער שטיל און נישט ווייניק אומהיימלעך. און גערעדט האָט זיך אינעם ליד וועגן אַ געהיימען אומבאַקאַנטן גאָט. וואָס האָט גענידערט אין דער פינצטערניש פון אַ נאַכט און זיך באַהאַפטן מיט אַ יונגפרוי אין איר בתולה־שאַפט און האָט פון איר דעם זאַפט פון לעבן אויסגעזויגן. דערנאָך איז דער שטאַרקער מאַנסבילישער גאָט אין די בערג אַנגעקומען, רייטנדיק אויף אַ ווילדן לעמפּערט, און האָט אין זיינע מעכטיקע אָרעמס די יונגפרוי צו זיך גענומען און זי פאַר זיין ווייב געמאַכט. און ווען אויפצומאָרגנס איז די זון אויפגעגאַנגען, איז געבוירן געוואָרן אַ יונגער מאַכטיקער גאָט, וואָס האָט די בערג פונאַנדערגע־קוילערט מיט זיין פעסטן אָרעם און צוגענומען די הערשאַפט פון זיין פאָטער, דעם באַצווינגער פון דער יונגער בתולה, זיין מוטער.

און אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס טרוימערישע, אומפאַרשטענדלעך־פרעמדע ליד, וואָס דער אַנציייניקער אַלטער האָט געזונגען, אַ געקומענער פון דער ווייט, צווישן די מחנות פון ישראל:

און זי, די געבענטשטע האָט אַ גאָט אים געגעבן,  
אין אירע געדערים אים אויסגעבריט,  
און אין די וואָלקנס טוט ער איצט שוועבן,  
דער מענטש און די חיה פאַר אים פאַלט און קניט.

אין די מחנות פון ישראל האָט דאָסדאָזיקע ליד אַרויסגערופן אַן אומהיימ־לעכקייט. געפילט האָבן די עברים, אַז דאָס געזאַנג פונעם אַלטן איז געצנדינעריי און איז קעגן ווילן פון מאַכטיקן גאָט, דעם גאָט פון ישראל. זיי האָבן געפאַרשט דעם אַלטן און דערגאַנגען, אַז ער איז אַן אמורי, איינער פון די געבליבענע, וואָס זענען נישט פאַרשניטן געוואָרן דורך דער שווערד פון ישראל. יאָ, אויך ער, דער בלינדער אַלטער האָט געהערט וועגן קופּער־רויטן און פלאַך־נאָזיקן מאַן פון זיין שטאַם, וואָס האָט דער טאַטער פון כוהן צו די בערג אויף זיינע אָרעמס געטראָגן, ווייט פון צאַרנדיקן פייער פון גרויזאַמען יעהאָוואַ. אויך ער ווייסט, אַז אין אירע געדערים האָט זי געטראָגן די זוימען פון אַ מאַכטיקן גאָט, און אַז דערדאָזיקער גאָט האָט זיין פרוכט מיטן כוח פון זיין אָרעם אויפגעמאָנט און געשיקט דעם שטאַרקן לעמפּערט ער זאָל זי אים אין זיינע ציינער ברענגען. יאָ, טאָקע וועגן דערדאָזיקער הייליקער, דער ריינער יונגפרוי, וואָס איז דורך אַ גאָט באַשלאָפן געוואָרן, טאָקע וועגן איר, געלויבט און געאַכפּערט זאָל איר נאָמען זיין, האָט ער פאַרפאַסט דאָסדאָזיקע ליד.

ווען עס איז דערגאַנגען צו די שווערע אַלטע אויערן פונעם זעער די ידיעה וועגן ליד, וואָס דער אַלטער זינגט אין די מחנות, האָט ער באַפוילן מען זאָל אים פאַרטרייבן אין מדבר אריין, ווייל אומווירדיק זענען געווען די רייד, וואָס דער אַלטער האָט אַרויסגעבראַכט פון זיינע לעפצן. די מחנות פון ישראל דאַרפן זיך איצט רייניקן צו די נייע שלאַכטן, צו וועלכע עס פירט זיי דער מלך און

זיין נביא, און טאָרן נישט פאַרגעסן די רייד פון אַ געצנדינער, וואָס פירט אַראָפּ די בני ישראל פון וועג צו זייער אייביקן לעבעדיקן גאָט.

דער אַלטער איז פאַרטריבן געוואָרן און מען האָט אים מער נישט געזען, אָבער אַ צייט לאַנג נאָכדעם האָט זיך די שיינע געשיכטע וועגן דער הייליקער יונגפרוי געלאָזט הערן. דערנאָך זענען נייע לידער און נייע לעגענדעס אויפגעקומען, און נישט שטענדיק זענען זיי געווען צו זיך ענלעך. אין איין ליד איז געלויבט געוואָרן דער מאַכטיקער גאָט, דער באַשלעפער פון דער בתולה, און אין צווייטן איז וועגן אים פאַרגעסן געוואָרן און עס איז גערעדט געוואָרן נאָר וועגן דער בתולה, דער געבענטשער און הייליקער, וואָס האָט אין אירע געדערים און אין איר אומשולדיק לייב אַ גאָט אויסגעטראָגן. און דער דאָזיקער גאָט איז געבוירן געוואָרן נישט פון באַצווייגונג, נאָר פון ליבשאַפט, און דעריבער איז דער געבוירענער גאָט אַ מילדער און אַ גרויסער בעל־רחמנות, וואָס קומט פון די הימלען אין די פאַרטייטע נעכט און העלפט אַלע אָרעמע און ליידנדיקע. אַ צייט לאַנג נאָך דעם ווי סיחון, דער מלך פון אמורי און עוג דער מלך פון בשן זענען פון דער ערד פאַרשוווּנדן, צוזאַמען מיט זייערע פעלקער, וואָס זענען פאַרשניטן געוואָרן, און די רעשטן זייערע זענען פאַרלוירן געגאַנגען צווישן די נייע שבטים, וואָס האָבן זיך צעשפּרייט פון וויסטן מדבר יהודה ביז צו די שנייאיקע בערג פון חרמון — האָבן וואַנדערנדיקע זינגער און אַלטע איבערן־לאַנדגייענדיקע בעטלער געזונגען לידער און דערציילט ווונדערלעכע זאַכן וועגן דער הייליקער יונגפרוי און דעם שטאַרקן גאָט, וואָס זי האָט געבוירן נאָכן באַשלאָפן ווערן פון געטלעכן גייסט. יונגע און זקנים האָבן דידאָזיקע לידער און דערציילונגען געהערט און אַ בענקשאַפט איז אין זייערע הערצער פאַרגאַנגען, און זייערע אויגן האָבן זיי געווענדט צום הויכן טונקעלן הימל אין די נעכט, צו די פינקלדיקע שטערן, און האָבן געזוכט די שפּורן פון דער הייליקער בתולה און איר זון דעם לייטזעליקן גאָט, וואָס שוועבט צוזאַמען מיט זיין הייליקער מוטער אין די וואָלקנס. פרויען, וואָס זייערע הערצער זענען געווען שווער און זייער מוטערטראָכט פאַרשלאָסן, האָבן אין די נעכט געקניט אין די הויפן, מיט אויגן פאַרהויבן צום הימל, די הייליקע און דערבאַרעמדיקע, וואָס איז דורך דער הייליקייט באַפרוכפּערט געוואָרן, זאָל בענטשן זייערע פאַרשעמטע לייבער און עפענען זייערע פאַרמאַכטע טראַכטן. די ווונדערלעכע געשיכטע מיט דער בתולה האָט אַריבער געשפּאַנט דעם ים־סוף אין דרום און זיך אויך פאַרשפּרייט אין דעם לאַנד פון פרוכפּערדיקן נילוס. און דאָרט, אינעם לאַנד, ווו דער מענטש האָט זיך מיט דער געטלעכער יצירה פאַרמאָסטן און געטריבן פון זיך די וויסטעניש מיטן כוח פון שאַפנדיקן מענטשלעכן גייסט, דאָרט האָט די הייליקע בתולה אַ נאָמען באַקומען, און זי, צוזאַמען מיט איר געבענטשטן זון, זענען אַריינגענומען געוואָרן אין קרייז פון די בויטוועגדיקייטן פאַרן מענטש. די געבענטשע געטין פון פרוכטבאַרקייט איזיס האָט געטראָגן אויף איר אָרעם איר זון, דעם גאָט פון ליכט מיטן נאָמען אוֹר, אין פילצאָליקע טעמפּלען, וואָס

די מצרים האָבן פאַר איר אויפגעבויט און איר געשטאַלט געלאָזט אויסהאַקן פון ריינעם ווייסן מאַרמאָר. און לאַנג־לאַנג נאָכדעם, ווי יהודה און ישראל זענען שוין אונטער פּרעמדער הערשאַפט געלעגן, און די מלכים פון בני ישראל און זייערע מלחמות און זיגן זענען בלויז דורך נביאים און זינגער באַזונגען געוואָרן, האָבן אומבאַקאַנטע וואַנדערער דערציילט וועגן דער גבורה און מאַכטיקייט פון דער געבענטשטער איזיס און איר זון, וועמענס געשטאַלט זיי האָבן אַליין געזען אויסגעהאַקט פון שטיין אין דער ווייטער שטאָט רומי, וואָס צו איר ציען זיך די פעלקער און זי מאַכט זיי אונטערטעניק אונטער אירע פיס.

אין איינעם האָבן די לעגענדעס פאַרגעסן, אין ברייטפּלייציקן, קופּער־בראָנזיקן אמורי רומח, וואָס האָט אין זיין ליבשאַפט צו דער בתולה איר פון פייער פון יעהאָוואַ אָפּגעראַטעוועט און זי, דורך פייער פון מלחמה אין די בערג געטראָגן. דער נישט באַשווינטער אמת האָט הפּנים נישט ליב זיך צונויפטרעפן מיט דער באַזונגענער שיינקייט פון דער לעגענדע און ווערט דורך איר פאַר־צערט...

## קלמן סעגאַל

# דער אַלטער מענטש אין גאָרטן

איך בין דער אַלטער מענטש, דער זקן
וואָס וואַרט אין אָוונט האַרבסטיקן אויף רעגן,
איך בין די ערד וואָס דורשט האָט אויסגעטריקנט,
דער בוים וואָס ציט די צווייגן אויס דעם רעגן־ווינט אַנטקעגן.

איך בין דער מידער מענטש, דער אַלטער,
וואָס מאַטערט זיך מיט ווילדגראָז און מיט שטיינער —
ער פּרוּווט דעם זייגער פון זיין דעמערונג פאַרהאַלטן:
שוין שפּעט און ס׳הייבן אָן ערשט שפּראָצן זיינעביימער...

אַן אַלטער מענטש וואָס וואַרט אויף רעגן בין איך
אין טיפן האַרבסט איך האָב געוואַגט אַ בוים פאַרפלאַנצן
און אין זיין וווקס פאַר זיך אַ נייע קראַפט געפין איך
און כ׳בענק צום ערשטן בלי פון די מאַראַנצן.

ער האָט פאַרזעצט אַ בוים און וואַרט אין האַרבסט אויף רעגן
די קנאָספּן פרישע גלעט ער מיט די ציטערנדיקע פינגער
אין חלום מערן זיך די בליטן און די טעג אים
און ביי דער יונגער שפּראָצונג ווערט ער יינגער.

**דוד ספּאַרד**

# סאַטירישע גראַמען

## דער בער און די פליג

אין אַ שטייג איז געזעסן אַ געפאַנגענער בער
מיט בענקשאַפט און צער אין די אויגן.
כמורנע געשפּאַנט אַהין און אַהער,
פון אומעט די לאַפּע געזויגן.

דער וואַלד האָט געגנעפּלט ביי אים אין זכרון
מיט טונקעלע האַרבסטן, מיט פרילינגן גרינע,
מיט ריחות פון האָניק, מיט בליצן פון שטורעם
און מיט לויטערע קילע באַגינענס.

אַרום איז געווען רוישיק און העל,
נאָר די שטייג האָט געשוואַרצט ווי אַ תהום —
האָט פון בערישער קעל
אַ טרויעריק ברומען צעריסן דעם רוים.

אין דעם איז אַ פליג אָנגעקומען פון שטאָטישן מיטקאַסטן
מיט אויערלעך פאַרשטאָפּטע
פון קויט און פון בלאָטע
און, הערנדיק קוים אין געדראַנג
דאָס בערישע ברומען,
מעשה מבין געפּסקנט —
עס איז אַ געזאַנג,
נאָר נישט לויט די נייסטע נאָטן...

✶

אַ צווייט מאָל געשען איז פאַרקערט —
אַ סאָלאָוויי האָט זיך באַפרייט

פון אַ גילדענער שטייג
און נאָך אַ לאַנגער צייט
אין גאַנצן אומגעשטערט
אויף אַ בוים פון צווייג אויף צווייג
זיך צעשפּרונגען,
צעזונגען,
אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיין פרייד דערזען.

און כ׳ווייס נישט ווי אַזוי ס׳איז געשען —
אויך דאָ איז די זעלבע פליג גלייך געקומען
און זיך שטיקנדיק שווער פון בוימס אַראָמאַט,
דאָס קעפּל פאַרשטעקט אין אַ וויאַנענדיק בלאַט
און מעשה־מבין ווי שטענדיק
אָנגעהויבן חוצפּהדיק זשומען —

דער סאָלאָווי איז געענדיקט.
ער זינגט נאָך אַלץ מיט געפיל
זיין אַלטע אָדע
און ציילט די ווערטער ווי רענדלעך —
ס׳איז נישט אין דער מאָדע.
היינט זינגט מען קיל
און אומפאַרשטענדלעך . . .

## מאָדערניסטיש

געשטאַמל
פון כלומרשטע טיפע אינזיכן —
שורהלעך קרומע פאַרזאַמלט,
וואָס גלייך זיך צעקריכן,
ווי זאַמדן אויף גליטשיקע פלאַכן.

צעשיטע, זיי טוען זיך שלייכן
אויף טונקעלע וועגן
פון איבערפאַרשטאַנדיקע לידער —
איינס צו דעם אַנדערן קעגן,
איינס צו דעם צווייטן דערווידער.

און כאָטש זיי, ווי בלעטער אין שטורעם,
אַ יעדעס זיך בלאָנדזשעט באַזונדער,
דאָך אַלע איין ציל זיי פאַרמאָגן —
אַ יעטוועדן זין צו פאַריאָגן
וואָרעם —
וואָס גרעסער דער אומזין,
אַלץ מער דער באַוווּנדער.

## צוויי דיכטער

פאַר דעם אַלעמגרעסטן
צוויי באַרימטע דיכטער שטייען
און אין דיכטונג זיך פאַרמעסטן.
איינער זינגט זי בקול רם
מיט געוואַלדן און געשרייען,
ווי עס זאָלן פון די בערג
פאַלן שטיינער אין אַ תהום:
— כ'בין דיין ווערק —
וואַרפט ער רייד פון זיך אַרויס
ווי שטיקער פלאַמען,
— דורך מיר ביסטו געוואָרן גרויס,
דורך מיינע ברויזנדיקע שורות
ווי די כוואַליעס אין די ימען,
דורך מיינע קלינגענדיקע גראַמען,
דורך מיינע בילדער־ריזן
האָב איך דיינע גבורות
פאַר דער וועלט באַוויזן.

אים אַנטקעגן
קוים וואָס זיינע ליפּן זיך באַוועגן
מורמלט שטיל דער צווייטער:
— כ'גיב זיך אונטער לכתחילה.
כ'בין נישט מער ווי זיין באַגלייטער.
ער איז אַ באַוווּסטער
נאַציאָנאַלער מוסטער
און איך בלויז אַ בעל־תפילה.

נאָר ס'ענטפערט גאָט אים אָפּ אַזוי:
כ'בין שוין טאַקע אַלט און גרוי,
נאָר נישט, חלילה, טויב.
דעריבער גלויב,
וואָס העכער עמעץ טוט זיין שטים אויפהייבן,
אַלץ ווייניקער איך טו אים גלייבן.

## דער העלד

ער קוקט זיך אום אין אַלע זייטן,
פֿאָרשט אויס גרינטלעך אַלע ווייטן —
אפשר גייט ווער,
אפשר זעט ווער,
אפשר הערט ווער,
און אַז אַלץ אַרום
איז פּוסט און שטום,
פֿאָרט ער גלייך אַרויס מיט דרייסטן לשון:
באשר דער באַוווּסטער מעצענאַט
איז גאָר אין אמתן אַ רשע
און טוט בלויז אַלץ פֿאַר כבוד וועגן.
און יענער דיכטער כביכול,
וועלכן אַלע לויבן ביז אין הימל
איז בלויז אַ כיטרע בעל־מלאכה,
וואָס ווייסט ווי פּרעמדס צו מאַכן אייגן.
און יענער שרייבער ווידער, דער בעל־כעסן,
וואָס זידלט און באַליידיקט יעדן,
איז אַ פּשוטער עם־הארץ מדאוריתא,
וואָס קאָן קיין צורת־אות נישט אונטערשיידן.
און בכלל די אַלע שיינע לייט,
— וואָס זענען אייביק צווישן זיך צעקריגט —
אפילו אין סכנהדיקער צייט
איז איינער מיטן אַנדערן אויף שפּיזן.

נאָר פּלוצעם האָט אַ ווינטל זיך צעוויגט
און ס'האָט אונדזער העלד זיך אויסגעוויזן,
אַז אַ צווייגל האָט אַלע זיינע רייד אין לופט פֿאַרשריבן,
און איידער וואָס און ווען איז ער נישט געבליבן.

אַנאַ לענגיל

# אַ מעשה פון זיבנבירגן

ווען איך דערצייל עמעצן, אַז איך שטאַם פון אַ משפחה, אין וועלכער איינער פון מיינע עלטערזיידעס איז געווען אַ טאַטע פון צוויי און דרייסיק קינדער — וויל מען מיר נישט גלייבן.

און דאָך איז עס אַזוי געווען. מיט בערך הונדערט און פופציק יאָר צוריק האָט אין אַ שטעטל אין זיבנבירגן געוווינט אַ ייד, אַ באַלמעלאָכע, וואָס זיין ווייב האָט אים געבוירן זעכצן קינדער און דערנאָך איז זי געשטאָרבן. דער קרעפּטיקער אלמן האָט באַלד געפונען אַ יונג מיידל, וואָס האָט מסכים געווען מיט אים חתונה צו האָבן — מיט דעם פּאַטער פון זעכצן יתומים. און זיי האָבן טאַקע חתונה געהאַט, און אויך זי האָט אים באַשאָנקען מיט זעכצן קינדער, אַזוי, אַז צוזאַמען האָבן זיי געהאַט צוויי און דרייסיק — אַכט און צוואַנציק זין און פיר טעכטער.

דער דאָזיקער עלטער־זיידע איז נישט געווען קיין בטלן, ער איז געווען אַ שיינער און קרעפּטיקער מאַנצביל, פאַר די קינדער איז ער געווען אַ גוטער טאַטע, פאַר דער פרוי — אַ זאָרגעוודיקער מאַן, פאַר די גוטע פריינד זיינע איז ער געווען אַ געטרייער ידיד. קיין גרויסער חסיד און למדן איז ער נישט געווען, אָבער ער האָט קיין מאָל נישט פאַרגעסן, אַז עס איז פאַראַן אַ גאָט אין הימל.

עס איז, פאַרשטייט זיך, קלאָר, אַז אויב ער האָט געהאַט צוויי און דרייסיק קינדער, האָט ער געמוזט האָבן מינדעסטנס הונדערט אָדער צוויי הונדערט אייניקלעך, און אור־אייניקלעך האָט ער אַוודאי געהאַט אַ פּאָר טויזנט. ווען עס איז געווען אַ יום־טוב אָדער אַ בר־מצווה און ער האָט פאַרזאַמלט אַרום זיך די גאַנצע משפּחה, איז די שטוב געווען צו קליין און דאָס הויז איז געווען צו קליין, און אפילו אין דרויסן, אויפן הויף איז אויך נישט געווען אַזוי פיל פּלאַץ.

אָבער געווען איז אין שטעטל אַ גרויס גאַסט־הויז און דאָרט איז געווען אַ גרויסער זאַל, ווו מען האָט געקאָנט אַרומפאַרן מיט אַ פּאָר אָקסן, און דאָרט פלעגט דער עלטער־זיידע מיינער מאַכן אַ סעודה, ווען אַ קינד אָדער אַן אייניקל איז אַ חתן געוואָרן, אָדער ווען אַן אור־אייניקל איז געוואָרן בר־מצווה.

און טאַקע אַזוי האָט פּאַסירט אין אַ געוויסן טאָג — געבוירער געזאָגט, אין איינעם אַ פּורים — די גאַנצע משפּחה האָט זיך פאַרזאַמלט אין דעם דערמאָנטן

גאַסט־הויז. די סיבה פון דער שמחה איז געווען אַ דאָפּלטע, ווייל אַ חוץ דעם וואָס עס איז געווען פּורים, איז אויך געקומען צו־גאַסט איינער פון דעם עלטער־זיידנס אייניקלעך, וועלכער איז געווען אַ דאָקטער, און נישט סתם אַ פּשוטער דאָקטער, נאָר אַ מיליטערישער, און געוווינט האָט ער אַ גאַנץ יאָר נישט אין אונדזער פאַרדריפּעט שטעטל, נאָר אין דער גרויסער און שיינער שטאָט בודאַ־פּעשט, און געווען איז ער דער ערשטער דאָקטער אין אונדזער פאַמיליע. דאָס האָט פּאַסירט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די געבענטשטע צייטן פון קייסער פראַנץ־יוסף דעם ערשטן, אין גן־עדן זאָל ער רוען.

דעם מיליטערישן דאָקטער אונדזערן האָט מען אָוועקגעזעצט ביים טיש אויבן־אָן, אויף אַ בכבודיק אָרט, אַלע האָבן אים געוואָלט פאַרוויילן, ס׳זאָל אים זיין אָנגענעם, אַלע האָבן זיך מיט אים געצאַצקעט, סיי צוליב דעם, ווייל ער איז געווען אַ דאָקטער, סיי צוליב דעם, וואָס ער האָט געטראָגן אַן אָפיצירישן בלויען מונדיר פון דעם קייסרס אַרמיי. אָבער די באַציונג צו אים האָט זיך באַלד און פּלוצים געענדערט, ווייל איינער פון די פעטערס האָט אים אָנגעהויבן אויסצופרעגן ווי אַזוי מען היילט אַ פערד, וואָס האָט קראַנקע פיס, ווייל גראָד איז זיין פערד קראַנק געוואָרן — און דער דאָקטער אונדזערער האָט עס נישט געוווּסט. ער האָט געפּרוּווט אויפקלערן, אַז ער איז נישט קיין וועטערינאַר, נישט קיין פערד־דאָקטער, נאָר אַ פּשוטער דאָקטער פאַר מענטשן, פאַר זעלנער. אַזוי האָט ער זיך פאַרענטפערט, אָבער די גאַנצע משפחה האָט פאַרלוירן דעם צוטרוי צו אים: ווי אַזוי קאָן ער היילן מענטשן, אַז ער ווייסט אפילו נישט ווי אַזוי מען היילט אַ פערד?!

בקיצור, די גאַנצע הונדערט־קעפּיקע משפחה איז געווען צוזאַמען, מען האָט באַזעצט אַלע בענק און בענקלעך, די קרובים זענען געווען שיין אויסגעפּוצט אין די יום־טובדיקע מלבושים, און געקומען זענען זיי נישט נאָר פון גאַנצן שטעטל, נאָר אויך פון דער גאַנצער געגנט, און געווען זענען צווישן זיי נישט נאָר באַלמעלאָכעס, נאָר אויך פּאַכטער און אפילו באַלעבאַטים, וואָס זענען געזעסן אויף דער אייגענער ערד, און וואַלד־סוחרים, און איינער פון מיינע זיידעס האָט אפילו געהאַט אַן אייגענע וואַסער־זעג אין די הויכע וואַלדיקע בערג פון זיבנ־בירגן. אַלע זענען זיי געווען ייִדן שטאַרקע און ברייטפּלייציקע — גיבורים.

* * *

אָבער בכדי די מעשה זאָל זיין באַשריבן גענוי אַזוי, ווי זי האָט פּאַסירט, מוז איך דאָ צוגעבן, אַז נישט דעם גאַנצן רעסטאָראַן האָבן פאַרנומען די יידישע געסט, דאָס הייסט מיין משפּחה. אין איין ווינקל איז געשטאַנען אַ לאַנגער, שיין־געדעקטער טיש, וועלכער איז געווען רעזערווירט פאַר די אָפיצירן פון אָרטיקן גאַרניזאָן, זיי פּלעגן דאָ טרינקען קאַווע, עסן וועטשערע אָדער סתם אַ ביסל שיכורן.

אויך אין דעם דאָזיקן אָוונט זענען די אָפיצירן אַריינגעקומען, העפלעך זיך פאַרנייגט, סאַלוטירט און פאַרנומען זייערע ערטער, קיינעם האָבן זיי נישט גע־שטערט, בלויז פון צייט צו צייט פלעגט עמעץ פון זיי וואַרפן אַ שמייכל צו וועלכער מויד פון אונדזערע מיידלעך. נו, דעמלט פלעגט זיך די יפהפיה פאַרויט־לען און אַראָפּלאָזן די אויגן.

אַלץ איז צוגעגאַנגען פריילעך, ס'זענען שוין פאַרביי אייניקע חדשים זייט מען האָט זיך געזען אַלע צוזאַמען, דעריבער האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ סך גע־שעענישן צו דערציילן און אַ סך אַרומצורעדן. די אַלטע האָבן געהאַט זייערע זאָרגן, ווייל זאָרגן זענען דאָך תמיד פאַראַן, און ווידער די יונגע האָבן געהאַט זייערע סודות, האָט מען זיך אַראָפּגערעדט פון הארץ בקול רם, אָדער געשעפּ־טשעט איינער דעם צווייטן אויפן אויער. און דערביי האָט מען געגעסן און געלאָזט זיך וווילגיין, מען האָט געטרונקען "לחיים" מיטן מיליטערישן דאָקטער. אין רעסטאָראַן איז געווען ליכטיק. עס האָבן געלייכט די גרויסע נאַפט־לאָמפּן; די שטימונג איז געווען אַ יום־טובדיקע. און יום־טובדיק האָבן אויך אויסגעזען די פרויען אין זייערע ווייסע אָדער שוואַרצע שפּיצן־טיכלעך אויף די קעפּ און אין ווייסע לאַנגע געשטרייפטע קליידער. יעדע איינע איז געווען אויסגעפּוצט מיטן גאַנצן צירונג, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. ביי די מענער האָבן זיך געהוידעט אויפן בויך די גילדענע שווערע קייטן פון די זייגערס, וואָס זיי האָבן געטראָגן אין וועסטל־טאַש. און יעדער מאַן האָט געהאַט אויפן האַלדז אַ זיידענעם האַלדז־טוך. עס איז געווען אויף וואָס צו קוקן.

* * *

בלויז איין מענטש האָט זיך יענעם אָוונט שלעכט געפילט אין דאָזיקן זאַל. דאָס איז געווען איינער פון די אָפיצירן, אַ פריש־געבאַקענער לויטענאַנט, אַן ערשט נישט לאַנג געשמדטער ייד, וועלכער איז מיט אַ חודש צוריק אָנגעקומען אין גאַרניזאָן אַריין. ווי אַלע געשמדטע, איז ער אויך געווען אַ פרומער גוי. יעדן זונטיק פלעגט ער לויפן אין קירך אַריין, ער האָט אויסגעהערט אַלע דרשות פון גלח, אפילו דעמלט, ווען זיי האָבן געדויערט זייער לאַנג און אים פאַרנודיעט צום טויט. צווישן זיינע קאָלעגן, דאָס הייסט, צווישן די אָפיצירן, פלעגט ער זיך פילן אַ ביסל מאָדנע. טאָמער פלעגט ער אָנקומען ווען זיי האָבן גראָד דעמלט געלאַכט, אָדער גערעדט צווישן זיך, פלעגט זיך אים תמיד דאַכטן, אַז מען רעדט וועגן אים, אָדער אַז מען לאַכט אים אויס, ווייל ער איז אַ משומד, דאָס הייסט אַ קריסט פון יידישער אָפּשטאַמונג. איצט דאָ, האָט אים געאַרט, וואָס דער זאַל איז פול מיט יידן און ער האָט באַלד חושד געווען איינעם פון די אָפיצירן, אַז ער קוקט אויף אים מיט אַ פאַלש שמייכעלע, און דער דאָזיקער שמייכל האָט אים אויפ־גערעגט און גערייצט. עס האָט אים שוין נישט געשמעקט די וועטשערע, ער האָט זיך שיער נישט דערוואָרגן מיטן ביסן.

ער האָט געוואָרפֿן אַ בליק אויף די ייִדן, וואָס האָבן זיך אַזוי גוט געוויילט ביי די אַנדערע טישן — זיי זענען געווען שוואַרץ־האָריק, און אויך ער אַליין איז געווען אַ ברונעט, ס'איז נישט שווער געווען צו דערקענען, אַז אויך ער קומט אַרויס פֿון דעם זעלבן שטאָם. און הערנדיק זייער לאַכן און זייער רעדן, האָט ער פּלוצעם אויף אַ ווײַלע פֿאַרגעסן, אַז ער איז אַ גוי, זייער שפּראַך האָט אים עפּעס דערמאָנט, עפּעס דערוועקט אין אים אַ מאָדנע וואַרעם געפֿיל — אָבער בלויז אויף אַ ווײַלע, ווייל באַלד האָט ער ווידער באַגעגנט דעם איראָנישן בליק פֿון זיין קאָלעגע און ער האָט זיך ווידער פֿאַרשעמט. ייִדן? — דאָס איז פֿאַר אים אַ פֿאַרמאַכט קאַפּיטל, מיט ייִדן וויל ער מער נישט האָבן צו טאָן, אפילו אין איין רעסטאָראַן איז אים צו ענג מיט זיי. נישט נאָר, וואָס ער האָט זיי נישט ליב, נאָר ער וועט דאָ באַלד דערווייזן, אַז ער האָסט זיי, און זאָלן דאָס אַלע וויסן, אַלע ייִדן אין דעם דאָזיקן זאַל, און אויך אַלע זיינע קריסטלעכע קאָלעגן, און זאָל זיך קיינער מער נישט וואַגן צו ווייצלען וועגן זיין קריסטלעכן גלויבן און וועגן זיין ייִדישן אָפּשטאַם.

— קעלנער! — האָט ער אויסגערופֿן — ברענגען זי מיר איינען שוואַרצן! און זאָל די קאַווע זיין אין אַ גלאָז, וואָס קיין שום ייִד האָט פֿון איר נישט געטרונקען.

אין זאַל איז געוואָרן שטיל. די ייִדישע פֿרויען און מיידלעך האָבן אַראָפּ־געלאָזט די אויגן, אָבער די מענער, אַלע מיינע פֿעטערס און געשוועסטערקינדער האָבן פּלוצעם אויפֿגעהויבן די קעפּ. אונדזער מיליטערישער דאָקטער איז אויפֿ־געשפּרונגען פֿון אָרט, און אויך אַ צוויי־דריי צענדליק פֿעטערס און געשוועסטער־קינדער זענען אויפֿגעשטאַנען. אָבער דערווייל איז נאָך אַלץ געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקאָנט הערן דאָס פּולסירן פֿון בלוט אין די אייגענע אָדערן. און אויך דער זיידע הענאָך איז אויפֿגעשטאַנען און האָט זיך אַרומגעקוקט און מיט זיין באַסיקער שטימע האָט ער שטיל געזאָגט: זעצט אייך. און אַלע האָבן זיך געזעצט.

און צום קעלנער, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער טיר אַ דערשראָקענער, האָט דער זיידע הענאָך געזאָגט, רויק, אָבער באַפֿעלעריש:

— דערלאַנג אים די קאַווע אין אַ נאַכט־טאָפּ! פֿון אַ נאַכט־טאָפּ האָט נאָך קיין שום ייִד נישט געטרונקען!

עמעץ האָט זיך צעלאַכט, דאָס געלעכטער האָט זיך אָפּגעהאַקט, ווייל אָט איז אויפֿגעשפּרונגען דער משומד און אַרויסגעצויגן זיין זעבל, דאָס הייסט, די אָפֿיצירישע שווערד זיינע.

דער זיידע הענאָך איז שוין דעמלט געווען אַ בן חמישים, נאָר באַוועגונגען האָט ער געהאַט געשווינדע, ווי אַן אַכצניעריקער, און שוין איז ער צוגעלאָפֿן צום פֿריש־געבאַקענעם גוי, אָנגעכאַפּט זיין פֿויסט אין וועלכער יענער האָט געהאַלטן די שווערד, עס האָבן אַזש אַ טרעשטשע געטאָן די ביינער, ווייל דער אָפֿיציר איז געווען אַ שוואַכער צוציק און דער זיידע הענאָך האָט געהאַט אַן

אײַזערנעם כוח אין די הענט, דער זעבל איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ערד, דער זיידע האָט זי בליץ־שנעל אויפגעהויבן און אויף דער קני האָט ער זי צעבראָכן ווי אַ טרוקן ווערבע־צווייגל, די צוויי שטיקלעך אײַזן האָט ער אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער. דאָס אַלץ איז געשען אין איין מינוט, און שוין האָט ער אָנ־געכאַפּט דעם משומד מיט איין האַנט ביים קראַגן פון מונדיר און מיט דער צווייטער האַנט — זייט מיר מוחל — ביי די הויזן, ער האָט אים אויפגעהויבן אַזוי ווי מען הייבט אויף אַ בינטל שטרוי און דורך דעם זעלבן אָפענעם פענצטער האָט ער אים אַרויסגעוואָרפן גלייך אויף דער גאַס.

עס איז געוואָרן אַ געשריי מיט אַ טומל, פרויען האָבן אָנגעהויבן וויינען, אָבער דער זיידע האָט גאָרנישט געהערט, ער האָט געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט, ווייל אַט האָבן זיך אויף אים געוואָרפן די אַנדערע אָפיצירן, זיי האָבן געוואָלט ראַטעווען דעם כבוד פון זייער פאַרשעמטן קאָלעגע, אָבער דער זיידע האָט געקעמפט ווי אַ לייב און איינעם נאָך דעם צווייטן אַרויסגעשליידערט דורכן פענצטער, פונקט ווי עס וואָלטן געווען נישט מענטשן נאָר זעקלעך מיט קאַרטאָפל.

איינער פון מיינע פעטערס האָט זיך געוואָלט באַטייליקן אין קאַמף, אויך ער האָט געוואָלט זוכה זיין צו דערלאַנגען עמעצן אַ פּאָר קלעפּ, אָבער דער זיידע האָט אַ רעווע געטאָן:

— לאָז מיך אַליין! לאָז מיך אַליין!

ווייבער האָבן געשריגן שמע ישראל! קינדער האָבן געוויינט, דער זיידע הענאָך האָט גאָרנישט געוואָלט הערן, ער אַליין האָט אויך געשריגן, און אונדזער געשוועסטערקינד, דער מיליטערישער דאָקטער האָט זיך דערווייל געפונען אין מיטן פון געטומל, אויך ער האָט אַרויסגעצויגן זיין שווערד און איז געשטאַנען אין גרויס פאַרלעגנהייט, ווייל ער האָט זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן, וואָס ער דאַרף טאָן: פאַרטיידיקן דעם כבוד פון קייסרשן מונדיר און קעמפן קעגן דעם אייגענעם זיידע, אָדער פאַרטיידיקן דעם כבוד פון דער אייגענער משפחה און קעמפן קעגן די אָפיצירן. און נאָך איידער ער האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, האָט אים דער זיידע על־פּי טעות אויך דערלאַנגט מיט דער פויסט אין די ציינער, אָנגעכאַפּט אים ביים קאָלנער און אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער.

ווען עס איז שוין נישט געווען וועמען אַרויסצוואַרפן, האָט זיך דער זיידע הענאָך אַוועקגעזעצט ביים טיש, אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים און זיך געוואַנדן מיט אַ שמייכל צו דער משפּחה:

— נו, קינדערלעך, פאַרוואָס עסט איר נישט? דאָס עסן ווערט דאָך קאַלט.

מען האָט אָנגעהויבן עסן, פּלוצעם האָט מען באַמערקט, אַז עס פעלט אונדזער געשוועסטערקינד, דער מיליטערישער דאָקטער. איז מען אים געגאַנגען זוכן און מען האָט אים אַריינגעפירט פון דרויסן, עס איז אים גאָרנישט געשען, נאָר ער האָט אַ ביסל געבלוטיקט פון דער נאָז. דער זיידע האָט זיך פאַר אים

אַנטשולדיקט און מען האָט גענומען ממשיך זיין די סעודה. מען האָט זיך גוט געוויילט אַ גאַנצע נאַכט, ביז עס איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן.

דעם צווייטן טאָג איז דער משומד — און צוזאַמען מיט אים אַלע זיינע קאָלעגן, וואָס זענען געפלויגן דורכן פענצטער פון דער קרעטשמע — דיס־ציפּלינאַר איבערגעפירט געוואָרן אין אַן אַנדער רעגימענט.

און פּאַסירט האָט עס אין יענע ווייטע צייטן, ווען געהערשט האָט דער קיסר פראַנץ יוסף דער ערשטער, וועלכער האָט געטראָגן זילבערנע באַקנבערד, און גערופן האָט מען אים פראַנץ־יאָסל דער יידישער קיסר.

די יידן זענען דעמלט געווען קרעפטיק ווי די בערן, שטאַלצע יידן, וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט אָנשפּייען אין דער קאַשע.

ווו האָט איר היינט אַזעלכע יידן ?

יידיש : קלמן סעגאַל

אהרן מענדעלעוויטש

# ירושלים של מטה

## (פאַרצייכענונגען)

### דער בעטלער

ער זיצט ביים מאַרק "מחנה יהודה". ער איז אַלט, שטאַרק אַלט. מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד. די לאַנגע געקרייזלטע פיאות הענגען אים אַראָפּ איבער די אויערן. אַזוי, מן הסתם, האָט אויסגעזען אין די אַלטע צייטן אַ בעטלער ביים טויער פון בית המקדש. ער זיצט צונויפגעלייגט די פיס אונטער זיך, אויסגעשטרעקט די האַנט און פאַר יעדן פאַרבייגייער בעט ער אויף אַ ספּעציעלן תימנישן ניגון: "צדקה תציל ממות".

ער ווייסט ניט, דער בעטלער, אַז דאָס זאָגט מען בא אַ לווייה. און אפשר ווייסט ער יאָ, נאָר ער זאָגט עס בכיוון, כדי ווייך צו מאַכן די הערצער פון די גלייכגילטיקע.

איך גיי יעדן פרימאָרגן פאַרביי אים, שטעל זיך אָפּ, נעם אַרויס פון טאַש קליין־געלט און וואַרף עס אַריין אין אַ פּושקע, וואָס ליגט לעבן אים. ער דערקענט מיר שוין און טראָגט מיר אונטער די פּושקע, ווי נאָר ער דערזעט מיך.

האָט געטראָפן אַמאָל, אַז איך האָב פאַרגעסן אין שטוב מיין טאַש מיט דעם קליינגעלט. איך בין פאַרביי געגאַנגען. ער האָט אויסגעשטרעקט צו מיר די פּושקע. האָב איך זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק און געוואָלט גיין ווייטער. האָט ער פלוצים אַנשטאָט זיין "צדקה תציל ממות" אַנגעהויבן קלאָגן: "אין קול ואין עונה", "אין קול ואין עונה".

איך האָב אַ ציטער געטאָן. פּונקט אַזוי, מיט 40 יאָר צוריק, איז אין ווילנע געזעסן ביים פיש־מאַרק אַ בעטלערקע און מיטן זעלבן ניגון און מיט דער זעלבער פראַזע, נאָר אין יידיש געקלאָגט: "קיינער ענטפערט ניט, קיינער ענטפערט ניט". איך האָב שווייגנדיק אַרויסגענומען מיינע לעצטע 10 לירות און אים צוועקגעגעבן.

### ביי עולים חדשים

ביי אונדז אין ביוראָ רופט מען זי מרים. ביי איר אין דער שכונה רופן זי די שכנים פון רוסלאַנד, לויט דער אַלטער געוווינהייט מאַריאַ פּעטראָוונאַ. זי איז פול מיט לעבן און באַוועגונג. אויף דער אַרבעט פילט זי זיך ווי ביי זיך אין דער היים. זי לאַכט שטענדיק, מיט אַלעמען איז זי פּאַניע־בראַט. אַלע האָבן זי ליב. סך־הכל אַ יאָר, אַז זי איז געקומען פון מאָסקווע מיט אַ מאַן און 3 קינדער. זי זאָגט אָפנהערציק, אַז זי איז שוין אַלט 40 יאָר. איך וואָלט איר מער ניט געגעבן ווי 30.

— ווער בעט אייך געבן מיר? — לאַכט זי.

זי פאַרטרויט זיך מיר, אַז זי האָט בשום אופן ניט געוואָלט פאַרלאָזן מאָסקווע. זי איז דאָרט געבוירן, האָט דאָרטן קרובים און פריינט — זי איז נישט קיין יידישע, נאָר איר יידישער מאַן האָט זי פאַרשלעפּט קיין ישראל. זי לאַכט. דער מאַן האָט זי געבראַכט אין ישראל און זי האָט אים געבראַכט קיין ירושלים.

ער האָט געוואָלט בלייבן אין תל־אביב, ער איז אַ מוזיקער און האָט געהאַט גוטע אויסזיכטן אויף אַרבעט. נאָר זי

האָט זיך פאַרליבט אין ירושלים. זי האָט ליב באַקומען די שטאָט, די קליינע שמאָלע געסלעך, די ירושלימער בערג. יעדן פאַרנאַכט קוקט זי, ווי די זון פאַרגייט אין פלאַמען אין די בערג, ווי עס ציגדן זיך אָן די גרינע ליכטער אין די מושבים הינטער דער שטאָט, דער "הדסה"־שפיטאָל לויכט זיך פאַנאַנדער מיט אַלע פאַרבן. אַזוינס האָט זי קיין מאָל ניט געזען אין מאָסקווע. זי דערקלאַמירט מיר לערמאָנטאָווס ליד:

"אָ, זאָג מיר צווייגל פון פאַלעסטינע, ווו ביזטו געוואַקסן, ווו האָסטו געבליט"...

מען האָט איר דערציילט, אַז מיט יאָרן צוריק איז קיין ארץ ישראל געקומען אַ רוסישע פויערטע פון ריאַזאַן, יעליזאַוועטאַ, האָט זי געהייסן. זי האָט קיין איין וואָרט עברית ניט געקאָנט. און דאָ איז זי געוואָרן אַ באַרימטע העברעישע פאָעטעסע מיטן נאָמען אלישבע. אפשר וועל איך אויך ווערן אַ ישראלדיקע שרייבערין — שמייכלט מרים צו מיר.

איין מאָל איז זי געקומען אַ פאַרווייִנטע. וואָס איז געשען? דער מאַן אירער, דער יידישער מאַן, וויל פאַרלאָזן ישראל און פאָרן קיין דייטשלאַנד. דאָרט וועט ער פאַרדינען אַ סך מער. דאָ וויל מען אים ניט אָנערקענען. דאָרטן וועט ער זיין באַרימט. מאַריאַ פעטראָוונאַ וויינט. זי וויל ניט פאָרן, זי האָט ליב באַקומען דאָס לאַנד, די מענטשן, זי האָט ליב באַקומען ירושלים, די בערג. זי וויל מער ניט וואַנדערן. וואָס זאָל זי טאָן?...

## ביים כותל

ער איז געשטאַנען ביים כותל און געדאַוונט. אין דער לינקער האַנט, וואָס איז געווען אַרומגעוויקלט מיט די שוואַרצע רצועות פון די תפילין, האָט ער געהאַלטן אַ קליין סידורל. אין דער רעכטער האַנט — דעם "עוזי". די גלעשיך פון דער צנחנים־איינהייט זענען געווען פאַרשטויבט. דער טאַש מיט די פאַטראָנען איז געהאַנגען אונטערן בויך. איך האָב געזען, אַז ער איז מיד און שטייט קוים אויף די פיס. ער האָט זיך אָנגעשפאַרט אין וואַנט און האָט שטיל געפליסטערט. זיין פנים האָט מיר אויסגעזען עפעס ווי באַקאַנט. ווו האָב איך אים געזען? ער האָט געענדיקט דאַווענען, איך בין צו אים צוגעגאַנגען געפרעגט זיין פאַמיליען־נאָמען.

קלאָר, ער איז דאָך מיין פריינדס זון, וועמען איך האָב שוין ניט געזען 6 יאָר. איך בין געווען ביי זיין "בר־מצוה".

מיט זיין פאָטער האָבן מיר געדינט אין דער רויטער אַרמיי אין איין באַטאַליאָן. מיט זיין פאָטער האָבן מיר געטריבן די דייטשן פון קאַווקאַז, אַרומגערינגלט זיי אין אוקראַיִנע ביי קאַרסון־שעווטשענקאָווסק, פאַרסירט דעם דניעסטער. ביידע זענען מיר געלעגן פאַרוווּנדעטע אין שפיטאָל אין אונגאַרן. ער איז געווען אַ פאַרברענטער קאָמוניסט. איך האָב שוין לאַנג געהאַט פאַרלוירן דעם גלויבן אין סאָוועטישן "סאָציאַליזם". מיר פלעגן זיך שטענדיק אַמפערן צווישן זיך. איך האָב געוווּסט, אַז מיט אים בין איך זיכער.

און איינמאָל, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז אויב איך וועל בלייבן לעבן נאָך דער מלחמה און איך וועל קאָנען, וועל איך אַוועקפאָרן פון רוסלאַנד. האָט ער מיך אָנגעקוקט ווי אַ ווילדן, דערנאָך שאַרף און קורץ געענטפערט:

— דו ביסט משוגע. — אויף דעם האָב איך אים אָפגעענטפערט:

— ווער פון אונדז איז משוגע, וועלן מיר נאָך זען...

דאָס אַלץ האָב איך זיך דערמאָנט, קוקנדיק אויף דעם יונגן חייל, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון סיני און געלעגט תפילין ביים כותל.

ווי מאָדנע זענען די וועגן פון יידישן גורל.

## צער גידול בנים

איך האָב זיך מיט אים צופעליק באַקאַנט אין סופּערמאַרקעט. די ערשטע צייט פּלעגן מיר זיך נאָר גריסן, שטייענדיק ביי דער קאַסע. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן פירן שמועסן וועגן פּאָליטיק, שטייערן און דאָס גלייכן.

איך האָב אַ שוואַכקייט צו דערוויסן זיך — פון וואַנען קומען אַהער יידן. טיילמאָל דערקען איך דעם אָפּשטאַם פון יידן לויט זייער אַקצענט.

איז פון וואַנען שטאַמט ער? ער איז שוין אַן עלטערער מענטש — איז ער ניט קיין סאַברע מסתמא. קיין פּוילישער ייד איז ער ניט, קיין רומענישער אויך ניט, ניט קיין רוסישער, קיין יעקע אוודאי ניט און אויך ניט פון צפון־אַפריקע. איז פון וואַנען איז ער, — איז עפּעס נישט באַקוועם געווען צו פרעגן...

איין מאָל שטעלט ער מיך אָפּ אין גאַס, ער וויל זיך מיט מיר אַן עצה האַלטן. מיר זענען, אַזוי צו זאָגן, כמעט שוין אַלטע באַקאַנטע און ער האָט צו מיר צוטרוי.

פון וואַנען ער שטאַמט? ער שטאַמט פון בורמע. יאָ, פון בורמע. מען דאַרף זיך ניט וווּנדערן. יידן לעבן אומעטום, אפילו אין בורמע.

ווי קומט ער אַהין? דאָס איז שוין אַן אַנדער געשיכטע, ער וועט דאָס מיר דערציילן ביי אַ צווייטער געלעגנהייט. איצט האָט ער אַנדערע דאגות. דאגות פון זיינע זין.

ער האָט צוויי זין. איז איינער אַ היפּי. דאָס הייסט, ער איז געוואָרן אַ היפּי. געווען אַ נאָרמאַלער בחור, געענדיקט די גימנאַזיע, אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט אויפן יורידישן פאַקולטעט און מיט אַ מאָל זיך געענדערט.

אָנגעהויבן אָנטאָן זיך ווי די היפּיס, פאַרלאָזן אַ באָרד, די האָר אויפן קאָפּ ביז די אַקסלען פאַרבונדן מיט אַ סטענגע. מילא, דאָס איז שוין נישט דאָס ערגסטע. ער האָט אויפגעהערט צו לערנען, זיך אַרומגעדרייט מיט צווייפּלהאַפטע פאַרשוינען און אין איין העלן פרימאָרגן אַוועקגעפאָרן פון ישראל. איצט וואַנדערט ער איבער דער גאָרער וועלט, אַרבעט נישט, לערנט נישט, קיין געלט האָט ער אויך נישט. איצט האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זיין זון געפינט זיך אין נעפּאַל. ער רויכערט כאַשיש, גייט בעטלען איבער די הייזער.

דאָס אַלץ האָט מען אים איבערגעגעבן פון ישראלדיקן קאָנסולאַט אין נעפּאַל.

דאָס איז מיטן ערשטן זון. און וואָס איז מיטן צווייטן?

אויך אַ צרה, נאָר פּונקט אַ פאַרקערטע. ער האָט אויך שוין געדאַרפט ענדיקן דעם מאַטעמאַטישן פאַקולטעט פון ירושלימער אוניווערסיטעט, איז ער מיט אַ מאָל געוואָרן פרום, שטאַרק פרום. ער האָט אויך פאַרלאָזן דעם אוניווערסיטעט, זיך געדונגען אַ צימער אין מאה שערים, געוואָרן אַ ישיבה־בחור אין אַ ישיבה פון "נטורי־קרתא". לערנט טאָג און נאַכט. פאַסט צוויי מאָל אין וואָך, מאַנטיק און דאָנערשטיק. געוואָרן אַן אמתער מוסרניק. אין שטוב קומט ער זעלטן. און ווען ער קומט, עסט ער ניט ביי זיי. ס'איז פאַר אים ניט כשר. אַרבעטן, אַרבעט ער ניט. נאָר לערנט גמרא, ש"ס און פוסקים. ער איז געוואָרן דאַר, ווי אַ שטעקן. אפילו דער ראש־ישיבה ווייסט ניט, וואָס צו טאָן מיט אים.

די מוטער איז שוין קראַנק געוואָרן פון אירע ביידע זין...

— צער גידול בנים...

# מע זאָל עס דערציילן
# אין פריידן...



**הערש סמאָליאַר**

# מיט דער זעלבער האַנט

קיין שום אויסערגעוויינלעכס איז אין די קאַרגע עטלעכע ווערטער פון דער דעפּעשע נישט געווען. אַזוי געוויינלעך טעלעגראַפירט מען אַ קרובֿ, אַ פריינט, אַ חבר, ווען מע לאָזט זיך אין וועג און מ׳וויל באַגעגנט ווערן אויפן וואָקזאַל.

אין דעם פאַל איז געשען אַזוי, אַז נאָך איידער כ׳האָב איבערגעלייענט די עטלעכע געציילטע ווערטער, וואָס האָבן געגעבן "אַפּוואָרטן דינסטיק צוועלף", האָט דאָס אויג זיך פאַרהאַלטן נישט אַפּצורייסן אויף דער אונטערשריפט. אַ רגע בלויז בין איך געבליבן אַזוי ווי געליימט. אַזוי פיל, נישט מער, האָט געדויערט די פאַרלוירנקייט. באַלד איז געקומען דער קורצער ישוב מיט זיך אַליין און דער באַשלוס: נישט באַגעגענען!

און דאָך... יענעם דינסטיק בין איך געבליבן אין דער היים. געווען זיכער, אַז אַ ליאַדע מינוט וועט ער זיך באַווייזן, מיך אַנקוקן פאַרוווּנדערט, מיט דער טענה אין די העל־גרינע אויגן, פאַרוואָס כ׳בין נישט געקומען. און איך האָב זיך געגרייט אים ענטפערן, פאַדערן, אַז ער זאָל ענטפערן, דערציילן, ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען?... און דווקא ער!...

ער איז אָבער נישט געקומען. געבליבן איז די פּיינלעכע דערמאָנונג וועגן אונדזער ערשטער האָפנונגספולער באַגעגעניש נאָך דער מלחמה, אין דער נאָר־וואָס באַפרייטער שטאָט, די ערשטע באַגעגעניש וואָס איז געוואָרן די לעצטע.

* * *

די דאָזיקע באַגעגעניש איז געווען אַ מערקווירדיקער גרוס פון אַ לעבן, וואָס ביי אַלע מלחמה־צרות און פּיינען איז עס דאָך געווען אַ פאַרזעצונג פון אַ פריערדיקס, אין דער צייט, ווען אויף אונדז דאָ, אין דער אָקופּירטער שטאָט, האָט יעדע רגע געלויערט דער טויט. אין יענעם ערשטן זומער, נאָכן פאַרטרייבן די דייטשן, איז אַ גרויסע איבערלעבונג געווען צו זען אַ פּולשטענדיק־"נאָרמאַלן" מענטשן. אַלץ אויף אים איז געווען פאַרמלחמהדיק־נאָרמאַל: די בלויע טריקאָ־טאַזש־הויזן, וואָס זענען ענג־געפּאַסט צוגעשטאַנען צו זיין אויסגעוואַקסענער טאַליע און דאָס ספּאָרט־העמדל מיט דעם געדרוקטן נאָמען פון אַ גוט־באַקאַנטן, עקס־קלוזיוון ספּאָרט־קלוב. זיין לענגלעך פּנים איז געווען באַדעקט מיט אַזוי פיל

זומער־שפּרענקעלעך, אַז ערטערווייז האָט זיין הויט אויסגעזען ווי איבערגעבערענט אויף דער הייסער קאַווקאַזער זון.

געוווּסט האָט ער כמעט אַלץ, וואָס מיט מיר איז געשען בעת די מלחמה־יאָרן, און איך האָב עס אָן דער מינדסטער פאַרוווּנדערונג אויפגענומען. ער האָט עס באַמערקט און האָט גענומען אַרויספּירן מיך פון טעות. ניין, ער אַרבעט נישט מער דאָרט... נאָך אַנדערטהאַלבן צענדליק יאָר האָט מען אים באַפרייט... "ווייסט דאָך"... און דער "ווייסט דאָך" איז געווען אַ בפירושע אַנצוהערעניש אויף זיין יידישקייט. איצט פאַרנעמט ער זיך מיט ספּאָרט. יאָ, ער איז אַלע מאָל געווען אַ ספּאָרטלער. אפילו די לערע אָפּט פאַרגאַכלעסיקט. ער האָט זיך ספּע־ציאַליזירט אין וואַרפן האַמערס. ער גרייכט זייער ווייט. אַפילו אַ רעקאָרד גע־שלאָגן, פּרעמירט געוואָרן. "ווייסט דאָך" — און האָט דערביי אויסגעצויגן אַ פּאָר הענט, אויף וועלכע ס'זענען קענטיק געווען געלבלעכע רעשטן פון מאַזאָליעס — "מיטן האַמער בין איך דאָך אויסגעוואַקסן... געדענקסט די קוזניע?".

די באַגעגעניש מיט אַ מענטשן, וועלכן איך האָב געקענט פון די ייִנגסטע יאָרן, האָט געגעבן אַ געלעגנהייט צו דערמאָנען אַ סך פון אונדזערע ביידנס באַקאַנטע, זיך דערוויסן וועגן זייער גורל. וועגן אייניקע האָט ער זייער גענוי געוווּסט, וווּ־ווער עס לעבט, אַדער איז אומגעקומען. וואָס איז אָבער מיט אים געשען, פאַרוואָס האָט ער פּלוצלונג זיך אַזוי איינגעגעסן אין מיר מיט זיינע צעהעלטע גרינע אויגן, ווען כ'האָב מיט אַ באַזונדער בייגער געפרעגט וועגן אונדזער ביידנס נאָענטן — אים באַזונדער נאָענטן — אוניווערסיטעט־חבר אשר בער? זיי האָבן דאָך ביידע געוווינט אין דער דאַזיקער שטאָט און געוווּסט האָט ער דאָך נישט בלויז "אַמטלעך" וואָס איז מיט אים. פאַרוואָס איז ער אַזוי אַנט־שוויגן געוואָרן? די פּאָר קאַרגע, דורך פאַרשטשעמעטע ציין אַרויסגעזאָגטע ווערטער, האָבן זיך שווער געלייגט אויף דעם געמיט. "דו ווייסט דאָך... אַזוי איז געשען... מ'האָט געהאַקט אַ וואַלד... מ'האָט אים אויך אַוועקגענומען..."

און דאָס איז אַלץ. אויף אַלע מיינע פראַגעס, צי לעבט ער, צי איז באַוווּסט אין וועלכן לאַגער ער געפינט זיך? — האָט ער בלויז אַ הויב געטאָן זיינע ברייטע אַקסלען און מער האָב איך אין יענעם שפּעט־זומערדיקן טאָג זיך נישט דערוווּסט וועגן אונדזער ביידנס נאָענטן חבר. צונויפגערעדט האָבן מיר זיך צו טרעפן אַ צווייט מאָל. ער וויל שטאַרק וויסן מער אייגנצלהייטן ווי איז עס געווען אין געטאָ, אין וואַלד, און דער עיקר — ווי אַזוי בין איך לעבן־געבליבן....

* * *

אונדזער באַקאַנטשאַפט האָט זיך געצויגן לאַנגע יאָרן. אָנגעהויבן האָט זי זיך אין די גאָר שווערע צייטן פון בירגער־קריג. געווען איז עס נאָך אַ שחיטה, וואָס אַן אַנגעלאָפענע באַנדע האָט געמאַכט אין זיין היימיש שטעטל אין פּאָדאָליע. געהערשט האָט דאָרט גרויס נויט, ווי אין אַלע יידישע שטעטלעך. באַלעמעלאַכעס זענען אַרומגעגאַנגען ליידיק, נישט געווען ביי וואָס און מיט וואָס צו טאָן, און

שטייערן האָט מען געריסן, כאַטש נעם און פאַרזעץ ווייב און קינד. קרעמערס זענען געשטאַנען ביי פּוסטע קלייטן און האָבן אויף קיין קונים נישט געוואַרט. מ'האָט זיך דורכגעוואָרפן מיט ווערטלעך, אַ שטייגער: „אפשר פאַרלייגן מיר אַ טרעסט... אַ 'וואַזדוכטרעסט'... לופט וועט סטייען...".

אין יענער צייט בין איך אַהין געשיקט געוואָרן, אינעם שטעטל, וואָס איז מיר באַקאַנט געווען פון די מעשיות וועגן בעש"ט. געקומען בין איך צום שטעטלשן לערער ער זאָל צונויפרופן די קאָמסאָמאָלצעס, די שטעטלשע יוגנט. האָט דער לערער באַפוילן אַ יאָטל צו גיין רופן גאַרבאַטין. „ווייסט דאָך, לייבלען דעם שמידס".

געמיינט האָב איך, אַז „גאַרבאַטי" איז אַ צונאָמען פון איינעם מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס, ערשט עס באַווייזט זיך אַ יונג, וואָס האָט געמוזט איינבייגן דעם קאָפּ בעתן דורכגיין די שול-טיר. מיין האַנט האָב איך נאָך זיין „זדראַסטיע" אַרויסגעצויגן אַ צונויפגעקאַרטשעטע פון ווייטיק. אַזאַ כוח איז אין אים געווען. גאַרבאַטי — אַזאַ איז געווען זיין פאַמיליע-נאָמען — האָט צוזאַמען מיטן טאַטן געשמידט פּויערישע פערד. געזאָגט האָט מען אויף אים, אַז ער בייגט אַ פּאַדקאָווע אַזוי, ווי זי וואָלט געווען פון וואַקס...

אויף מיין פאָרשלאָג צונויפרופן די שטעטלשע יוגנט, האָב איך באַקומען אַן ענטפער וואָס האָט מיך געפּלעפט. ער האָט געזאָגט, אַז מען וועט מוזן קודם באַזאָרגן זיך מיט מיליץ, אויך צוגרייטן עטלעכע געזונטע יאַטן. אויף מיין פראַגע: צו וואָס? פאַרוואָס? — האָט ער זיך פון מיר אָפּגעקערט, ערשט נאָך דעם, גרינגשעצנדיק מיך דעם „מענטש פון צענטער", געזאָגט:

— „וואָס ווייסט איר דאָרט, אין דער סטאָליצע?! דאָ קען מען זיך אויף אַלץ ריכטן".

געמיינט האָב איך, אַז גאַרבאַטיס באַוואָרענישן האָבן אַ שייכות צו דער געפאַר פון אַ נייעם באַנדיטישן אָנפאַל. אַזעלכעס פלעגט אין יענער צייט געשען. אַרויסגעוויזן האָט זיך עפּעס אַנדערש. אין אָנהייב האָט דער עולם אין דעם פּול-געפּאַקטן שול-קלאַס מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט, גאָר באַזונדערס ווען כ'האָב גערעדט וועגן קאַמף קעגן די פּאַגראָמשטשיקעס, וועגן די הונדערטער טויזנטער אויסגעקוילעטע יידן, וועגן די אלמנות און יתומים. איך האָב געפילט אויף זיך אָנגעשטרענגטע, צעווייטיקטע, דערהצאַרנטע בליקן. דער עיקר האָבן מיך דערמו־טיקט גאַרבאַטיס ברייט-צעעפנטע מויל און אויגן. ווי נאָר אָבער כ'בין אַריבער צו אַלגעמיין-פּאָליטישע ענינים, האָט אין שול-צימער זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג, וואָס האָט בפירוש געצילט מיך צו שטערן. כ'האָב גענומען פלאָנטערן די רייד. דאָ האָט גאַרבאַטי זיך אויפגעשטעלט, אויסגעשטרעקט אין מיין זייט זיין רעכטע האַנט — אַ מין בערישע לאַפּע! — באַפוילנדיק מיר איבערצורייסן. באַלד האָט ער אַלעמען איבערגעשריגן מיט זיין וואָרענונג: „איר וועט אַנטשטומט ווערן, אַנישט — וועט איר מיט מיר האָבן צו טאָן!". דער עולם האָט זיך אָבער נישט באַרויקט. פאַרקערט, ס'האָבן גענומען זיך הערן דראָענדיקע אויסרופן:

„מיר האָבן קיין מורא נישט!", „גיט אונדז אַרבעט!", „פאַרעדט אונדז נישט די ציין!", „פאַרוואָס לאָזט מען אונדז נישט לערנען?!". כ'האָב דערזען, ווי אייניקע האָבן זיך גענומען רוקן אין מיין זייט. באַלד האָט גאַרבאַטי מיט זיין צוואַקסענעם גוף מיך פאַרשטעלט און מיט אויסגעשטרעקטע פויסטן מיך באַשיצט.

ביז צום אָפּגיין פון צוג בין איך געזעסן אין דער קופּע, זיך צוגעקוקט צו גאַרבאַטיס פליִנקען איבערוואַרפן דעם אָנגעגליטן אייזן פון איין זייט אויף דער צווייטער. אויף אַ מינוט האָט ער זיך צוגעזעצט צו מיר, אָפּגעווישט דעם שווייס און ווי וועלנדיק מיך טרייסטן געזאָגט:

— „אַזוי, אַזוי ברודערקע, זעט עס דאָ אויס. באַלד וועלן מיר שוין האָבן אייגענע, שטעטלשע באַנדעס"...

אויף מיינע רייד, אַז מ'דאַרף מיט חברה רעדן, דערציילן, אויפקלערן, האָט גאַרבאַטי געענטפערט, אַז אויף רעדן איז ער קיין מייסטער נישט. זאָלן קומען מענטשן פון דער גובערניע...

דעמלט טאַקע איז אויף אונדזער זיצונג אין גובערניאַלן קאָמיטעט פון קאָמסאָמאָל אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס צו שיקן לייבל גאַרבאַטין לערנען אין דער גרויסער שטאָט. מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער איז געקומען קיין מאָסקווע אָפּגעבן עקזאַמענעס אין אוניווערסיטעט, האָבן מיר זיך דערפילט גאָר היימיש. ער, מסתמא דערפאַר, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז דאָס האָב איך אים געהאָלפן דערגיין אַזש ביז מאָסקווע; איך ווידער — געדענקענדיק, אַז דאָס האָט ער מיך באַשיצט פון אויפגעבראָוזטן יונגן עולם.

אָפט פלעגט ער זיך ווענדן צו מיר נאָך הילף. די לערע איז אים שווער אָנגעקומען. האָב איך זיך צונויפגערעדט מיט איינעם פון די בעסטע און עלטסטע לויט די יאָרן און געזעלשאַפטלעכער דערפאַרונג סטודענטן פון אונדזער קורס, מיט אשר בערן, אַז ער זאָל נעמען די שטענדיקע אויפזיכט איבער גאַרבאַטין. מיט דער צייט האָט זיך צווישןביידע איינגעשטעלט אַ נאָענטע פריינדשאַפט. גאַרבאַטי פלעגט זיך גוטמוטיק צעשמייכלען, ווען בער פלעגט אים ווינטשן צו האָבן אין קאָפּ אַזוי פיל, ווי אין די ידיים. ער פלעגט אַפילו פּרוּוון דעליקאַט אַ גלעט טאָן זיין „רבי" איבערן פולשטענדיקן ליסן שאַרבן, בער האָט אָבער דערביי זיך אַזוי פאַרקרימט, אַקוראַט ווי מ'וואָלט אים אַ קעם געטאָן מיט אַן אייזערנער קאַם.

אַ צעשטראַלטער איז גאַרבאַטי געקומען מיר אָנזאָגן, נאָך די אַרויסלאָזעקזאַמענס, אַז ער ווערט געשיקט אַרבעטן אין דער זעלבער שטאָט, וווּהין אשר בער פאָרט אַלס הויפּט-רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער יידישער צייטונג.

* * *

נישט געפּרוּווט זאָל מען ווערן צו געפינען זיך אין שכנות מיט נאָענטע, אַלטע באַקאַנטע, אפילו חברים און... נישט קענען זיך זען מיט זיי. איך בין געזעסן אין אַ האָטעל-צימער נישט טאָרנדיק אַרויסגיין ביי טאָג אויף דער גאַס. צופיל מענטשן האָבן אין דער דאָזיקער שטאָט מיך געקענט און מיר איז פאַר-

געשטאַנען אַ ליאַדע טאָג צו "שוואַרצן" די גרענעץ, קיין פוילן. איך האָב געמוזט בלייבן אַן אַבסאָלוט פּאַרקאַנספּירירטער.

אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר — און אין צימער איז אַריין... לייב גאַרבאַטי. פון זיינע צוגעזשמורעטע קעצישע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ כיטרער שמייכל. איך האָב שנעל אַרויסגעשלעפּט מיין האַנט פון זיינער. כ'האָב ביי אים גאָרנישט געפרעגט, וועלנדיק אויסמיידן פּראַגעס פון זיין זייט. ער אַליין אָבער האָט מיט שטאָלץ אָנגעזאָגט, אַז "זיין אמט" ווייס אויך "וועגן אייערע ענייני ם", אַנדייטנדיק, אויף מיין ספּעציעלער לאַגע. געפרעגט האָב איך אים בלויז, צי אַלע יאָרן נאָכן אוניווערסיטעט אַרבעט ער "אין די אָרגאַנען" (אַזוי פלעגט מען באַצייכענען די גע.פּע.או.). יאָ, די גאַנצע צייט. "פּאַראַן יידישע זאַכן. מ'דאַרף זיך אויף זיי קענען"... מיט אשר בערן טרעפט ער זיך. אָ, יענער איז הויך געשטיגן. "אַ קאָפּ־מענטש". פּאַראַן דאָ אויך אַנדערע אונדזערע אַבסאָלווענטן. אַלע טוען פּאַר־אַנטוואָרטלעכע אַרבעט. ער האָט זיך מיט מיר זייער וואַרעם געזעגנט מיטן ווונטש, אַז כ'זאָל זיך האַלטן און נישט אַריינפאַלן און "לאָמיר זיך ווידער טרעפן ווי אין די אַלטע צייטן".

* * *

פון יענער באַגעגעניש נאָך דער מלחמה אין דער נאַר־וואָס באַפרייטער שטאָט, האָב איך לייב גאַרבאַטין אויסגעמיטן, נישט געוואָלט מער זען די שטאַרק־געשפּרענקלטע צורה, אויף וועלכער עס איז קיין סימן, קיין שפּור פון דער מלחמה נישט געווען. איך האָב געפילט, אַז ער באַהאַלט עפּעס אויס פון מיר. פאַרוואָס טוט ער עס, וויבאַלד ער אַליין, ווי ער זאָגט, איז אַ געליטענער. צוליב זיין יידישקייט? כאָטש, ווי ער האָט מיר אַ מאָל געהאַט געזאָגט, פאַרנעמט מען זיך דאָרט "מיט יידישע זאַכן, אויף וועלכע מען דאַרף זיך קענען". און ער קען זיך דאָך...

בעת אַ רייזע קיין מאָסקווע האָב איך זיך דערוווּסט, אַז פון עוואַקואַציע — גיכער פון פאַרשיקונג, האָט זיך אומגעקערט בערס פרוי, אויך אַ געוועזענע סטודענטין פון אונדזער אוניווערסיטעט. זי האָט זיך פאַרהאַלטן ביי באַקאַנטע אין דער הויפּטשטאָט. כ'בין אַוועק צו איר. לאַנג האָבן מיר ביידע קיין וואָרט נישט געקענט אויסרעדן. מיר האָבן אייגער אין דעם צווייטנס אויגן געקוקט, אַרויסלייענענדיק די אָנגעזאַמלטע פּיין. איר טאַטן, דעם אַלטן אַרבעטער־טוער, האָט מען דערמאָרדעט. אויך די מאַמע לעבט נישט. און וועגן אשרן "...האָסט שוין אַוודאי געהערט..." זי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

— יאָ, געהערט... כ'האָב געטראָפן גאַרבאַטין...

זי האָט זיך האַסטיק אַ קער געטאָן צו מיר. איר פּנים איז געוואָרן טויט־בלאַס. כ'האָב זי אָנגענומען ביי דער האַנט, געפּרווט באַרויקן. זי איז געבליבן זיצן פאַרשטאַרט מיט שווער אַראָפּגעפאַלענע אויגן־לעפלעך. כ'האָב קוים דער־הערט אירע רייד:

— און דו האָסט זיין האַנט געהאַלטן... די זעלבע האַנט...

דערוווּסט האָט זי זיך פון אַ באַקאַנטן, וועלכער איז מיט אשר בערן אין איין תפיסה־קאַמער געזעסן. צוריקגעבראַכטע פונעם אויספאַרשער (זעלטן ווער איז אויף די פיס געשטאַנען) האָבן מיט שווידער דערציילט וועגן די ווילדע מעשים פון מאַיאָר גאַרבאַטי. בער האָט נישט געוואָלט גלויבן. ער קען דאָך גאַרבאַטין יאָרנלאַנג. ער איז אַן אידעישער, ערלעכער מענטש.

פון דעם אויספאַרשער האָט מען אשר בערן נישט צוריק געבראַכט אין דער תפיסה־קאַמער. געוועזן אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן געהערט וועגן בערס לאַנגיאָריקער באַקאַנטשאַפט מיט גאַרבאַטין, האָבן זיי געלאָזט אַ קלאַנג, אַז מסתמא איז אים דער דאָזיקער זכות בייגעשטאַנען, כאָטש קיינער האָט נישט געהערט, אַז עמעצער זאָל פון דאַנעט אַרויס אויף דער פריי.

וואָס איז פאָרגעקומען ביי גאַרבאַטין אין קאַבינעט, ווען מ'האָט צו אים אַריינגעפירט אשר בערן, וואָס האָבן געהאַט צו זאָגן איינער דעם צווייטן די אַלטע חברים — איינער אַלס אויספאָרשער און דער צווייטער אַלס באַשולדיקטער — דאָס ווייסט מען נישט. קענענדיק ביידע פון דער שול־באַנק און נאָך פריער, וואָלט איך אפשר מיט דער הילף פון דער פאַרשטעלונגס־קראַפט און לויט דעם, וואָס געוועזענע אַרעסטאַנטן האָבן דערציילט, געקאָנט אַן ערך אויפשטעלן דעם דיאַלאָג, וועלכער האָט, ווי אַלע מאָל, זיך אַוודאי פאַרענדיקט מיטן אויספאָרשערס "מאַנאָלאָג" — מיט די געמיינסטע, ווילדסטע, טיף־באַליידיקנדיקסטע זידל־ווערטער, וואָס בלויז די רוסישע שפּראַך פאַרמאָגט אַזעלכע.

איינס איז אויף זיכער באַוווּסט: פון גאַרבאַטיס קאַבינעט האָט מען דעם אַלטן יידישן אַרבעטער־טוער אַרויסגעטראָגן מיט אַ צעשמעטערטן קאָפּ.

די זעלבע האַנט, וואָס האָט געהאַט אַ מאָל געגלעט די ליסענע פונעם "קאָפּ־מענטש", האָט אַ סוף געמאַכט צום לעבן פון זיין אייגענעם חבר און לערער.

---

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## לייב ראָכמאַן — לאַורעאַט פון פרס ראש הממשלה

מיט באַזונדערער פרייד נעמען מיר אויף די ידיעה, אַז די היי־יאָריקע, די דריטע פאַרטיילונג, פון "פרס ראש הממשלה" פאַר אַ יידיש־שרייבער, ווערט צוגעטיילט דעם אָריגינעלן און פאַרדינסטפולן יידישן שרייבער **לייב ראָכמאַן** פון ירושלים.

מיר באַגריסן אייך, פריינד לייב ראָכמאַן, מיט דער באמת פאַרדינטער הויכער אויסצייכענונג פאַר אייערע ווערק און ווינטשן אייך לאַנגע יאָרן פון אומאויפהערלעכער שעפערישער שפע.

יידישע שרייבער־גרופּע פון ירושלים
ירושלימער אַלמאַנאַך

אסתר ראָזענטאַל (שניידערמאַן)

# דער וועג צום טראַמפּלין *

## ב. נאָסטאַלגיע

דער שכל זאָגט איינס, דאָס האַרץ טוט זיך אָבער זיינס. דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך דעמאָלט געשעמט און נאָר מיט האַלבע ווערטער געגעבן אָנצוהערן מיינע באַענטסטע, וואָס אין מיר קומט פאָר. ווייל אין יענע טעג, ריכטיקער געזאָגט — אין יענע שלאָפלאָזע נעכט, האָט זיך געטאָן אין מיר עפּעס אַזוינס, וואָס האָט מיך אַליין געמאַכט שטוינען.

נאָך העכער דרייסיק יאָר האָבן אין זכרון אָנגעהויבן אויפוואַכן פאַרגעסענע מענטשן און בלאַס־געוואָרענע געשעענישן פון מיין אַלטער היים. ניט אַזוי פון וואַרשע, ווי פון מיין געבוירן־שטאָט טשענסטאָכאָוו. נעכט דורכאַנאַנד ליג איך אַ וואַכע און לעב איבער אויף ס'ניי מיט אַן אומגעהויערער פּרישקייט פּרטים פון מיין קינדהייט און יוגנט. נאָך יאָרן פון פאַרגעסן האָט איצט אַלץ אָנגענומען גליקלעך־ראָזעווע פאַרבן — אפילו דאָס, וואָס איז אין דערווירקלעכקייט גאָרניט געווען אַזוי ראָז.

דער ווייטער נעכטן, וואָס איז שוין לאַנגע יאָרן געווען פאַר מיר מטושטש און אויסגעוועבט, האָט זיך איצט, אין מיינע וואַכע נעכט, פאַרוואַנדלט אין אַ „היינט", ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. און כ'באַוויז זיך ניט אַרומצוקוקן ווי מיין „נעכטיקער היינט" ווערט ניט בלויז פריש, נייערט צאַפּלדיק אינטערעסאַנט. און איך וווּנדער זיך: ווי האָב איך דאָס אַלץ ביז איצט ניט געזען? און אַ בענקעניש, וואָס אַ מאָל אַ שטאַרקערע, האָט גענאָגט און געגאָגט און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ הייסן ווילן איבערצולעבן דאָס אַלץ אויף ס'ניי, אויף דער וואָר.

אין פּוילן, אין די יונגע שטורמישע יאָרן, בין איך מיט מיין גאַנצן אַרט־לעבן ווייט אָוועק פון כמעט אַלע קרובים מיינע. כ'האָב צו זיי ניט געהאַט קיין באַזונדערן אינטערעס. ווער האָט עס צייט געהאַט זיך צו שפּילן אין אַזעלכע „קליינבירגערלעכע סענטימענטן" ווי אָנהאַלטן באַציונגען מיט קרובים?

אין גאַנצן ריזיקן ראַטנפאַרבאַנד האָט קיין מאָל קיין איין קרוב מיינער ניט געוווינט, ניט קיין נאָענטער און ניט קיין ווייטער. דאָ בין איך געווען אין

* פאַרזעצונג. זע: „ירושלימער אַלמאַנאַך" נומ' 2—3, 1974.

פּולן זין פון וואַרט אַ רונדיקע יתומה. די דרייסיק יאָר לעבן, איזאָלירטע און ווייטע, האָבן אָפּגעטעמפּט יעדעס רעשטל געפיל צו בלוט־אייגענע, איבערהויפּט צו די, וואָס האָבן זיך מאַטעריעל געהאַט אַ קאַפּעטשקע אַרויסגעריסן פון קבצ־נישקייט — צו די "קליינבירגער". פון לאַנג שוין האָבן אויך אויפגעהערט פאַר מיר צו עקזיסטירן מיינע יוגנט־חברים און פריינד, וועלכע כ'האָב איבערגעלאָזן אין פּוילן. פון מיין האַרץ איז פאַרשוווּנדן די וואַרעמקייט אפילו צו די, וועמען כ'בין געווען אַ בעל־חוב — ניט ווייניק געהאַט צו פאַרדאַנקען מיין גייסטיקן וווּקס און אַנטוויקלונג. ס'איז אַ שאַנדע צו דערציילן: כ'האָב שוין אפילו געהאַט פאַרגעסן, ווי אַ סך פון זיי האָבן אַ מאָל אויסגעזען...

אָבער איצט, אין די שלאָפלאָזע נעכט, האָב איך אָנגעהויבן זוכן און ציילן אין זכרון און אין האַרצן: וואַרט, וויפל זענען זיי עס געווען? למשל, אין מיין געבוירנשטאָט טשענסטאָכאָוו? כ'וועל איבעראַשט, פון סך־הכל גוטע פריינד — אָן אַ שיעור. משפחה־מיטגלידער — עטלעכע צענדליק, ניין, אַ סך, גאָר אַ סך צענדליקער!! און אין וואַרשע? וויפל בלוט־אייגענע קרובים האָב איך איבער־געלאָזט אין וואַרשע? אַזוי פיל? — ווער איך ווידער איבעראַשט פון זייער גרויסער צאָל. און נאָענטע פריינד? כ'וועל גאָר פאַרפּלאָנטערט ביים ציילן. און אין לאָדזש? אויך אַ היפּש ביסל... איז וויפל זענען זיי געווען אָרום און אָרום? ס'וואָלט געווען כדאי צונויפצושטעלן אַ רשימה — פאַלט מיר איין — פאַר־שרייבן אין אַ לאַנגער שורה זייערע פאַמיליעס און נעמען.

אָבער איצט איז דאָך טיפע נאַכט, אַלע אַרום זענען פאַרזונקען אין שלאָף. נאָר איך איינע ליג מיט אָפענע אויגן און צייל. אַלע מאָל צייל איך אויף ס'ניי. און אַלע מאָל איז דער סך הכל אַן אַנדערער: אָדער מיט עטלעכע מענטשן מער, אָדער מיט עטלעכע — ווייניקער. באַשליס איך זיך צו באַנוגענען מיט רונדיקע צענדליקער. דאָס איז לייכטער. טאָ לאָמיר אָנהייבן דעם חשבון פון ס'ניי. קרובים — העכער זעקס צענדליק. און אפשר האָב איך עמעצן פאַרגעסן? זיכער האָב איך פאַרגעסן. כ'האָב דאָך אפילו ניט אַלעמען ווי געהעריק געקענט. ווער האָט דאָס פון מיינס גלייכן נאָכגעפאָלגט נאָך חתונות און געבורטן ביי קרובים? דאָס איז געווען אַן ענין פאַר "קליינבירגער"...

נאָר זע, יעדער פון די, וועלכע לעבן איצט ווידער אויף אין מיין דמיון, איז דאָך געווען אַ גאַנצע וועלט פאַר זיך!... אמת, אַן אַנדער וועלט ווי מיינע, לגמרי אַן אַנדערע. נאָר ווו שטייט עס געשריבן, אַז זייערע וועלטן זענען געווען ווייניקער אינטערעסאַנט און ווייניקער נאָבעלע, ווי מיינע?

אָבער פּלוצלינג טוט אַ שאַרפער שניט אין האַרצן: דאָס איז דאָך שוין לאַנג פאַרביי!... נישטאָ מער... פאַרשניטן, אויסגעראָטן... יונג און אַלט, קליין און גרויס!... נישטאָ מער קיינער! און איך פיל — די האָר אויפן קאָפּ שטעלן זיך מיר קאַפּויער. ס'איז איבער מיינע כוחות איינצוליגן אויפן געלעגער. שפּרינג איך אויף און אין דער פינצטער, פאַרזיכטיק, כדי ניט אויפצוּוועקן די שטוביקע, הייב איך אָן שפּרייזן אַ באַרוועסע אין דעם שמאָלינקן דורכגאַנג צווישן די אויס־

געשטעלטע אויף ביי נאַכט בעטלעך. אַהין און צוריק, אַהין און צוריק, ווי אַ געפאַנגענע חיה אין שטייג...

און אין די דאָזיקע שווערע מינוטן ווערט אין מיר אַנטשוויגן דער ווירדיקער מענטש, וואָס בייטאָג שטרעבט ער פאַר יעדן פּרייז אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם יאָך און אַנטלויפן פון דער יאָרנלאַנגער מאַראַלישער בלאָטע. דער שטאַרקער ווילן טרעט איצט אָפּ פאַר דעם פשוטן געפיל פון פחד. איך שרעק זיך פאַר דער פוסטקייט, וואָס וואַרט אויף מיר דאָרט אין מיין געבוירנלאַנד. און זי, די שרעק, נעמט די אויבערהאַנט: "ווער וואַרט דאָרט אויף דיר? באַטראַכט זיך נאָר גוט: צי וועסטו האָבן גענוג כוח צו קומען אַהין אויף אומבאַוווּסטע קברים פון טאַטע־מאַמע, ברידער, קרובים און פריינד?", צי וועל איך זיין אימשטאַנד אפילו אַ קורץ שטיקל צייט צו טרעטן אויף די חורבות פון די פּויליש־יידישע שטעט און שטעטלעך? דאָס איז דאָך איבער מיינע כוחות!... "און פון וואַנען ביסטו עס אַזוי זיכער, אַז פון דאָרטן וועט דיר געלינגען זיך אַרויסצורייסן קיין ישראל?... ס'קען דאָך גריילעך געשען, אַז דו וועסט בלייבן שטעקן אויף די קברים!!...".

מאָרגן דאַרף מען זיך צוריקציען פון דעם גאַנצן ענין... טאַקע שוין, מאָרגן, כל זמן ס'איז נאָך ניט שפּעט!...

אָן אויסגעשעפּטע פלעג איך צוריקגיין אויף מיין געלעגער, פאַרדעקן זיך ביז איבערן קאָפּ מיט דער קאָלדרע: קיינער דאַרף ניט הערן דאָס דערשטיקטע געוויין. זאָלן זיי שלאָפן רויק. אויף יעדן וואַרט דאָך אַ טאָג פון שווערער האָ־רעוואַניע און זאָרג.

נאָך דעם באַפאַלט מיך אַ שווערער שלאָף מיט משונהדיק פאַרפּלאָנטערטע חלומות, וואָס לאָזן איבער אַ ווייטיקדיק נאָגעניש אויפן גאַנצן טאָג.

אַזוי נאַכט איין, נאַכט אויס.

### ג. געבענטשט זאָל זיין די שעה!

נאָך די קאַשמאַרע נעכט קומען אָבער ניכטערע טעג, פאַרפילטע מיט באַגע־גענישן מיט די פאָר גאָר־באַנטסטע פריינד. מיט די, וועמען מיר האָבן אָנ־פאַרטרויט אונדזער ריזיקאַלישן פּלאַן. מיר טרעפן זיך איצטער עפטער ווי פריער, ווייל מיט זיי אין איינעם מאַכן מיר דעם חשבון. זיי וועגן און מעסטן יעדן "פאַר" און יעדן "קעגן". קודם כל די ריזיקע: ס'זענען ערשט פאַרביי קוים עט־לעכע יאָר (אין 1952 האָרט פאַר סטאַלינס טויט), זינט די מ.ג.ב. האָט מיך דאָס לעצטע מאָל אָפּגעהאַלטן לאַנגע פיינלעכע שעהן ביי זיך, כדי "אויסצוקלאָרן" אייניקע פּרטים וועגן מיין פאַרגאַנגענהייט, איבערהויפּט אין ביראָבידזשאַן". אָנ־הייבן זיך באַמיען וועגן פאַרלאָזן דאָס לאַנד הייסט דערמאָנען דער מ.ג.ב. וועגן זיך. הייסט אַליין קריכן דעם וואָלף גלייך אין פּיסק אַריין. ס'איז קיין ספק ניט — איצט וועלן זיי זיך אויף ס'ניי און מער גרינטלעך אָנהייבן גריבלען אין מיין טייל־ווייזן פאַרגעסענעם בעכטן. און דערפאַר, הגם אָפיציעל לויטן אָפּמאַך מיט פּוילן און ראַטנפאַרבאַנד זענען זיי מחויב מיך אַרויסצולאָזן, האָב איך דאָך זייער ווייניק

שאַנסן צו באַקומען די הסכמה דערויף. אונדזער פריינד שלמה גיטערמאַן פאַר־מולירט אויף זיין שטייגער, מיט מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט: "דו ווייסט צו פיל וועגן דעם, וואָס מ׳האָט דאָ אָפּגעטאָן מיט אונדזער קולטור, מיט דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט, מיט די שעפער און בויער. ביסט צו נאָענט געשטאַנען צו דער יידישער אַרבעט, צו די אומגעבראַכטע קדושים, צו די פאַרניכטעטע גייסטיקע אוצרות. הכלל — האָסט צו פיל וואָס צו דערציילן, און דער עיקר — "זיי" ווייסן: ביידע קענט איר האַלטן אַ פען אין האַנט..."."

רעדט דאָס אַלץ קעגן דעם מיר זאָלן אָנגעבן אין "אָוויר" די ביטע אויף אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן פון לאַנד? ווייל ס׳איז דאָך קיין ספק ניט, אַז אויב ס׳וועט פון דער מ.ג.ב. קומען אַן אָפּזאָג, ווערט מיין פּאָליטישע ביאָגראַפיע באַרייכערט מיט נאָך אַ שפּאָגל נייעם פאַקט: נאָך דריי צענדליק יאָר לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון סאָוועטישער בירגערשאַפט און פאַרלאָזן דאָס קאָמוניסטישע פאָטערלאַנד.

און דעמאָלט וועט פאַר מיין מאַן און פאַר מיר זיך אָנהייבן אַ נייע תקופה פון צרות. ניט וויכטיק, וואָס מיר לעבן שוין באַלד אַ יאָר נאָך דעם צוואַנציקסטן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר. האָט מען דאָך גאָר ניט לאַנג, אין גאַנצן מיט עטלעכע חדשים צוריק (זומער 1957), פאַרמישפּט פאַר יידישן נאַציאָנאַליזם אויף 5 יאָר קאַטאָרגע אונדזער לאַנגיאָריקן שטוב־פריינד, דעם קראַנקן 70־יעריקן ברוך זוויסמאַן (מ׳האָט אים געמשפּט אין קיעוו צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יידישע מענטשן).

איז דאָך דער געזונטער לאָגישער אויספיר: רוף ניט אַרויס דעם וואָלף פון וואַלד! און דאָך... אין קעגנזאַץ צום גראַדן שכל קומען מיר מיט די זעלבע באַנעטסטע פריינד אונדזערע פּונקט צום פאַרקערטן אויספיר: עס לוינט גריילעך צו ריזיקירן. עס לוינט, אפילו ווען ס׳איז פאַראַן נישט מער ווי איין שוואַכינקער שאַנס אויף דערפאָלג. וואָרום וואָס האָבן מיר דאָ צו פאַרלירן? די אַטמאָספער פון אומזיניקן מאַסן־מאָרד, אין וועלכן מיר "לעבן" אַלע דריי צענדליק יאָר? די אַטמאָספער פון מאָרדן, געכפּלטע אויף אומדערהערטער יעזואיטישער צביעות? ווי לאַנג קען מען אָטעמען מיט דער לופט פון מיליאָנען קברים, צעוואָרפענע איבער די שטרעקעס פון קאַלטן סיביר און אייזיקן צפון? מיט די שאַטנס פון די פאַרפייניקטע בעסטע זין און טעכטער פון מיין אייגן פאָלק? פון נאָענטע פריינד? ווי לאַנג וועל איך זיין בכוח אָוועקצודרייען דעם קאָפּ, ווען איך גיי ביט, נאָר כ׳לויף פאַרביי מיט האַרצקלאַפּעניש די צענדליקער בנינים און גאַסן, ווו עס זענען אַמאָל געווען טעטיק יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, מיט וועלכע כ׳בין געווען געקנופּט און געבונדן?... און ווי לאַנג קען מען זיך אַרומדרייען אויפן מאַסן־קבר פון אַלע אַן אויסנאַם פּרעכטיקע יידישע קולטור־אַנשטאַלטן אין גאַנצן סאָוועטנפאַרבאַנד?

אַ בלוטיקער סך־הכל. און מיט אַ קללה אויף די ליפּן פירן מיר אונטער

דעם שטריך: יאָ, עס לוינט צו ריזיקירן, טראָץ אַלע סכנות. עס לוינט מאַכן דעם פּרווו זיך אַרויסצורייסן פון דאַנען.

און אויב דאָס מזל וועט טאַקע צושפּילן, איז דאָך פּוילן נאָר דער ערשטער עטאַפּ, אונדזער צוקונפט זעען מיר ניט דאָרט, נאָר ווייטער, ווייטער... אין דער אמתער היים! דאָס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך. אָבער וועגן דעם איז גלייכער צו שווייגן. גיט מען אייגער דעם אַנדערן נאָר אָנצוהערן מיט אַ ווונק, העכסטנס מיט אַ רמז, און פאַר פרייד שפּרינגט דיין האַרץ שיער ניט אַרויס פון גוף!

קיין סך ווייסן מיר ניט וועגן די מעגלעכקייטן, וואָס יידן פון סאָציאַליסטישן פּוילן האָבן אַרויסצופאָרן קיין ישראל. אָבער דאָך דערגייען צו אונדז וועגן דעם ידיעות אַ מאָל פון דער אויפגעכאַפּטער אוידיציע פון ירושלים, אַ מאָל פון צווישן די שורות אין די אַנטי־ישראלדיקע נאָטיצן אין דער וואַרשעווער יידישער טאָגצייטונג "פאָלקס־שטימע", וועלכע מאָסקווער גוטע פריינד שיקן אונדז צו פון צייט צו צייט. אָבער עפּטער פון אַלץ — דורך די אָנצוהערענישן אין די בריוו, וואָס געציילטע קיעווער יידישע משפחות באַקומען פון זייערע פריינד אין פּוילן. און דאָס וואָרט "טראַמפּלין" באַקומט ביי אונדז אַ באַזונדערע מאַגישע צוציונגס־קראַפט...

"קיינעם פון אונדז האָט אַזוי דאָס מזל ניט צוגעשפּילט ווי דיר, מיר וואָלטן צופוס אַוועק פון דאַנען. ביסט געבוירן אין אַ העמדל" — פרייען זיך מיט אונדזער פרייד האַרציקע טייערע חברים.

אוןווירקלעך, דאָס איז דאָך כמעט אַן אומגלויבלעכער שאַנס אין אונדזער לעבן! דער גורל וויל, אַז גראָד איך בין, וואַרשיינלעך, די איין און איינציקע פון אַלע לעבנגעבליבענע קיעווער און ביראָבידזשאַנער אַמאָליקע יידישע קולטור־טוער, פאַר וועלכער ס'עפנט זיך הייגט — אין דער צוויטער העלפט פופציקער יאָרן — דאָס שמאָלינקע טירעלע פון באַפרייונג! און איך בין, זעט אויס, די, וואָס דאַרף דאָרט אויף דער פריי — אין דער היים — דערציילן וואָס איך ווייס וועגן דער פאַנאַנדערבליונג און וועגן דער פאַרניכטונג פון דער סאָוועטיש־יידישער קולטור. דאָס איז דאָך אַ ניט דערדעדטער, אָבער אַ זעלבסטפאַרשטענד־לעכער אָנזאָג פון די, וואָס בלייבן דאָ איבער!

איז געבענטשט זאָל זיין די שעה, ווען כ'בין אַריבערגעטראָטן די שוועל פון פּוילישן קאָנסולאַט אויף דער לעוואַשאָווסקע־גאַס!

**ד. בריוו**

זינט איך האָב באַטראָטן די שוועל פון פּוילישן קאָנסולאַט, האָט זיך אָנגע־הויבן פאַר מיין מאַן און מיר אַ לעבן פאַרפולט מיט נייעם אינהאַלט. די ראָד האָט זיך אָנגעהויבן דרייען צו מערב — דערווייל צו דער פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק.

גאָר גיך האָבן מיינע נאָענטע פּאַרטיי־חברים פון די "פאַראייניקטע", (איצ־

טיקע מיטגלידער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי), דערפרייטע מיט דער ידיעה, אַז פאַר מיר עפּנט זיך די גליקלעכע מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן דעם ראַטנפאַרבאַנד, אַנגעהויבן שיקן קיין מאָסקווע צו דער פּוילישער אַמבאַסאַדע און צו דער סאָוועטישער מ.ג.ב. באַשטעטיקונגען מיט אַ סך חשובע שטעמפּלען פון פאַרשיידענע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. זייער נוסח איז געווען לערך אַזאַ:

מיר, געוועזענע פּוילישע קאָמוניסטן, באַשטעטיקן, אַז אסתר פוקס, וועלכע לעבט זינט 1926 אין ראַטנפאַרבאַנד אונטערן נאָמען שניידערמאַן שרה, איז ווירקלעך געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער אונטערערדישער פּוילישער קאָמ־פּאַרטיי זינט אָנהייב צוואַנציקער יאָרן.

צווישן די, וואָס האָבן זיך באמיט וואָס שנעלער צוצושיקן אַזעלכע באַש־טעטיקונגען, זיינען אויך געווען ביידע קראָווטשינסקיס, די אַמאָליקע וואַרשעווער אונטערערדישע קעמפער אין דער פּאַרטיי "פּאַראייניקטע" — חומטשע און יאַשע פייגנבוים, וועלכע האָבן איצט געוווינט אין מאָסקווע. צוגעשיקט אַ באַשטע־טיקונג האָט אויך דער באַקאַנטער אין אַמאָליקן יידישן אַרבעטער־פּוילן יצחק גאַרדין ("דער שוואַרצער יצחק", וועלכער פּרעדיקט איצט ווייטער אין פּוילן זיינע סימפּאַטיעס צום סטאַליניזם, נאָך דעם ווי ער איז יאָרנלאַנג געווען פאַר־שפּאַרט אין סאָוועטישן לאַגער, אין אוכטאַ). אויך די אַלטע יידישע אַרבעטער־טוערין גוטע מאַרגאַליס, וועלכע האָט דאַן געוווינט אין מאָסקווע און געבליבן ביי איר אייגענעם יידישן נאָמען און ביינאָמען, האָט מיט איר "ספּראַווקע", זיך געאיילט מיר העלפן וואָס גיכער צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

כ׳פיל, אַז דאָ דאַרף איך דערציילן כאָטש עטלעכע ווערטער וועגן יעדן פון די דאָזיקע פּאָליטישע געשטאַלטן, וועלכע כ׳האָב שוין באַשריבן אין מיינע פרי־ערדיקע אַרבעטן.

אַלע פיר זיינען זיי בשעתו אַנטלאָפן קיין ראַטנפאַרבאַנד פון קאַפּיטאַליסטישן פּוילן, ווייל דאָרט האָט זיי געדראָט אַ געפאַר אַריינצופאַלן אין תפיסה. און אַלע פיר זיינען זיי דווקא דאָ אין ראַטנפאַרבאַנד פאַרשיקט געוואָרן אין צוואַנגס־לאַגערן אויף לאַנגע פינצטערע יאָרן.

ביי אַלע פיר האָבן איצט די הערצער ניט אויפגעהערט צו בלוטיקן. סיבות? גאַרדינס פרוי — די אַמאָליקע "צישאָ"־לערערין פון וואַרשע, מיין חברטע לאָלאַ קאָנטאָראָוויטש — איז אין דער סאָוועטישער תפיסה געשטאָרבן. דער עלטערער זון פון די פייגנבוימס — לאָלעק — אַ פעיקער אינזשענער, איז אין דער סאָ־וועטישער טורמע פאַרפייניקט געוואָרן. דער ייִנגערער זון זייערער, דער מינדער־יעריקער פעליקס איז נאָך דעם אַרעסט פון טאַטע־מאַמע און אייניציקן ברודער אַראָפּ פון זינען. גוטע מאַרגאַליסעס נאָענטסטע פריינד — משה גוטמאַן־קאַמענ־שטיין, שמעון האַרנאַס און צענדליקער אַנדערע — האָבן זיך מער פון די לאַגערן ניט אומגעקערט.

און דאָך... זענען זיי אַלע פיר, נאָך דער באַפרייונג פון די לאַגערס... צוריק אַריינגעטראָטן אין דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. און... די

זעלבע פיר געטרייע פריינד מיינע, מיט די צוריק־באַקומענע רויטע פּאַרטיי־בילעטן אין קעשענע, האָבן מיך איצט געוואָרנט: "שמיד דאָס אייזן כל זמן עס איז אַנגעגליט!". "אַנטלויף פון גהינום כל זמן ס׳איז ניט צו שפּעט!"...

איר זעט אייך אין דעם אַלעם אַ סתירה? אַ פּאַראַדאָקס? אָבער אַזוי איז דאָס געווען. מיט אַזעלכע פּאַראַדאָקסן איז פול דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון סאָוועטישן בירגער. און זעט אויס, מחמת דער פּאַראַדאָקסאַלישקייט האָט מיך אַ צי געטאָן די דאָזיקע פיר מענטשן דאָ צו דערמאָנען.

* * *

צווישן מיינע אַלטע פריינד, מיט וועלכע מיך האָט געבונדן אַ סך יאָרן פון געמיינזאַמער סאָוועטיש־יידישער קולטור־אַרבעט, זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך מיט אַלע חושים געשטעקט אין דעם יעזואיטישן קליינקעפּלדיקן "טעזיס" (מ׳שטיינסגעזאָגט), אַז דער "ערגסטער קאָמוניזם איז בעסער ווי דער בעסטער קאַפּיטאַליזם". נאָך אין 1956—1958 זענען זיי — מערסטנטייל גע־רודפטע פון דער מ.ג.ב., צוריקגעקומענע פון די לאַגערן — ניט מסוגל געווען צו באַנעמען: ווי קען אַ מענטש פון מיין גראַד זיך אָפּזאָגן פון דעם קאָמוניסטישן פאָטערלאַנד?!

האָט אונדזער באַשלוס צו רעפּאַטריאירן זיך קיין פּאָלקס־פּוילן זיי פאַרשאַפט אמתדיקן עגמת נפש. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אונדז געגעבן צו וויסן וועגן דעם — סיי דעמאָלט ווען מיר האָבן געמאַכט די באַמיונגען אַרויסצופאָרן, סיי שפּעטער אין זייערע בריוו צו אונדז קיין וואַרשע.

און ס׳וואָלט געווען ניט ערלעך, ווען איך זאָל דאָ ניט זאָגן, אַז זייער פאַר־דאַמען מיך האָט מיך געקאָסט אַ סך געזונט.

אָבער בהדרגה האָבן זיי, סוף כל סוף, ווי עס איז שלום געמאַכט מיט מיין "פאַרראַט". וואָרום "פּוילן איז דאָך פאָרט אַ "ברידערלעכע סאָציאַליסטישע רעפּובליק", און זי פאַרמאָגט נאָך דערצו אַ וויכטיקע מעלה, וואָס זי "דערלאָזט פירן אַ יידישע קאָמוניסטישע קולטור־טעטיקייט". דער לעצטער מאָטיוו האָט ביי זיי, מיין איך, געשפּילט אַ באַשליסנדיקע ראָל אין דולדן אונדזער "פאַרראַט".

וועגן אונדזערע ווייטערדיקע פּלענער האָבן זיי זיך אפילו ניט משער געווען. צו אַזאַ געדאַנק האָבן זיי זיך גאָרניט געקענט דערטראַכטן... און ווען צו זיי איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז פּוילן איז געווען פאַר אונדז ניט מער, ווי אַ טראַמפּלין, איז צו זייער שטורעמדיקן רעאַגירן קיין שיער ניט געווען.

וועגן דעם ווי אַזוי די דאָזיקע מענטשן האָבן מיטן גאַנג פון דער צייט, טריט נאָך טריט אַראָפּגעוואָרפן די שאָרן פון זייערע אויגן און וועגן די איצטיקע חרטה־בריוו, וועל איך דערציילן אַן אַנדערס מאָל.

דאָס וואָרטן אויף די גורלדיקע ענדערונגען האָט געמאַכט אונדזער לעבן נאָך מער אָנגעשטרענגט און בערוועזער, ווי ביז איצט. אָפט מאָל האָט זיך גע־דוכט, אַז אַלע אונדזערע טואונגען אַרום דער רעפּאַטריאַציע זענען ניט מער ווי אַ פאַרפּלאָנטערטער פאַנטאַסטישער חלום אויף דער וואָר. געווען טעג, ווען מיר

האָבן אין גאַנצן אויפגעהערט גלויבן אין דערפאַלג, און דאָס האָט געמאַכט ביז גאַר שווער אונדזער געמיט־צושטאַנד.

ס'האָט געדריקט דער באַוווסטזיין פון דער געפאַר, וואָס דראָט מצד דער מ.ג.ב. אין פאַל, ווען זי וועט אונדז אָפּזאָגן. אָבער צו ווייט זענען מיר שוין געווען אַנגאַזשירט און וועגן צוריקדרייען די ראָד האָט שוין קיין רייד ניט גע־קענט זיין, אפילו ווען אונדז זאָל, חלילה וחס, איינפאַלן אַזאַ משונה־ווילדער געדאַנק.

דער בריוונטרעגער און די שטענדיק נייגעריקע שכנים האָבן געשטוינט: וואָס זענען דאָס פאַר אַ בריוו, וועלכע קומען איצט אָן אַזוי אָפט צום פּאַרפאַלק פון דעם האַלב־פינצטערן צימערל אויף נאָוואָקיעווסקאַיאַ נומער 3? בריוו אין אַזויגע גרויסע און לענגלעכע קאָנווערטן? אַזעלכע שטייפע און יום־טובדיקע קאָנווערטן?! אַזעלכע זענען ביי אונדז אין ראַנטפּאַרבאַנד גאָר נישטאָ אין פאַר־קויף!... נאָר נישט דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, וואָס רעגט זייער נייגער. אויף יעדן קאָנווערט שיינט אויבן אָן אַ גרויסער געהיימניספולער אויפשריפט ניט אויף דער רוסישער, נאָר אין אַ פרעמדער שפּראַך:

„Ambasada Rzeczpospolitej Polski Ludowej w Moskwie".

אַ ביסל שפּעטער קומען אָן קאָנווערטן פון אויסלאַנד, און זיי רופן אַרויס נאָך אַ גרעסערן נייגער, וואָרום די פעטע לאַטייַנישע אותיות זאָגן אָן ווער איז דער, וואָס שיקט זיי:

„Polska Zjednoczona Partia Robotnicza, Komitet Centralny, Zaklad Historii Partii w Warszawie".

"דער אינסטיטוט פון פּאַרטיי־געשיכטע ביים צ.ק. פון פּ.ז.פּ.ר. אין וואַרשע באַשטעטיקט אייער רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. די חברים אין פּוילן קענען אייער ענין".

— גיבן זיי מיר צו וויסן אין אָפיציעלע בריוו פון 19טן יאַנואַר 1957, פון 18טן פעברואַר 1958, א.א., א.א.

"אסתר פוקס, איצט שרה שניידערמאַן איז ווירקלעך אַ געוועזענע אונטער־ערדישע רעוואָלוציאָנערע טוערין פון דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג." — שיקט צו מיר די פּוילישע אַמבאַסאַדע פון מאָסקווע אַ קאָפּיע פון דער באַשטעטיקונג, וואָס דער אַרכיוו פון דער פּוילישער קאָמפּאַרטיי אין וואַרשע האָט צו־געשיקט צו זיי אויף איבערגעבן דער מ.ג.ב. פון דער אוקראַינישער סאָוועטישער רעפּובליק (די בריוו זענען געשריבן דעם 30טן מערץ 1957, דעם 17טן יולי 1957 און אין אַנדערע דאַטעס).

AMBASADA PRL w MOSKWIE

Moskwa, dnia 19.II. 1958 r.

Ob. Sara Sznajderman

Szanowna Towarzyszko !

W tej chwili otrzymałam Wasz list i spieszę odpowiedzieć. Co do dokumentów nie niepokojcie się, bo były przesłane do Zakładu Historii Partii przy KC PZPR — który nam i potwierdził Waszę działanośś partyjną. A więc towarzysze w kraju mają Waszą sprawę.

Serdeczne pozdrawienia i życzenia wszelkiej pomyślności.

Z-ca Pełnomocnika Rządu PRL
d/a repatriacji Polaków z ZSRR
/ Irena Grobelna

און אָט קומען שוין אָן פון דער אַמבאַסאַדע בריוו מיט צודרינגלעכע אָנפראַגעס צי האָב איך ניט קיין חרטה: ״צי האָט איר ווירקלעך ענדגילטיק באַשלאָסן זיך צו רעפּאַטריאירן? מיר, פון אונדזער זייט, טוען אַלץ, כדי אַרויסצובאַקומען פון די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען די דערלויבעניש פאַר אייך״ (30.3.57, א.א.).

און הגם אין דער פּוילישער אַמבאַסאַדע ווייסט מען זייער גוט וועגן מיין פעסטן באַשלוס צו בלייבן אויסער דער פּאַרטיי, קומט פון איר אָן איין בריוו און אַ צווייטער און אַ דריטער: ״מיר וועלן אייך העלפן שנעלער באַקומען די רעהאַביליטאַציע, כדי איר זאָלט וואָס גיכער צוריק אויפגעשטעלט ווערן אין דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. שרייבט צי האָט איר זיך שוין פאַרבונדן וועגן דעם מיטן צ.ק.״... און ״דאָס וועט אָן ספק פאַרגרינגערן אַרויסצובאַקומען די דערלויבעניש אויף אייער רעפּאַטריאַציע״.

ס׳קומען אָן פון דער אַמבאַסאַדע דיסקרעטע אָנפראַגעס: ״אפשר האָט איר מאַטעריעלע שוועריקייטן? וועלן מיר אייך העלפן זיי לייזן. שרייבט, אין וואָס איר נייטיקט זיך״. כ׳פלעג זיין שטאַרק גערירט פון דער זאָרג און חברישער וואַרעמקייט, וואָס האָט געאָטעמט פון יעדן בריוו צו מיר, און אַ פרייד, אַ יונגע, כמעט אַ קינדערשע, האָט אַרויסגעקוואָלן פון מיר. מיעטשיסלאַוו פּאַפּיעל, אירענאַ גראַבעלנאַ, ה. קאַמינקאַ פון דעם פּוילישן קאָנסולאַט אין קיעוו — זיי אַלעמען דערמאָן איך מיט גרויס דאַנקבאַרקייט. זייערע בריוו ליגן נאָך ביי מיר ביז היינט צו טאָג.

קען איך דען פאַרגעסן דאָס צעשטראַלטע פּנים פון יונגן פּאַלאַק, ווישניעווסקי, ווען כ׳האָב פלוצים דערזען אויף דער שוועל פון אונדזער האַלב־פינצטערן צימערל אויף נאָוואָקיעווסקאַיאַ 3? מער דערשראָקן ווי פאַרחידושט, קוק איך אים אָן אַ פאַרשטומטע: ״אַ מענטש פון פּוילישן קאָנסולאַט דאָ?!! ביי אונדז?״..

"אין דער טריפהנער שטוב?!"... "וואָס איז געשען?!... און תיכף קומט אויפן זינען: "פון דעם וועט קיין גוטס ניט אַרויסקומען!".

אָבער ווישניעווסקי האָלט שוין מיינע ביידע הענט — אַזעלכע אומרויקע, פאַרלוירענע — אין זיינע — אַזעלכע וואַרעמע און פעסטע: "מזל טוב טאַוואַ-רישקאַ שניידערמאַן! זאָל זיין אין אַ גוטער שעה! נאָר וואָס האָבן מיר ביים סאַמע טאָוואַרישטש טשערוואָנענקאָ* אַרויסבאַקומען זיין הסכמה אַריינצושטעלן אייער נאָמען אין דער רשימה פון פּאָליטישע עמיגראַנטן, וועמען דער "אָווירר" דאַרף אַרויסגעבן אַ דערלויבעניש זיך צו רעפּאַטריאירן צוריק אַהיים, קיין פּוילן!".

ביין, אַזוינס פאַרגעסט זיך קיינמאָל ניט!

פּאָפּיעל און קאָמינסקאָ זענען אַסימילירטע יידן. אירענאַ גראַבעלנאַ, מיכאַ-לעווסקאַ, ווישניעווסקי — ריינע סלאַוון — פּאָליאַקן. אוי, ווי ס'ווילט זיך גלויבן, אַז היינט, ווען איך דערצייל וועגן זיי, האָבן זיי — די ניט־יידן — זיך ניט געלאָזט אַריינשליידערן אין תהום פון דער אַנטי־יידישער ראַסן־העצע, מיט וועל-כער זייער פאַרטיי־אָנפירונג פאַרפעסטעט די לופט פון זייער היימלאַנד.

אגב, ערשט דעמאָלט, ווען מיר זענען שוין אָנגעקומען קיין וואַרשע, האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט דאָס בילד פון דער גרויסער כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס דער פּוילישער "אָקטאָבער 1956" האָט געהאַט מיט זיך מיטגעבראַכט, און ערשט אין וואַרשע האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען אַ מאַסן־עליה פון פּוילישן יידנטום קיין מדינת ישראל.

און ערשט דאָ, אין פּוילן, האָבן מיר רעכט באַנומען דער חברטע גראַבעלנאָס רמז: "מיינט ניט, אַז אין פּוילן איז קיין אַנטעסימיטיזם שוין ניט פאַראַן". די דאָזיקע ווערטער פלעגט זי אַריינוואַרפן כלומרשט אַגב אורחא, בעת מיר פלעגן הערט פאַר אונדזער אָפּפאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד אין אינטימע שמועסן מיט איר שילדערן דעם שרעקלעכן חורבן, וואָס די קאָמפּאַרטיי האָט געבראַכט אויף דער סאָוועטיש־יידישער קולטור. גראַבעלנאַ איז דעמאָלט געווען די פאַרטרעטערין פון באַפּולמעכטיקטן פון דער פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק צו רעפּאַטריאירן פּאָליאַקן.

אַ לאַנגע צייט האָב איך גראַבעלנען אָנגענומען פאַר אַן אַסימילירטער יידישקע, און מן הסתם דערפאַר בין איך געווען מיט איר אַזוי אָפנהאַרציק. זי ווידער האָט ניט געוואָלט און וואַרשיינלעך ניט געווען פאַראינטערעסירט מיך אַרויסצופירן פון מיין טעות. ערשט שפּעטער האָט זי וועגן דעם בסוד דערציילט אונדזער געמיינזאַמער באַקאַנטער רעגינע מערקין**. נאָר דאָס איז שוין אַ טעמע אויף שפּעטער. וואָרום איידער איך פאַרענדיק דעם פּרק, דאַרף איך נאָך דעם

---

* טשערוואָנענקאָ איז דעמאָלט געווען איינער פון די סעקרעטאַרן פון צענטראַל-קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דער אוקראַאינישער סאָוועטישער רעפּובליק.

** רעגינע מערקין איז די שוועסטער פון אומגעבראַכטן אין ראַטנפאַרבאַנד פּראָפע-סאָר מאַקס עריק. זי וווינט צוזאַמען מיט עריקס אלמנה און זיין אייניקל וויטיע אין מאָסקווע און אַרבעט דאָרט אין פּוילישן ראַדיאָ־צענטער.

לייענער דערציילן עפּעס וואָס וועגן די לעצטע חדשים און וואָכן אונדזערע אין ראַטנפאַרבאַנד. דאַטע: 1957 — אָנהייב 1958.

## ה. שרעק

כ׳האָב שוין פריער דערציילט, אַז אונדזער שאַנס אַרויסצורייסן זיך פון ראַטנפאַרבאַנד האָט ביי אונדזערע פריינד, די אַמאָליקע סאָוועטיש־יידישע קולטור־טוער, אַרויסגערופן דעם געפיל ״אשריכם״. אָבער דאָס בילד וואָלט געווען נישט קיין פינקטלעכס, ווען איך זאָל נישט דערציילן וועגן אַזעלכע, וואָס אייננצייטיק מיט דעם ״אשריכם״ האָבן זיי זיך דערשראָקן פאַר אונדזער ״הפקרדיקן שריט״. ״דער שרעקלעכער גורל, וואָס האָט דיך על־פּי צופאַל אויסגעמיטן אין די פינ־צטערע יאָרן, וועט דיך איצט אָניאָגן״ — האָבן זיי מיך, דערשראָקענע געוואָרנט.

מאַטיע גלאָזמאַן, פּנחס וואָלפמאַן, בעקערמאַן, נ. ק־ן, י.ק., א. ב־ן* — זיי אַלע אַליין אויסגעבענקטע נאָך ישראל, האָבן, טיף איבערגעצייגטע אין זייערע נבואות, געטענהעט צו מיר: ״די דריי אותיות״ (מ.ג.ב.) דאַרפן פריער משוגע ווערן, איידער זיי וועלן דיר דערלויבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד״. אָבער דעם קאָנטאַקט מיט אונדז האָבן זיי, חלילה, נישט איבערגעריסן. אדרבא — געהאַלפן אונדז מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. איבערהויפּט די טייערע פריינד אונדזערע שלמה גיטערמאַן, פּנחס וואָלפמאַן, די אלמנה פון צעשאָסענעם ערשטן פאַרזיצער פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט ביושע גאָלדשטיין־ליבערבערג, ברוך ווייס־מאַן (כמעט ביזן לעצטן טאָג פאַר זיין אַרעסט, ביז פעברואַר 1957) — און אַנדערע.

די פּילגעליטענע יידישע וויסנשאַפטלער — נח ר־ג, ר.מ. און אַנדערע זענען געווען זיכער: ״סוף כל סוף ווערט זיי דאַרט ׳אויבן׳ דערעסן דיין אוואַנטורע און זיי וועלן מאַכן לגבי דיר די געהעריקע ׳אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספירן׳״. און ביז וואָס־ווען האָבן זיי — מיינע פריינד גופא — אין פּחד פאַרן אייגענעם גורל, אַליין געמאַכט די ״אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספירן״ — זיך דערווייטערט פון אונדזער שטוב.

געווען אויך אַזעלכע, אמת, ניט קיין סך, וואָס אין דער זעלבער רגע, ווען צו זיי איז צופעליק דערגאַנגען, אַז איך האָב אַ מגע ומשא מיט אַ ״פרעמדער״ דיפּלאָמאַטישער פאַרשטייערשאַפט (אַ פרעמדע! — כאָטש זי איז פון אַ ״ברידער־לעכער סאָציאַליסטישער מלוכה״), האָבן זיי אויסגעמיטן זיך מיט מיר צו באַ־געגענען, אפילו אין די היימען פון געמיינזאַמע פריינד. אין גאַס פלעגן זיי מורא האָבן מיט מיר זיך אָפּצושטעלן. און דאָך האָב איך אויף זיי קיין בייז האַרץ נישט געטראָגן, נישט דעמאָלט, און היינט אוודאי און אַוודאי נישט. איך האָב גוט געוווּסט, אַז דאָס האַרץ בלוטיקט אין זיי ביים געדאַנק פון דער געפאַר, וואָס דראָט מיר און מיין מאַן.

---

* אומעטום, ווו עס ווערן אָנגערופן בלויז איניציאַלן פון די געוועזענע יידישע קולטור־טוער, יידישע שרייבער און לערער, טו איך דאָס צוליב זעלבפאַרשטענדלעכן טעם.

די, וואָס האָבן אפילו אַ קורץ שטיקל צייט געלעבט אין ראַטנפאַרבאַנד ווייסן, אַז דער סאָוועטישער בירגער באַציט זיך מיט גרויס פאַרשטענדעניש צו מענטשן באַהערשטע פון שרעק און אפילו פון איבערגעטריבענעם פּחד. וואָרום שרעק און פּחד זענען געוואָרן אַ טייל פון דער נאַטור פון סאָוועטישן בירגער. און זעלטן ווער איז בכוח געווען אין יענע יאָרן צו באַקעמפן אין זיך די דאָזיקע דערני־דערנדיקע געפילן, שוין אָפּגערעדט וועגן באַפרייען זיך פון זיי.

„און אויב ס׳וועט יאָ געשען אַ נס, און די מ.ג.ב. וועט פאַרלירן איר וואַכ־זאַמקייט און אייך דערלויבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וועלן מיר דאָ צוליב אייער אויפפירונג דאָרט, האָבן צו זינגען און צו זאָגן" — האָבן זיך באַצייטנס גע־זאָרגט פאַר זייער מאָרגן אַזעלכע גוטע פריינד מיינע, ווי חיים לויצקער, נ. ר־ם, א. ב־ר און אַנדערע. און כאָטש דאָס האַרץ האָט געצויגן צו זיין מיט אונדז וואָס אָפטער פאָרן וואַרשיינלעכן צעשיידן זיך אויף אייביק, האָבן זיי איצט זיך שטאַרק אויסגעהיט צו אַפּישירן אין דער עפנטלעכקייט — אונדזער לאַנגיאָריקע פריינדשאַפט. „ניט זי, ניט ער וועלן דאָך ׳דאָרט׳ קיין מויל מיט וואַסער ניט אָננעמען" — האָבן זיי געזוכט באַרעכטיקונג פאַר זייער פּחדנות אין די אייגענע אויגן.

* * *

איר וואָלט געמאַכט אַ טעות ווען איר וואָלט מיינען, אַז געשראָקן זיך צו דערמאָנען דער וועלט וועגן אונדזער באַקאַנטשאַפט האָבן בלויז מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט הינטער זיך אַזעלכע פּאָליטישע עבירות, ווי יידישע קולטור־אַרבעט.

ס׳זענען שוין פאַרביי אַזוי פיל יאָרן, און דאָך קען איך ביז היינט זיך נישט איינהאַלטן פון געלעכטער, ווען פאַר מיינע אויגן שווימט אויף דער האָסטיקער שפּרונג אין אַ זייט, וועלכן ס׳האָט אויפן מאָסקווער וואָקזאַל געמאַכט וויטאַליע גאַראַבעץ.

נאָר לאָמיר פריער זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן אים.

וויטאַליע איז דער בן־יחיד פון אונדזער גרויסן גוטן פריינד, דעם קיעווער באַקאַנטן דאָקטער סערגיי מאַקסימאָוויטש גאַראַוויץ. די משפּחה גאַראַוויץ איז אין גאַנצן אַסימילירט. ביידע — סיי דער טאַטע, סיי דער זון — זענען פאַך־ספּעציאַליסטן און אַזוי ווייט פון פּאָליטישן לעבן, ווי ווייט ס׳איז דער הימל פון דער ערד.

וויטאַליע מיט זיין עכט פּראַוואָסלאַווונער פרוי סוועטלאַנאַ וווינען אין מאָסקווע. אגב, האָט ער אַ קאַפּעטשקע געענדערט זיין עכט יידישן פאַמיליע־נאָמען. דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט. ער האָט באַדאַרפט ענדערן בלויז צוויי אותיות: דעם „וואָוו" אויף אַ „בית" און דעם „יוד" אויף אַן „ע", און אַ, גוטער גאָט! ס׳האָט זיך באַקומען אַ ריין אוקראַינישער פאַמיליע־נאָמען — גאַראַבעץ. און ווען דער נייע געבאַקענער גאַראַבעץ האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַרויקט און מיט דער צייט שטילינקערהייט אַנגעהויבן צום סוף פון זיין געקריסטיקטן ביינאָמען

צושרייבן דעם "מיאַגקי זנאַק", האָט שוין אין דער שפּראַך פון כמיעלניצקין זיין פאַמיליע־נאָמען געקלונגען ניט נאָר אַריש, בייערט אויך אַרכאַיש־אוקראַיניש: "גאַראַבעץ" וואָס מיינט אויף פּראָסט לשון אַ היימיש פייגעלע, אַ וואַראַבייטשיק. ערשט דעמאָלט האָט זיך וויטיע באַרויקט. געקאָסט האָט אים דאָס משנה שם זיין אַ ים מיט שוחד, אָבער וויטיעס נצחון איז דערפאַר געווען אַ הונדערט פּראָצענטיקער!

* * *

ס'איז געווען אַ זוניקער, פראָסטיקער נאָכמיטאָג אין יאַנואַר 1958. ענדלעך האָב איך שוין געהאַט דערליידיקט אין דער פּוילישער אַמבאַסאַדע די פאָרמאַליטעטן וועגן דער רעפּאַטריאַציע. איצט האָב איך אויפן מאָסקווער וואָקזאַל געזוכט דעם נומער פון מיין וואַגאָן, וואָס דאַרף מיך ברענגען צוריק אַהיים קיין קיעוו. דאָרט וואַרט אויף מיר מיט גרויס אומגעדולד מיין ניסן. מ'דאַרף זיך אָנהייבן גרייטן אין גורלדיקן וועג אַריין.

קומט מיר אַ פאַרסאָפּעטער אַנטקעגן דער יונגער פיזיקער וויטאַלי גאַראַבעץ — "אַ, סאַראַ מאַיסיעווּנאַ!" — רופט ער אויס אַ דערפריידטער — "גאָט אַליין האָט אייך צוגעשיקט; נעמט מיט אַט דאָס קליינינקע פעקלעלע, ס'איז פאַר דער מאַמען — אַ דרינגענדיקע רפואה. דער פאָפּאַ האָט געקלונגען: איר צושטאַנד האָט זיך פאַרערגערט"...

איך נעם געדן די רפואה, כ'וועל גלייך פון וואָקזאַל פאָרן, ניט אַהיים, נאָר צו דער קראַנקער. מאָרגן וועט מאַקסים סערגעיעוויטשעס פרוי יעלענע מיכאַילאָווגע שוין קענען איינגעמען די פּילן.

איך ווייס, וויטיע איז מיר אַ גוטער פריינד, ווייל איך אים משמח זיין: "וויטיע, טייערער, מיר גרייטן זיך אין וועג אַריין, אין גיכן פאַרלאָזן מיר דעם ראַטנפאַרבאַנד און קערן זיך אום קיין פּוילן".

דער יונגער געלערנטער גיט אַ שטעל אויס אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן, כאַפּט אַרויס דאָס פּאַקעטל פון מיין האַנט און גיט אַ האַסטיקן שפּרונג אָפּ פון מיר. אָן אַ זייט־געזונט. אַ דערשטויגטע קוק איך אים נאָך: ער גייט נישט, ער אַנטלויפט פון מיר... הענדום־פּענדום, אָן אָן אָטעם שטופּט ער זיך צום אַרויסגאַנג פון וואָקזאַל — ער איילט וואָס גיכער זיך אויסצומישן מיט דעם געדיכטן שטראָם מענטשן. איך שיס אויס אין אַ געלעכטער, אָבער נאָר אויף איין רגע. תיכף ווערט אַזוי קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן: וואָס האָבן זיי געמאַכט פון דער סאָוועטישער יוגנט?!

די רפואה פאַר דער קראַנקער מאַמען זיינער, איז קיין קיעוו אָנגעקומען מיט דער פּאָסט ערשט אין עטלעכע טעג אַרום.

מער האָב איך דעם צעשראָקענעם יונגן וויסנשאַפטלער נישט געזען.

* * *

דורך די מער דרייסטערע גיבן אונדז צעשראָקענע פריינד צו וויסן וועגן נאָך וויכטיקע סיבות, פאַרוואָס מיר טאָרן זיך נישט רירן פון אָרט. קודם כל — די אומזיכערע מאַטעריעלע לאַגע, וואָס דערוואַרט אונדז. צווייטנס — אונדזער היפּשער עלטער, און דער עיקר — דער שוואַכער געזונט. אויף די עלטערע יאָרן אָנהייבן אַ ניי לעבן? צי וועלן אונדז סטייען פיזישע כוחות? דאָ האָבן מיר אַ פאַרהעלטניסמעסיק פאַרזיכערטע עלטער — ביידע באַקומען מיר מלוכה־פענסיעס פאַר העכער 30 יאָר פּעדאַגאָגישער אַרבעט. דאָס איז אַ מינימום, וואָס קלעקט קוים אויף זייער אַ באַשיידן לעבן, אָבער דאָך איז די פענסיע דער עקאָנאָמישער יסוד פון אונדזער עקזיסטענץ.

אמת, אין פּוילן וועלן מיר די דאָזיקע פענסיע אויך באַקומען (פאַראַן אַן אָפּמאַך צווישן ביידע סאָציאַליסטישע רעגירונגען קעגנזייטיק צו האָנאָרירן די פענסיעס פון זייערע בירגער). אָבער אונדזערע דערשראָקענע פריינד וויסן דאָך אַן איבעריקע רייד, אַז נישט פּוילן איז אונדזער ענדציל, נייערט בלויז אַ טראַמפּלין. ״קיין שום פענסיע וואַרט ׳דאָרט׳ נישט אויף אייך, און עברית קענט איר נישט״ — וואָרנט מען אונדז אין זייער נאָמען שעפּטשנדיק (ווענט האָבן אויערן!). ״זאָגט זיי, אַז ׳אַהין׳ וועלן זיי דאָך קומען אָן אַ גראָשן געלט און ׳דאָרט׳ דאַרפן זיי אָנהייבן זוכן ברויט... צו פיזישער אַרבעט האָבן זיי קיין כוח נישט...״.

און כ׳וועל נישט לייקענען: ווי אויף צו להכעיס זענען זיי — די דאָזיקע ספקות — אין יעדער פרייער מינוט געקראָכן אומגעבעטענערהייט אין סאַמע האַרצן אַריין: פון וואָס וועלן מיר לעבן אין ישראל? זאָל מען נאַר, חלילה, נישט באַדאַרפן אַ האַנט אויסציען!... אַ, ווען יעדער פון אונדז ביידן זאָל זיין ייִנגער כאָטש מיט איין צענדליק יאָר!...

מיר יאָגן זי, די שרעק, ווי אַ בייזע אַנשיקעניש: ״פון הונגער וועלן מיר נישט שטאַרבן!״. און כאָטש דער אומרו קערט זיך אום ווידער און ווידער, איז די שטרעבונג צו אַ נייעם פרייען לעבן גובר די מורא, און מיר וואַרפן זיך מיט נאָך גרעסערער עקשנות דערליידיקן די פּילצאָליקע ביוראָקראַטישע עניבים, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן באַקומען די ענדגילטיקע דערלויבעניש אַרויסצוקריגן זיך קיין פּוילן — צום טראַמפּלין — צום ערשטן עטאַפּ פון אונדזער יציאת מצרים.

זאַמי פּעדער

# „יונהלע"

## (אַ בילדל פון לאַגער־לעבן, באַלד נאָך דער באַפרייונג)

.1

געווען איז עס אין בערגען־בעלזען, קורץ נאָך דער באַפרייונג. דער טיפוס, האָט געבושעוועט מענטשן אויסגעמאַטערטע דורך לאַנגע יאָרן הונגער און פּיין, זענען געפאַלן ווי פליגן און אַ סך זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די אונגאַרישע ס.־ס.־באַוואַכער, שוין נאָכן איבערנעמען דעם לאַגער פון די ענגלענדער.

די מאַסן־קברים מיט אויפשריפטן — דאָ ליגן אַזויפיל און אַזויפיל טויזנטער טויטע — האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג.

דעמאָלט האָט די צייטווייליקע ענגלישע מיליטער־פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו מאַכן פון גאַנצן לאַגער „בערגען־בעלזען" איין גרויס שפּיטאָל און די „געזונטע" האָט מען אַרויפגעזעצט אויף מיליטערישע לאַסט־אויטאָס און זיי אַרויסגעפירט אין אַ נייעם לאַגער קיין צעללע, צוואַנציק קילאָמעטער פון בערגען־בעלזען.

די מלחמה האָט זיך נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט און דער הונגער אין נייעם לאַגער איז געווען גרויס, האָט מען געזוכט וועגן, זיך אַרויסצוגנבענען פון לאַגער, כדי ערגעצוווּ „אָרגאַניזירן" עסנוואַרג: אַ שטיקל ברויט, אַ פּאָר קאַרטאָפל אָדער אַ ביסל ריבן. אַ סך מאָל איז מען אַוועק צו די ענגלישע און אַמעריקאַנישע מיליטער־באַראַקן, דער צוגאַנג פאַר ציווילע מענטשן איז געווען פאַרבאָטן, עס זענען געהאַנגען טאָוולען מיט אויפשריפטן: „דאָ ווערט שאַרף געשאָסן!", דאָך פלעגט מען זיך אַהין אַריינגנבענען און אויסבעטן ביי די סאָלדאַטן אַ שטיקל ברויט, אַ פּושקע קאָנסערוון, אָדער אפילו אַ טאָוול שאָקאָלאַד און נישט איינער האָט דערביי אויך זיין לעבן פאַרלוירן.

האָט ווער געהאַט געוווּנג ציגאַרעטן און ווייניק צום עסן, איז ער מיט די ציגאַרעטן אַוועק אין אַ דאָרף און ביי פּויערים אויסגעטוישט די ציגאַרעטן אויף ברויט, קאַרטאָפל, בעבלעך, בוראַקעס... — אָט אַזוי האָט מען זיך געהאָלפן אויף וויפל עס איז געווען מעגלעך צו שטילן דעם נאָגנדיקן הונגער.

ביי אונדז אין שטוב האָט מען זיך געפירט „קיבוץ־מעסיק", ווער עס האָט

אָרגאַניזירט "לעבנסמיטל", האָט עס געגעבן אין שותפות. מען האָט די קאַרטאָפל, בעבלעך און בוראַקעס אַריינגעטאָן אין אַ גרויסן עמער און פּאָר אַלעמען צוזאַמען געקאָכט אַ זופּ. — מיר האָבן עס גערופן "יושקע", אָבער נישט שטענדיק האָט מען געקאָנט "אָרגאַניזירן", האָט מען טאַקע גוט געהונגערט...

אין איינעם אַזאַ שווערן טאָג — דער הונגער האָט גענאָגט ביז האַרצווייטיק (חוץ אַ פּאָר קאַרטאָפל איז גאָר נישט געווען), האָט אַ חבר געבראַכט פון דאָרף אַ קרוליק, אַ לעבעדיקן קרוליק! די שמחה ביי די חברה איז געווען גאָר גרויס:
—אָך, איצט וועט מען עס מאַכן די אמתע יושקע מיט אַלע גוטע זאַכן מיט פלייש פאַרבראַקט.

א חבר — דער "קוכער" האָט זיך גענומען פאַרען. חברה האָבן אים געגעבן עצות, וויאַזוי און ווי אַמבעסטן צו קאָכן די יושקע. איינער אַן אונגאַרישער חבר, האָט אים אויף דייטשמעריש געעצהט: — אָבער מיין הערר, איך ביט זי, איינען האַזען־בראַטען, מיסען זי מאַכען, דאָס שמעקט גוט, איך זאָגע אינען, דאָס שמעקט פאַרציגליך!...

שרייט אַ צווייטער: וואָס פאַרא "האַזאַן־בראַטן", צו אַלדע רוחות! אַ יושקע מיט פלייש און — שוין!

דער אונגאַרישער חבר ווערט רויט פון דענערווירונג און שרייט אויך שוין אַ ביסל העכער: — אָבער ביטע שעהן מיין הערר, וואָס וויסען זי פאָן האַזען־בראַטען?.... — און ער באַלעקט זיך דערביי.

דאָ האָט זיך אַ דריטער חבר אַריינגעמישט: — וואָס?... פאַר צוואַנציק מאָן, ווילסטו פון אַזאַ קליינעם קרוליק מאַכן אַ האַאַזען־בראַאַטען?! אַ יושקע, נאָר אַ יושקע דאַרף מען מאַכן.

אַהין־אַהער, האָט מען באַשלאָסן — אַ יושקע, סע זאָל סטייען פאַר אַלעמען, ווייל וואַסער, ברוך השם, פעלט נישט.

דער עולם האָט זיך געגרייט צו דער סעודה.

דער "קוכער" האָט אָנגעהויבן קאָמאַנדעווען. אייניקע פון דער חברה האָבן זיך גענומען שיילן קאַרטאָפליעס, אַנדערע זענען געגאַנגען "אָרגאַניזירן" האָלץ צום ברענען.

דערווייל האָבן זיך אַ טייל חברה געשפּילט מיטן קרוליק, וועלכער האָט זיך גאָר גיך צוגעוויינט צו אונדז, אַרומגעשפּרונגען און צו יעדן געלאָפן און געפרעסן גלייך פון דער האַנט: ביי איינעם אַ בלעטל, ביי אַ צווייטן אַ ביסל גראָז — איך ווייס נישט ווער און ווי אַזוי... פלוצעם האָט מען שוין דעם קרוליק גערופן "יונהלע", און גערעדט צו אים אויף פאַרשידענע לשונות — יידיש, פויליש, אונגאַריש, דייטשמעריש: — נאַ־נאַ־נאַ!... יונהלע, אַ בלעטעלע!... יונהלע, כאָטש טוטיי!... אָדער: — יונהלשען, קאָם מיין טויבשען, נאַ, פריס דאָך שאָן!... — און יונהלע איז טאַקע געשפּרונגען ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ יונג העזעלע פון איינעם צום צווייטן.

די קאַרטאָפליעס זענען שוין אָפּגעשיילט, אַן עמער, אין וואָס צו קאָכן די

זופּ, איז שוין אויך פאַראַן און אַט האָבן חברה שוין צעצונדן אין אויוון אַ פייער, פּשוט — אַ מחיה.

יונהלע שפּרינגט דערוייל אַרום מיט גרויס שמחה און חברה האָבן שטאַרק הנאה פון אים, ביז... דער ״קוכער״ גיט אַ קאָמאַנדע צו חיימען, וועלכער האָט זיך גראָד געשפּילט מיט יונהלען:

— חיים, נעם יונהלען און מאַך אַ ״ברכה״ על השחיטה, ווי אין פּסוק שטייט, מאַך אים פאַרטיק, שינד אים אָפּ די פעל און ברענג אים צו מיר — צעפּערטלען, וועל איך אים שוין אַליין.

חיים קוקט אויפן ״קוכער״ אַ דערשטוינטער: — וואָס עפּעס איך?... דו ביסט דאָך דער ״קוכער״, באַדאַפּסט דו אים פאַרטיק מאַכן.

דער ״קוכער״ ענטפערט אים באַלד אָפּ: — איך קאָן נישט אַלעס מאַכן אַליין — עסן ווילט איר אַלע, נאָר מיט עפּעס אַרויסהעלפן — דאָס נישט. — און רופט אַ צווייטן:

— משה, זיי מוחל, נעם יונהלען, מאַך אים פאַרטיק, שינד אים אָפּ די פעל און ברענג אים צו מיר.

משה, וועלכער זיצט אין אַ ווינקל און פאַריכט זיינע צעריסענע הויזן, שווייגט ווי נישט אים מיינט מען.

דער ״קוכער״, שוין אַן אויפגערעגטער, שרייט:

—משה, האָסט נישט געהערט?... דו האָסט דאָך נאָך היינט גאָר נישט נישט געטאָן, עסן ווילסט דו!... טאָ, נעם יונהלען, זאָג איך, מאַך אים פאַרטיק און שינד אים אַרום!

משה הערט אויף צו לאַטען זיינע צעריסענע הויזן, גלייכט אויס די ברילן און קוקט מיט חידוש אויפן ״קוכער״:

— וו־אַ־ס?... איך זאָל פאַרטיק מאַכן יונהלען?... וואָס בין איך, אַ שוחט?... אָדער אַ קצב?... איך זאָל הרגענען יונהלען?... איך קאָן קיין בלוט נישט זען, אַז איך זע בלוט, חלש איך באַלד. וואָס ווילסטו, איך זאָל חלשן?... — און ער נעמט זיך ווייטער צו די אַלטע הויזן.

דער ״קוכער״ קוקט זיך פאַרצווייפלט אַרום און שרייט:

— אויב קיינער וויל נישט צורעכט מאַכן יונהלען, איז קאָכט אייך אַליין די יושקע; אָבער באַמערקנדיק אין אַ זייט בערעלען, ווענדעט ער זיך צו אים בעטנדיק:

— בערעלע, טייערער, איך בעט דיך, נעם יונהלען און מאַך אים פאַרטיק...

בערל, גיט אַ שמייכל און ענטפערט אָפּ פאַמעלעך, געלאַסן, וואָרט־ביי־וואָרט:

— דו דאַרפסט גאָר נישט בעטן, מאַך דו פאַרטיק יונהלען און איך וועל קאָכן די יושקע....

— און ווען ס׳האָט זיך פאַרצויגן דער וויכוח, ווער עס זאָל פאַרטיק מאַכן יונהלען, איז ענדלעך באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען דאַרף ״ציען קניפּלעך״. קיין קניפּלעך האָט מען נישט געצויגן, נאָר גענומען אַ בלאַט פּאַפּיר, צעשניטן אויף

צוואַנציק קליינע צעטעלעך און אויף איין צעטעלע אויפגעשריבן דאָס וואָרט "יונהלע"; ווער עס וועט אַרויסציען דאָס צעטעלע מיטן וואָרט "יונהלע", דער וועט מוזן אים פאַרטיק מאַכן.

די שפּאַנונג פון יעדן איינציקן ביים אַרויסציען דאָס צעטעלע איז געווען גוואַלדיק־גרויס. האָט אַ חבר אַרויסגעצויגן אַ לער צעטעלע, איז ער געשפּרונגען און געטאַנצט פאַר פרייד.

דערווייל זענען די צעטעלעך געוואָרן אַלץ ווייניקער און די שפּאַנונג — גרעסער. אָט האָט יצחק אַרויסגעצויגן אַ צעטעלע — יצחק איז געווען דער, וואָס האָט זיך מער ווי אַלע געשפּילט מיטן קרוליק און אפשר אים אויך דעם נאָמען "יונהלע" געגעבן. מן הסתם, דערפאַר, ווייל יונהלע איז געווען ווייס, און גוט ווי אַ טויב. יצחק האָט לאַנגזאַם צעוויקלט דאָס צעטעלע און דאָ האָבן אַלע דערזען דאָס אויפגעשריבענע "וואָרט" און צוזאַמען אַ געשריי געטאָן: — "יונהלע!!!"... — יצחק איז געוואָרן בלאַס און מיט אַ אויסגעשריי: — איך וויל נישט קיין יושקע!!!... — איז ער אַרויס פון שטוב איבערלאָזנדיק אָפן די טיר.

עס איז געוואָרן אַ גרויסע סומאַטאָכע און אַ געשריי: — "אַ שאָד, דאָס האָלץ ברענט אויס!"... "מען דאַרף שעכטן דעם קרוליק!"... "קרוליקעס אויף אונדזערע קעפּ, ס'איז דען כשר?!"... "האָזען־בראָטען, דאָס איזט גוט!"... "פרעסן ווילן זיי אַלע, אָבער עפּעס טאָן — דאָס נישט!".... האָט זיך דער "קוכער" געבייזערט. — פּלוצעם, האָט ער זוכנדיק זיך אומגעדרייט און אַ געשריי געטאָן:

— ווו איז יונהלע?!...

— ווו איז טאַקע יונהלע?!... — האָבן אַלע מיט אַ פראַגע אָפּגעענטפערט.

יונהלע ביים גרויסן גערודער, האָט זיך, ווייזט אויס, דערשראָקן, די טיר איז געווען אָפן, האָט ער געמאַכט "ויברח". — זוך היינט, זוך מאָרגן, יונהלע איז נישטאָ.

האָט מען פון די שוין אָפּגעשיילטע קאַרטאָפליעס געמאַכט אַ גרויסע יושקע און ביים עסן די יושקע, האָט זיך יעדער שטילערהייט געפרייט, וואָס יונהלע איז אַנטלאָפן. — נאָר דער אונגאַרישער חבר האָט פון צייט צו צייט אַרויסגע־זיפצט: — אַך, מיינע הערען, וואָס וויסען זי פאָן האָזען־בראָטען?...

# דער בלאָנדער „גוי״

2.

נאָך אַ זעקסוואָכיקן „טויטן מאַרש״ פון טויזנטער קילאָמעטער צופוס דורך רעגן, שניי און פראָסט, בעת וועלכן דער גרעסטער טייל פון אונדזערע חברים זענען אומגעקומען פון הונגער, קעלט, אָדער דערשאָסן געוואָרן פון דער „עס־עס״־באַוואַכונג, זענען מיר, אַ קליינע צאָל האַלב־פאַרפרוירענע, קראַנקע אָנגעקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „דאָראַ״ און פון דאָרט האָט מען אונדז געשיקט אין אונטערלאַגער „עלריך״.

אין קאָצעט „עלריך״ האָט מען געאַרבעט פאַר דער „וו־1״ און „וו־2״־ראַקעטעס, מיט וועלכע די דייטשן האָבן געשאָסן אויף לאָנדאָן.

פינף יאָר פון מיין זיין אין פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָב איך נישט איבערגעלעבט דאָס, וואָס אין מיין קורצן אויפהאַלט אין לאַגער „עלריך״, וועלכער איז מיט אכזריותדיקייט איבערגעשטיגן אַלע די לאַגערן, ווו איך בין פריער געווען.

אין „עלריך״, אויב אַ העפטלינג איז קראַנק געוואָרן, האָט מען אים אויפגעשריבן אַ נומער אויפן שטערן און דאַן אים אריינגעלייגט אין דער אַזוי גערופענער „שאָנונגס־באַראַקע״ צוזאַמען מיט אַלע מתים, וואָס זענען דאָרט געלעגן צום פאַרברענען. אַזוי זענען טעגלעך צענדליקער מענטשן געשטאָרבן.

צי אין „עלריך״ איז געווען אַ קרעמאַטאָריע, ווייס איך נישט. איך האָב נישט געזען. וואָס איך האָב יאָ געזען, איז געווען ריזן־בערג אויפגעשטאַפּלט מיט מתים — אַ שיכט מיט האָלץ, דאַן אַ שיכט מיט מתים; אַ שיכט האָלץ, אַ שיכט מתים, וואָס העכער אַלץ שמעלער דער באַרג — פונקט ווי אַ פּיראַמידע.

די דאָזיקע „פּיראַמידעס״ מיט מתים זענען באַגאָסן געוואָרן מיט נאַפט אָדער בענזין, מען האָט זיי אונטערגעצונדן און אַזוי האָבן זיי געברענט און געטליעט. אַן עקל־גערוך האָט זיך צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַגער, וואָס האָט געדרייט די געדערעם אין בויך, צום חלשן. יעדן טאָג האָט מען צוגעלייגט האָלץ און מתים — דער באַרג האָט כסדר געטליעט און געברענט.

ווער עס האָט זיך נישט געקאָנט אָרגאַניזירן אַ בלעכענע פּושקע, דער האָט דאָס ביסל זופּ נישט באַקומען. ביי נאַכט, אַז מען האָט נישט גוט געהיטן די שיך, האָבן די אוקראַינער אָדער פּאָליאַקן זיי צוגעגנבעט און צומאַרגנס, אויב מען האָט נישט געהאַט קיין מזל צו געפינען עפּעס אַ שמאַטע אַרומצוּוויקלען די באָרוועסע פיס, איז מען טאַקע געגאַנגען באָרוועס אין די גרעסטע שנייען

און פרעסט עטלעכע קילאָמעטער צו דער אַרבעט און צוריק — און נישט איינעם זענען די פיס אָפּגעפרוירן, אָדער ער איז אין גאַנצן פאַרפרוירן געוואָרן, דאַן האָט מען אים געבראַכט אויף דער "שאַנונגס־באַראַקע" דאָרט האָט ער באַקומען אַ נומער אויפן שטערן און אין אַ טאָג, צי שפּעטער איז ער געקומען אויף דער "פּיראַמידע".

געאַרבעט האָט מען אין דריי שיכטן. אין דריי שיכטן האָבן מיר אַרויס־מאַרשירט צו דער אַרבעט. אין דריי שיכטן זענען מיר געשלאָפן אויף די זעלבע קאַיקעס. ווען איין שיכט האָט אַרויסמאַרשירט האָט אַ צווייטער — אַריינמאַרשירט.

געשלאָפן איז מען ווייניק. מען האָט טאַקע געאַרבעט נישט מער ווי אַכט שעה אין טאָג, אָבער צוזאַמען מיט מאַכן די בעטן (געוואַשן האָט מען זיך זעלטן, ווייל עס האָט שטענדיק אויסגעפעלט וואַסער), נעמען דאָס ביסל קאַרגע עסן, דאַן דער אַפּעל, דאָס גיין עטלעכע קילאָמעטער צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט און ווידער אַן אַפּעל, איז פאַקטיש דער אַרבעטסטאָג געווען 14 ביז 16 שעה און מער.

אינעם דאָזיקן לאַגער זענען געווען "העפטלינגע" פון פאַרשידענע פעלקער אין אייראָפּע. די יידן האָבן געליטן דאָפּלט: פון דער דייטשער באַוואַכונג און פון די אַנטיסעמיטישע אוקראַינער און פּאָלאַקן. עס זענען דאָרט אויך געווען ווייסרוסן און ציגיינער, מיט זיי האָט מען אַביסל בעסער "געלעבט" — זיי האָבן זיך צו אונדז באַצויגן ווי צו אייגענע חברים "קאַצעטלער". דאַקעגן אַ גרויסע צאָל אוקראַינער און פּאָלאַקן זענען געווען פאַרביסענע אַנטיסעמיטן — זיי פלעגן שטאַרק פייניקן יידן, אפילו זיי אַליין זענען אויך געווען, פּונקט ווי מיר, אויף געהאַקטע צרות. זעט אויס, אַז מיט דעם, האָבן זיי זיך איינגערעדט, אַז זיי זענען "בעסערע", זיי זענען "אַריער".

געאַרבעט האָט מען ביי טאָג און ביי נאַכט, אפילו זונטיק. מיין "קאַפּאָ" איז געווען, צום מזל מיינעם, אַ ציגיינער — אַ ווילער יאַט. גערופן האָט מען אים פעטער און אַזוי ווי ער האָט געהערט, אַז מיינע חברים רופן מיך פעדער, האָט ער געמיינט, אַז איך הייס אויך פעטער, און דערפאַר מיך אַביסל געשוינט.

איך האָב געאַרבעט שותפות מיט אַ ווייסרוסישן סטודענט, וועלכער האָט גוט געקאָנט רעדן דייטש, ווייל זיין מוטער איז געווען פון ריגע. עס איז מיר געווען זייער אָנגענעם מיט אים צוזאַמען צו אַרבעטן. מיר האָבן שטיל געשמועסט וועגן ליטעראַטור און באַזונדערס וועגן קונסט: מאַלעריי, טעאַטער א.א.וו. ער האָט זיך געפרייט, וואָס איך בין באַהאַוונט אין דער רוסישער קונסט און באַזונדערס אין טעאַטער. מיר האָבן גערעדט וועגן סטאַניסלאַווסקי, טאַאיראָוו, מייערכאָלד, גראַ־נאָווסקי, הבימה, דאָס אַלץ איז געשען ביים לאָדן די וועגעלעך מיט ליים אָדער שטיינער.

נישט ווייט פון אונדז האָט געאַרבעט אַ פּאָלאַק, ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן, וואָס דער ווייסרוס האָט זיך אונטערהאַלטן מיט אַ "זשיד". איז ער געלאָפן אַלע האַלבע שעה מיט אַ מסירה, אַז מיר אַרבעטן נישט, נאָר שמועסן

און אונטערהאַלטן זיך און נישט איין מאָל האָבן מיר באַקומען קלעפּ צוליב זיינע מסירות. — מיר האָבן אים פאַרשאַלטן.

איין מאָל אין אַ זונטיק, ווען מיר זענען אַרויס צו דער אַרבעט, האָב איך געזען, ווי עס גייט אַ גרעסערע גרופּע "העפטלינגע" און דער "שגץ", וואָס האָט אונדז אָנגעטון צרות, איז צווישן זיי און נעבן אים גייט אַ הויכער בלאָנדער גוי און גיט אים אויף פּויליש אין זיין "טאַטנס-מאַמען" אַריין... די גאַנצע "תוכחה" פון דער פּוילישער אונטערוועלט-שפּראַך, האָט דער שגץ באַקומען.

איך מיטן ווייסרוס האָבן פּונקט געשטופּט אַ וועגעלע מיט ליים און עס האָט זיך מיר אַזוי געוואָלט צוגיין צו דעם הויכן, בלאָנדן גוי און אים אַ קוש געבן, נאָר ווער ווייסט, אפשר איז ער אויך אַן אַנטיסעמיט. אָבער איך האָב מיר אַביסל געקילט מיין פּאַרווייטיקט האַרץ און איך האָב דעם בלאָנדן גוי ליב באַקומען. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער נעמט זיך אָן מיין יידישע קריוודע.

שפּעטער בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז ער הייסט פּאַוול קאַלאַזייטשיק און נאָכן וואַרשעווער אויפשטאַנד האָט מען אים צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פּוילישע בחורים דאָ אַהער פאַרשיקט.

אין איינעם אַ מאָרגן, מיר גייען אַרויס צום אַפּעל, זעען מיר, ווי דער גאַנצער לאַגער מיט העפטלינגע זענען אויסגעשטעלט און קיינער מאַרשירט נישט אַרויס צו דער אַרבעט, נאָר מען הייסט אונדז: "פּערטיק מאַכן צום אָפּמאַרש!", דער לאַגער ווערט פאַרמאַכט.

ביים אַרויסמאַרשירן פון לאַגער האָבן מיר געהערט דאָס שיסן פון האַרמאַטן, וואָס איז געוואָרן נאָענטער און שטאַרקער. מען האָט אונדז אַריינגעשטופּט אין בהמה־וואַגאָנען און אָפּגעפירט קיין האַמבורג. אין האַמבורג איז דער צוג שטיין געבליבן, ווייל אין דערזעלבער צייט האָבן די ענגלענדער האַמבורג באַמבאַרדירט און די באַן־רעלסן זענען געוואָרן צעריסן. שפּעטער האָט מען אונדז געפירט פון האַמבורג קיין בערגען־בעלזען. נאָך דער באַפרייונג האָב איך געהערט, אַז מען האָט אונדז געוואָלט אַרויפזעצן אויף אַ שיף און אַלע העפטלינגע צוזאַמען מיט דער שיף דערטרינקען אין דער "עלבע", פּונקט, ווי זיי האָבן עס געטאָן אייניקע טעג פריער מיט אַ טראַנספּאָרט אַנדערע העפטלינגע.

ענדע מערץ זענען מיר אָנגעקומען קיין בערגען־בעלזען. דער לאַגער איז געווען איבערפולט מיט טויט־קראַנקע — ס'האָט דאָרט געפּאַנעוועט דער "טיפוס" און אַזוי, ווי עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר די טויזנטער, וואָס זענען אָנגעקומען פון פאַרשידענע לאַגערן, האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט אין די דאָרטיקע מיליטערישע קאַזאַרמעס, וווּ מיר זענען דעם 15טן אַפּריל 1945 דורך די ענגלענדער באַפרייט געוואָרן.

באַלד נאָך דער באַפרייונג האָבן גרופּעס יידישע יונגעלייט פאַרכאַפּט פּוסטע הייזער און אַהין אַריין געלאָזט נאָר יידישע חברה. בכדי אַביסל אָפּצוטעמען פון די אַנטיסעמיטן. אויך איך בין אַריין אין אַזאַ שטוב מיט נאָך אַ צאָל יידישע חברים. פּלוצעם דערזע איך דעם בלאָנדן, הויכן גוי פון "עלריך", ווי ער שטופּט

זיך אויך אַריין אין דער זעלבער שטוב און ער וועגדט זיך צו מיר אויף יידיש:
— חבר, נאָך דאָ אַ פּלאַץ פאַר מיר? ... — מיר האָט דאָס לשון אָפּגענומען.
אָבער אַזוי, ווי אין שטוב איז שוין נישט מער געווען קיין פּלאַץ, איז ער אַוועק.

אַ צייט האָב איך אים נישט געזען. שפּעטער אַ צוויי חדשים נאָך דער באַפרייונג, ביים אָנהויב פון אָרגאַניזירן אַ יידישע טעאַטער־סטודיע אין בערגען־בעלזען, איז צו אונדז געקומען און געוואָרן אַ מיטגלידערין די קלאַוויר־שפּילערין בעבקאַ ווידוטשינסקי פון שאַוול, ליטע. אויף אַ פּראָבע האָט זי מיטגעבראַכט אירס אַ חבר. — איך גיב אַ קוק — דער בלאָנדער "גוי" פון לאַגער "עלריך" — פּאַוול קאָלעזייטשיק... — ער דערלאַנגט מיר זיין האַנט און שטעלט זיך פאַר מיר פאַר: — פּאַול טרעפּמאַן, אָדער בעסער געזאָגט, פּנחס טרעפּמאַן! איך האָב אים דערמאָנט די "געשיכטע" אין קאַצעט־לאַגער "עלריך".

ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז געווען אַ שילער פון ראַבינער־סעמינאַר "תחכמוני" אין וואַרשע און אַ סטודענט פון ווילנער אוניווערסיטעט. געווען אין אונטערגרונד אויף דער אַרישער זייט; און נאָכן וואַרשעווער אויפשטאַנד פאַר־שיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע לאַגער. — מיר זענען געוואָרן האַרציקע פריינט (היינט, וווינט פּאַול טרעפּמאַן מיט זיין פרוי בעבע אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע. ער איז אַ יידישער שרייבער, אַ לערער פון עברית און דירעקטאָר פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאַל).

---

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## קונסט־אַלבאָם געווידמעט דעם שעפערישן וועג פון אַ יידישן אַקטיאָר

דניאל פינקעלקרויט ז"ל איז געווען איינער פון די פּאָרדינסטפולע און פירנדיקע אַרטיסטן פון מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער (געשטאָרבן אין ירושלים קורץ נאָך זיין עליה). דער פּראַכטפולער קונסט־אַלבאָם לזכרון דעם באַרימטן אַקטיאָר איז צוזאַ־מענגעשטעלט און רעדאַגירט געוואָרן פון רחל בוימוואַל. אין אַלבאָם קומען אַריין פאַר־טרעטן און פּאָטאָ־בילדער פון פינקעלקרויטן אין פאַרשידענע ראָלן פון זיין רייכן טעאַטער־רעפּערטואַר. מיט אָפּשאַצונגען וועגן אָט דעם אייגנאַרטיקן בינע־מייסטער זענען פאַרטראָטן שלמה מיכאָעלס, פּרץ מאַרקיש, שמואל האַלקין, פּראָפ' דאָברושין, פּראָפ' נוסינאָוו, עטל קאָוועזסקי און אַנדערע. גרעסערע אָפּהאַנדלונגען — משה גאָלד־בלאַט, רחל בוימוואַל, מ. בעלענקי, יוסף שיין, צבי לעווינזאָן.

דער אַלבאָם איז רייך און מיט געשמאַק אילוסטרירט דורך דעם באַוווסטן בינע־קינסטלער צפניה קיפּנים.

# שרייבער און ווערק

## ס׳איז געשטאָרבן דער לעצטער יידישער דיכטער אויף דער פוילישער ערד —

### אליהו רייזמאַן ז״ל

אין אַלע יידישע צייטונגען האָט די טרויעריקע ידיעה געהאַט דעם זעלבן נוסח: ״אין פוילן איז געשטאָרבן דער לעצטער יידישער דיכטער״. אָבער, צי געבן מיר זיך אָפּ אַ פולע רעכענונג פון דער אויסטערלישקייט און טראַגישקייט פון די דאָזיקע ווערטער?

אין פוילן, ווו ערשט מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק האָבן אַלע טייכן און וועלדער גערוישט אויף יידיש, איבער אַלע וועגן און טראַקטן האָט זיך געהערט דאָס יידישע לשון און אין אַלע שטעט און שטעטלעך איז אויפגעגאַנגען דאָס ליכט פון תורה —

אין פוילן, ווו יידן האָבן נישט געקאָרגט, נישט זייער רכוש און נישט זייער נפש, פאַר דער אומאָפּהענגיקייט און דעם רום פון לאַנד, ווו זיי האָבן מקריב געווען זייערע בעסטע און שענסטע זין און טעכטער אין אַלע רעוואָלוציאָנערע קאַמפן און אויף אַלע שלאַכט-פעלדער פאַר איר היינטיקער עקזיסטענץ, ———
אין דעם פוילן איז איצט געשטאָרבן דער לעצטער יידישער דיכטער.

״דער לעצטער״ — שוין דאָס וואָרט אַליין אַן און פאַר זיך יאָגט אָן עצבות, דערמאָנט אין סוף פון אַלע סופן, אין אייביקן פאַרגיין. אָבער אין דעם פאַל האָט עס זייער פיל נאָך אַנדערע באַדייטן, וועלכע לאָזן זיך אַרומנעמען פון אייביקן מיסטישן גורל פון יידישן פאָלק און פון דער איינציקער מסקנה, וועלכע מען קאָן פון אים אַרויסציען.

גלות מצרים און גלות בבל, גלות רוים און גלות ספרד, גלות אשכנז און גלות פוילן — זיי אַלע האָבן געהאַט זייערע גלאַנץ-פעריאָדן, אין וועלכע עס זענען אויפגעקומען צענטערן פון תורה און תלמידי־חכמים, קינסטלער און וויסנ־שאַפטלער, סוחרים, פאַבריקאַנטן און בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן זייערע לענדער געבראַכט רום, גבורה און עשירות.

און די אַלע גלותן, ביי דעם גאַנצן אונטערשיד פון די צייטן, מנהגים און סיסטעמען, אין וועלכע זיי האָבן עקזיסטירט, האָבן געהאַט דעם זעלבן טראַגישן סוף.

קאָן זיין, אַז ס׳איז נישט מער ווי אַ צופאַל, אָבער דער סוף פון סאַמע איב־האַלטסרייכן גלות אין כמות און אין איכות און פון סאַמע לענגסטן אין צייט

איז געוואָרן געחתמעט מיטן טויט פון אַ פּאָעט, וואָס איז געווען די פאַרקער־פּערונג פון אַ כאַראַקטעריסטישן יידישן פאָלקס־מענטש, סיי לויט זיין אָפּשטאַם, סיי לויט זיין טאָג־טעגלעכן לעבן און סיי לויט זיין דיכטונג.

געקומען פון בעלי־מלאכות אין האַרעפּאַשנעם וואָלין און אַליין אַ בעל־מלאכה, האָט ער אין זיך באַהאַפטן עכטע פּשטות, אָרגאַנישע נאַענטקייט און ליבשאַפט צו דער נאַטור, ווי אויך תמימות פון געדאַנק מיט דער נטיה צו פאַרטיפן זיך אין אַלגעמיינע פּראָבלעמען וועגן מענטש און זיין באַשטימונג אויף אונדזער ערד, וועגן לעבן און טויט, וועגן "צדיק ורע לו און רשע וטוב לו" און ענלעכע. דער דאָזיקער באַהעפט קומט בולט צום אויסדרוק אין זיין דיכטונג — טייל מאָל אין איבערצייגנדיקע און אייגנאַרטיקע פּאָעטישע בילדער, און טייל מאָל אויך אין אַבסטראַקטע עטוואָס פאַרנעפּלטע ווערטער, אָבער שטענדיק באַווירקנדיק מיט זייער עכטקייט און אויפריכטיקייט.

אין די לעצטע יאָרן, ווען די יידן־שנאה, שוין נישט בלויז פון אַ גרויסן טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג סתם, נאָר אויך פון די שפּיצן פון דער אָ. ג. פאָלקסדעמאָקראַטישער מאַכט, איז אַרויסגעקראָכן פון די אַלע שיינע צביעותדיקע לאָזונגען, ווי אַן אַל פון אַ זאַק און פאַרטריבן דאָס רעשט ביסל יידן מיט זיין שעפערישער און פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך על־פּי נס אָפּ־געראַטעוועט פון די היטלערישע און נ.ס.ז.־רוצחים, האָט דער פּאָעט אליהו רייזמאַן מחמת אומאָפּהענגיקע פון אים סיבות, נישט געקאָנט מיטגיין.

אויף דער פּוילישער ערד, וועלכע האָט אין משך פון יאָרהונדערטער אויס־געטראָגן אַזוי פיל יידישע האָפענונגען און טרוימען, געגאַסן פון אַזוי פיל יידישע אויפטוען און דערפינדונגען, אָבער וועלכע איז אויך דורכגעזאַפּט מיט אַזוי פיל יידיש בלוט און יסורים, איז אין סך־הכל פון גאַנצן פילפאַרביקן יידישן לעבן, יידישן גייסט און יידישער האַרעוואַניע פאַרבליבן איין און אייגציקער יידישער דיכטער, ווי אַ לעבעדיקע מצבה אויף אַ ריזיקן בית־עולם, אָדער ווי אַן אייג־זאַמער עדות פון אַ לאַנגדויערנדיק פאַרברעכן, וואָס האָט אַלץ טיפער און טיפער פאַרקירצט דעם קין־צייכן אויפן שטערן פון פאַרברעכער. אליהו רייזמאַן האָט זייער טיף אָפּגעפילט און איבערגעלעבט דעם דאָזיקן טראַגישן מצב זיינעם. איז קעגנזאַץ צו דער אָפּטימיסטישער אין אַלגעמיין אַטמאָספער אין זיין פריערדיקער דיכטונג, זענען די לידער זיינע פון די לעצטע פאָר יאָר דורכגעדרונגען מיט טיפן טרויער, עלנט און האָפענונגסלאָזיקייט: "אַזוי פיל לעבן אַרום מיר — / איך בין אַליין. / וואָס קאָן היימישער נאָך זיין / ווי פון מיין שטוב די טיר? / נאָר אויף איר שוועל / בלייב איך אָפט אַ פראַגע־צייכן שטיין. / מיינע טעג זענען וואַנ־דערער, / די פרעמדקייט, וואָס אין מיר, / זיי שלעפּן אַן אַ ציל אויך מיט זיך." אָדער: "אַ פינצטערניש אַזאַ, / אַנצוטאַפּן מיט די הענט," / און ענלעכע.

איצט געפינט זיך שוין אויך דער אייגציק פאַרבליבענער יידישער זינגער אויף דער פּוילישער ערד אין יענעם קיינעמס לאַנד, ווו ס'איז:

„קיין הויכקייט נישטאָ,
קיין ווייט, קיין טיף״

און אויך

„מיט אייביקן גאַרנישט אַרומגעדעקט.
נאָר בלויער באַגריף
קיין הימל איז נישט פֿאַראַנען.״

(געדרוקט אין פ.ש. דעם 18טן יאַנואַר 1975,
ד. ה. אַ טאָג פֿאַר זיין טויט).

געבליבן איז בלויז דאָס פֿאָלקסדעמאָקראַטישע פּוילן, וואָס האָט צו דעם מצב פֿון אַ לעצטן יידישן דיכטער דערפֿירט, פֿאַרווירקלעכנדיק דעם טרוים פֿון דורות שוואַרצמאהדיקע פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס וועגן אַ יידן־ריין פּוילן. דערמיט האָבן זיי אויף אייביק דערשטיקט דעם חלום, וואָס זיי זענען מכלומרשט זיינע פֿאַרווירקלעכער, דעם חלום וועגן „אונדזער און אייער פֿרייהייט״, פֿאַר וועלכן טויזנטער יידישע ייִנגלעך און מיידלעך האָבן אָפּגעגעבן זייערע יונגע לעבנס.

דעריבער איז דער דאָזיקער אויסדרוק „דער לעצטער יידישער דיכטער אויף דער פּוילישער ערד״ אַזוי פּילפּאַכיק טראַגיש — טראַגיש אַן און פֿאַר זיך, טראַגיש מחמת די סיבות, וועלכע האָבן צו אים דערפֿירט, און טראַגיש אויך צוליב די פֿאָלגן, צו וועלכע ער וועט דערפֿירן.

א. רוט

---

יוגנטרוף — יידישע יוגנט פֿאַר יידיש
Yuguntruf — Youth for Yiddish
3328 Bainbridge Avenue, Bronx, NY 10467, USA

## ס'ווערט געגרייט אַ יוגנטרוף־דיסק

יוגנטרוף — יוגנט פֿאַר יידיש גרייט איצט צו אַ דיסק פֿון סטודענטישע שאַפֿונגען אויף יידיש. יוגנטלעכע — נאָר יוגנטלעכע — זענען פֿאַרבעטן צוצושיקן זייערע אַליין־געשאַפֿענע לידער אויף טאַשמעס אָדער די טעקסטן מיט די נאָטן, צוזאַמען מיטן נאָמען, אַדרעס און עלטער. אַ זשורי פֿון יוגנטלעכע וועט אויסקלייבן דאָס בעסטע פֿאַר אַ דיסק פֿון לידער, געשאַפֿן און געזונגען פֿון יונגוואַרג. צוצושיקן די לידער דאַרף מען ביזן 1טן סעפּטעמבער 1975 אויפֿן אויבנדיקן אַדרעס.

● ביי דער געלעגנהייט באַגריסן מיר מיט גרויס ליבשאַפֿט די יוגנטרוף־חברה צום 10־יעריקן יובל פֿון זייער אויסגאַבע „יוגנטרוף״— פֿון זייער־אונדזער יוגנטלעכן גלויבן אין דער צוקונפֿט פֿון מאַמע־לשון יידיש.

די רעדאַקציע פֿון „ירושלימער אַלמאַנאַך״

**ל. פּאָדאָליער**

# אין דער וועלט פון גיטל מייזיל

פון די צוואַנציקער יאָרן ביז הייַנט, אין צענדליקער צייַטשריפטן פון אונדזער "איִמפּעריע יידיש", זענען צעשפּרייט און צעוואָרפן גיטל מייזילס שאַפונגען — ליטעראַטור־קריטיק, עסייען, זכרונות וועגן שרייַבער און קינסטלער און איבער־זעצונגען פון דער קלאַסישער און הייַנטצייַטיקער וועלט־ליטעראַטור, אויך אפילו אַ בינטל לידער אין ע. קאָרמאַנס אַנטאָלאָגיע "יידישע דיכטערינס". פון דעסט וועגן קאָן מען נישט פאַררעכענען גיטל מייזיל צו די זייער שטאַרק פּראָדוקטיווע מחברים. איר וואָרט לאָזט זיך הערן נישט אָפט, דערפאַר אָבער לאָזט זיך עס נישט פאַרגעסן. איר קול קלינגט זעלטן, דערפאַר אָבער — דייטלעך, איבער־צייגעוודיק און אויסגעמלעך־פּריזש.

אָט די ביז גאָר סימפּאַטישע אייגנשאַפטן פון אַ ליטעראַטאָר־עסייאיסט טיילן זיך אויס נאָך בולטער און זענען אויס נאָך ווערטפולער ביי הייַנטיקן טאָג, ווען אויף אונדזער "אָלימפּוס" הערשט, לײַדער צו אָפט, דילעטאַנטישע אומפּאַראַנט־וואָרטלעכקייט און "פּראָפעסיאָנעלע" וואָרט־דעוואַלואַציע א ביסל צו פיל, זאָלן זיי מיר מוחל זיין, פּרימיטיווע איבערדערציילער, אַ מאָל אויך אַרייַנזאָגער, אָדער גאָר — גאַנץ־ראַפינירטע גאָרנישט־זאָגער...

"ווען מע גיט אַרויס אַ בוך עסייען איין מאָל אין 70 יאָר, דערצו נאָך אין יידיש זענען די אָביעקטיווע שוועריקייטן און סוביעקטיווע באַוואָרענישן — אין לשער".

אַזוי פאַנגט זיך אָן דאָס בוך "עסייען" פון גיטל מייזיל (פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב 1974). סאַראַ גלעבצעגדיקער זאַג, וואָס כאַראַקטעריזירט, נישט ווילנדיק די פּערזענלעכקייט פון עסייאיסט גופא! נישט דאָס קימערט אונדזער מחברין, וואָס דאָס בוך "עסייען" איז ערשט איר ערשטלינג, נישט דאָס אפילו, וואָס איר אַליין איז שוין, ביז הונדערט און צוואַנציק, זיבעציק! נאָר גאָר אַן אַנדער זאַך פּייניקט זי:
"וויפל און ווי אַזוי איך האָב נישט געקליבן, אָפּגעקליבן, אויסגעקליבן און איבער־געקליבן — בין איך געבליבן הינטערשטעליק און שולדיק, אָרום און אָרום, קעגן אַ סך און אַ סך מחברים, קעגן לייענערס... קעגן מיין אייגענעם, פּערזענלעכן און שרייַבערישן געוויסן. און דער עיקר: שולדיק קעגן תקופות און סביבות, וואָס איך האָב געהאַט דעם גרויסן זכות צו לעבן אין זיי און מיט זיי".

אַן אַנדערס מאָל, שוין צום סאַמע סוף פון בוך, שילדערט גיטל מייזיל, פאַר־בייגייענדיק, איר שעפערישן געמיט־צושטאַנד:

"עס האָט זיך סיי־ווי געדאַכט, אַז די ביי־אַנגעשריבענע שורות שאָקלען, יעדעס מאָל מיטן קאָפּ אויף "ניין"! עס איז נישט דאָס"...

ס'איז גאָר נישט פּאַראַדאָקסאַל קלערן מיר, וואָס דווקא די גוואַלדיקע ציטער־דיקע אחריות פאַרן אַרויסגעזאָגטן וואָרט, דווקא די פּיין פון קלייבן און איבער־קלייבן פאַרוואַנדלען זיך אין אַן אמתער ברכה סיי פאַר אונדזער ליטעראַטור און סיי פאַר די לייענער פון איר בוך, מיט וועמען גיטל מייזיל פירט בעתן שרייבן "אַ פאַרבאַרגענעם און אויך אַן אָפענעם געשפּרעך". אָט דאָס געשפּרעך פירט זי פריי, היימיש, צו מאָל אפילו אינטים און צו מאָל אין אַן אויפגערעגטן געמיט, — ס'איז פאַראַן ב"ה פון וואָס זיך צו רעגן אין אונדזער צייטעלע, בפרט ווען סע גייט אַ רייד וועגן ליטעראַטור, יידישער ליטעראַטור, וועגן תקופות און סביבות"...

יעדער עכטער קינסטלער פאַרמאָגט זיינע בלוטיק־אייגענע טעמאַטישע גרונט־מאָטיוון; אָט די מאָטיוון קלינגען און זינגען אויף אַ מאָל שטאַרקער און דייט־לעכער, אַ מאָל עטוואָס צוגעלאָשן, ווי שטילע מוזיק־טענער, וועלכע באַגלייטן דעם קינסטלער און זיין שאַפונגס־פּראָצעס, אין זיין לעבנס־וועג בכלל.

גיטל מייזיל, וועגן וואָס און וועגן וועמען זי זאָל נישט פירן איר געשפּרעך, געפינט זי און טיילט שטענדיק אויס אַזעלכע עיקרדיקע באַגלייטונגס־טענער ביים באַהאַנדלטן קינסטלער און זיינע קונסט־ווערק. און דאָס איז דערפאַר, ווייל גיטל מייזיל אַליין, פאַרמאָגט זיך אַוודאי אירע נאַטירלעך־אייגענע בריענדיקע טעמאַ־טישע גרונט־מאָטיוון, וואָס פילן אַן מיט זין און ליבשאַפט יעדער אירן עסיי.

און אָט אַזוי טאַקע איז געבויט איר עסייען־ווערק — לויט די עיקרדיקע ליניעס פון איר שעפערישן פאַרויסגאַנג. דאָס בוך "עסייען" באַשטייט פון דריי טיילן:

א', ב' און ג'. און פונקט אַזוי ווי ס'איז פאַרשטענדלעך, וואָס די ערשטע טייל הייבט זיך אַן מיט אלף, פונקט אַזוי נאַטירלעך איז פאַר גיטלען דאָס אַריינשליסן אין אָט דעם אות, פריער פון אַלץ, די ראשונים פון דער יידישער קולטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועלכע זענען אויף אַזאַ מערדערישן אופן דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן. ס'איז דאָך אירע אַ טיף־בלוטנדיקע פּערזענלעכע טעמע. ווייסן מיר דאָך, אַז גיטל מייזילס פריע יוגנט וואָרצלט אין דער תקופה און אין דער סביבה פון באַרימטן "קיעווער פּעריאָד", אינעם נאָכרעוואָליוציאָנערן פּעריאָד פון שטורמישן אויפבלי אין דער יידישער ליטעראַטור פון רוסלאַנד, אין פּעריאָד פון גרעסטער האָפענונג און פּיינלעכסטער שרעק.

דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, לייב קוויטקאָ, פּרץ מאַרקיש — מיט יעדן פון אָט די גרויסע קינסטלער, האָט די מחברין געהאַט דאָס גליק אויך שפּעטער, נאָכן קיעווער "שטורם־און־דראַנג־פּעריאָד", זיך באַגעגענען אָדער אין וואַרשע, אָדער אין בערלין... זי שילדערט זייערע פּאָרטרעטן מיט אינטימער האַרציקייט. מילד,

ווי מיט אַקוואַרעל געמאָלט, מיט אומרו און צער, ממש ווי וועגן אַן אייגענער פאַרשניטענער און פאַרשוועכטער יוגנט.

אָבער דער עיקר — אונטערשטרייכנדיק די אייגנטימלעכע ספעציפישקייט פון יעדן צווישן די שרייבער־קדושים, — הייבט גיטל מייזיל אַרויס דאָס אַלגעמיינע ביי זיי — דעם יידיש־נאַציאָנאַלן תוך, וואָס ברעכט נישט זעלטן די צוימען פון טיפסטער פאַרבאָרגנקייט, די פענטעס פון פאַרבלענדעניש און פחד.

אין דעם ערשטן אָפטייל קומט אויך אַריין די גלענצנדע אַנאַליטישע אַרבעט "שלמה מיכאָעלס און מאַקס ריינהאַרד", אין וועלכער די עסייאיסטין טיילט זיך מיט אירע מחשבות וועגן די צוויי גרויסע טעאַטער־פערזענלעכקייטן, וועגן זייערע אַזוי פאַרשידענע סצעניש, וועגן וואָס האָבן זיך נישט איין מאָל געקרייצט, וועגן דער ענלעכקייט פון דעם אַזוי פאַרשידענעם טראַגישן סוף פון די צוויי און דאָך און מער פון אַלץ — וועגן זייער פאַראַלעלן גאַנג אין דער טעאַטער־קונסט וואָס קאָן זיך קיין מאָל אין ערגעץ נישט איבערקרייצן — דער גאַנג פון טיף־יידישן קינסטלער שלמה מיכאָעלס, וואָס וועט נאָך לאַנג אָפהילכן אין אונדזער פאָלקס־זכרון און דער כמעט שפּורלאָזער גאַנג פון דעם "יידיש־אָפשטאַמיקן" מאַקס ריינהאַרד אין דער דייטשער קונסט.

פערזענלעכע זכרונות, געפאַרשטע ביאָגראַפישע מאַטעריאַלן און דערווייזלעכער אַנאַליז — אַט די דריי עלעמענטן קומען נישט באַזונדער, אָדער קינסטלעך־צוזאַמענגעקלעפּט אין די עסייען פון גיטל מייזיל, נייערט זיי שאַפן איין וווּנדערלעך געשמעלץ, איין איינהייטלעכן דערציילערישן שטאָף, פון וועלכן זי פורעמט אירע ליטעראַרישע פאָרטרעטן.

באַזונדערס בולט איז אָט די שרייבערישע מאַניר אין די לירישע עסייען וועגן צוויי גרויסע ליריקער אין אונדזער קולטור — דעם אומגעבראַכטן קאָנגעניאַלן בינע־פאַרטנער מיט מיכאָעלסן — בנימין זוסקין — דעם "וואָס האָט פאַרשפרייט סיי אויף דער בינע, סיי צווישן פובליקום אַ חיותדיקן, טאַנצנדיקן און זינגענדיקן אָפטימיזם" און וועגן דעם פראָזע־מייסטער איציק קיפּניסן. דעם לירישן דערציילער וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געשפרייט אַרום זיך, צעשמייכלטע גוטסקייט און דורשט צו גערעכטיקייט אין אַן עפאָכע פון דורכאויסיקן אומרעכט און אכזריות.

אין ערשטן אָפטייל קומט אויך אַריין די אַרבעט וועגן נאָך איין באַדייטנדיקן יידישן שרייבער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד — עלי שעכטמאַן, וואָס לעבט שוין ב"ה ביי אונדז אין ישראל און זעצט פאָר צו שאַפן די ווייטערדיקע בענד פון זיין געוואָגטער עפּאָפּיי "ערב".

מיט גרויס בקיאות אין דער פראָבלעמאַטיק פון דער נייער רוסישער ליטעראַטור, וועלכע האָט דורכגעבראַכן די קאַזיאָנע קראַטן פון "סאָצרעאַליזם", רעדט גיטל מייזיל אין איר אַרבעט "צוויי ביכער אין איין אָטעם" (וועגן נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם און וואַסילי גראָסמאַן) כאָטש זאָגן דאַרף מען, אַז ס'איז שוין אַ

ביסל צו פיל פאַר "איין אָטעם", — נישט אַזוי וועגן די קאָנקרעטע צוויי באַהאַנ־דלטע ווערק ווי וועגן אַרום אַט די ווערק.

ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס דווקא אין אָפּטייל א׳ קומען אויך אַריין די צוויי עסייען וועגן יוסף פּאַפּיערניקאָוו (40 יאָר ארץ־ישראלדיקייט) עסייען וועלכע לויכטן זיך ממש מיט גוטהאַרציקן הומאָר, מיט ליבשאַפט צום דיכטער און זיין ליד; נישט קיין ווונדער וואָס דווקא דאָ איז אויך אַריינגעפּאַסט דער זייער אינטערעסאַנטער פּאָרטרעט פון יעקב פרידמאַן ז"ל.

קענטיק, אַז אַט די צוויי וויכטיקע ישראל־דיכטער זענען פּונקט אַזוי איינ־געבאַקן געוואָרן אין האַרצן, פּונקט אַזוי בלוטיק־אייגן געוואָרן ווי די ווידער־געפונענע יוגנט, דאָ אין ישראל און אפשר איז דאָס אַ גאָלדן בריקל נישט צום צווייטן* נאָר צום דריטן אָפּטייל ג׳ — דאָרט ווו ס'ווערט באַהאַנדלט ישראל־ליטעראַטור, ישראל־ווירקלעכקייט און ישראל־פּראָבלעמאַטיק?

דער עפּיגראַף צום אָפּטייל ג׳ — "עס איז געווען בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, — ווען מאַיאַ, דעמאָלט פינף יאָר אַלט, האָט מיך פלוצים געפרעגט:
— מאַמע, אַ מלחמה ענדיקט זיך אַ מאָל?"!...

די דאָזיקע האַרבע קשיא קאָן — ביז היינט — מיט רעכט פרעגן יעדער ישראל־קינד, ווייל מיר לעבן און אָטעמען, באַאַרבעטן און פלאַנצן באָדן, בויען שטעט און שאַפן ווערק, כאָוועץ קינדער — אין אַ מצב פון פּערמאַנענטער מלחמה מיט אונדזערע פילצאָליקע פיינט, וואָס ווילן בשום־אופן נישט משלים זיין מיט אונדזער עצם־עקזיסטענץ.

אַוודאי ווערן אויך אין אָפּטייל ג׳ באַהאַנדלט ווערק — ביכער פון העברעישע מחברים און בעיקר — דאָקומענטאַרע און האַלב־דאָקומענטאַרע שאַפונגען, ווערק, וואָס זענען שוין באַרימט, באַליבט און לייענען זיך מיטן גרעסטן אינטערעס אויך ווייט אויסער די גרענעצן פון אונדזער מדינה: "ימי צקלג" פון ס. יזהר, אַ בוך וואָס שילדערט איינעם פון די טראַגיש־דערהויבנסטע קריגס־עפּיזאָדן, בעת דער באַפרייונגס־מלחמה פון 1948. "ירושלים לנצח" — אַ בוך "וועגן דער איבער־מענטשלעכער גבורה פון די ישראל־פּאַראַשוטיסטן אין קאַמף פאַר דער עיר העתיקה", "דאָס טאָגבוך פון אַ זעלנער" ("יומנו של חייל") פון יהושע בר דיין, דער ווונדערלעך־איינציקאַרטיקער קאָלעקטיווער ספר "קעמפער דערציילן" ("שיח

---

* אין אָפּטייל ב׳ קומען עסייען וועגן פּרויען־שאַפונג (מרים אולינאָווער, רייזל זשיכלינסקי, רחל ינאית־בן־צבי, יוכבד בת־מרים, הדסה רובין), געבנדיק טרעפלעכע ליטעראַרישע פּאָרטרעטן, רעדנדיק וועגן דער איינמאָליקער שעפערישער באַזונדערקייט פון יעדער באַליבטער דיכטערין, דערווייזט גיטל מייזיל קרעפטיק און איבערצייגעוודיק די ספּעציפישקייט פון פּרויען־פּאָעזיע בכלל, ביי דער גלייכבאַרעכטיקטער פולווערטיקייט פון אַט דער שאַפונג. ליידער קאָנען מיר זיך איצט נישט אָפּשטעלן גענויער אויף אַט די אויסנעמלעכע אַרבעטן. ס'ווילט זיך אויך אָפּמערקן דעם טיף־אַנאַליטישן, אוניווערסאַלן עסיי "ווירדזשיניאַ וואָלף און אירע מיטצייטלער", וואָס פאַרדינט, גלייב איך, אַ באַזונדער אָפּהאַנדלונג.
ל. פּ.

לוחמים״), וועלכן מיר פאַרמאָגן שוין אין אַ פיינער יידיש־איבערזעצונג (פּרץ־פאַרלאַג, 1969), וועגן נאָך און נאָך פון אַט דעם אַלץ וואָקסנדיקן ביכער־טורעם, ווי גיטל מייזיל באַצייכנט. דער יידיש־לייענער וועט, גלייב איך, מיט בריענדיקן אינטערעס איינהערן זיך אין דעם איינגעהאַלטענעם געשפּרעך וועגן וואָס עס גייט אַ רייד אין אַט די ביכער און וואָס עס האָט צו זאָגן, זי אַליין, די מחברין פון ״עסייען״, וועגן און אַרום אַט די ביכער...

און ווער ווייס, אפשר גראָד אַ דאַנק די קאַרגע, פּשוטע רייד פון גיטל מייזיל, וועט דער יידיש־לייענער פון גאָר דער וועלט זיך פאַרטיפן און נאָך מער דער־נענטערן זיך צו דער ״עמאָציאָנעלער מאַפּע פון ישראל״, צו דער אויבנאויפיק־״שטעכיקער״, ״אָפּגעפרעמדטער״ און דאָך טיף־יידישער פּסיכאָלאָגיע פון אונדזער העלדישער און צערטלעכער סאַברע־יוגנט, צו אונדזערע יידישע מאַמעס פון ישראל און צו אונדזערע קינדער, וואָס חלומען טראָץ דער האַרבסטער וואָר: ״דער שלום איז אַזוי ליב, אַזוי שטיל און ווייל...״ און נאָך: ״נצחון בידינו אך עצב בליבנו״ — ״דער זיג איז אין אונדזערע הענט, אָבער טרויער אין אונדזער האַרצן״. אפשר וועט דער יידיש־לייענער זיך מער דערנענטערן צום גרויסן סוד אונדזערן, צום נס פון נצח ישראל...

גיטל מייזיל, ווי געזאָגט, פּירט אַן איינגעהאַלטענעם, אַ טיף עמאָציאָנעלן געשפּרעך און ס׳מערקט זיך אין לעצטן אָפּטייל פון אירע עסייען אויך אַ בייער שטראָם וואָס אין די פריערדיקע אָפּטיילן האָט ער קוים געריזלט — ס׳גייט אַ רייד וועגן דעם פּובליציסטישן שטראָם.

יאָ, פּובליציסטיק, אָבער וואָס פאַר אַ פּובליציסטיק! דאָס רעדט און דערציילט, דאָס גיסט אויס איר פּיינלעכן צער־און־צאָרן, דאָס שטייט אַ טיף דערשיטערטע פון גרויס חידוש און באַוווּנדערונג איבער דעם נס־ישראל, אַ שרייבער פון 50 יאָר ארץ־ישראלדיקייט!

דאָס רעדט אַ מאַמע און אַ באָבע פון סאַברעס, געזונט זאָל זי זיין צוזאַמען מיט די קינדער און אייניקלעך אונדזערע!

ד. ספּאַרד

# קריטישע פאַרצייכענונגען

## אין אָנדענק פון אפרים אויערבאַך

יעדעס לאַנד האָט, לויט דער יידישע לעגענדע זיין שׂר אין הימל. יעדעס לאַנד, הייסט עס, עקזיסטירט צוויי־געשטאַלטיק: למטה, ווי אַ לאַנד פון וואַכע־דיקער טאָג־טעגלעכקייט, פון כולו גשמיות, און למעלה, ווי אַ לאַנד פון גייסט, קולטור, קונסט און וויסנשאַפט, וועלכע גייען איבער פון דור צו דור און שאַפן אין פאַראַלגעמיינערטן און כאַראַקטעריסטישן סך־הכל דעם אייגנאַרטיקן קלסתר־פנים פון יעדן פאָלק צווישן אַלע אַנדערע פעלקער.

אין די שאַפונגען פון די דיכטער, ווי פון אַלע אַנדערע קינסטלער, קומט אויף דאָס לאַנד פון למעלה, די כאַראַקטעריסטישע נשמה־יתירה פון פאָלק. וויפל יידישע קינסטלער האָבן געשאַפן די נשמות־יתירות פון פרעמדע פעלקער, אָדער לכל־הפחות געהאָלפן שאַפן? ס׳איז נאָך נישט אונטערגעפירט געוואָרן דער חשבון, וואָס יידן בכלל און יידישע גייסט־מענטשן בפרט האָבן באַקומען פון די לענדער, אין וועלכע זיי האָבן געוווינט, און וואָס זיי האָבן געגעבן. אָבער דאָס איז אַ טעמע פאַר זיך.

אין דעם איצטיקן פאַל וויל איך בלויז זאָגן, אַז איך האָב דערקענט דעם דיכטער אפרים אויערבאַך נישט דורך דעם, וואָס איך בין אין זיין לאַנד געגאַנגען. איך בין אין בעסאַראַביע נישט געווען. איך האָב דערקענט דעם דיכטער נישט דורך דעם, וואָס בעסאַראַביע האָט אים געגעבן, נאָר דורך דעם, וואָס ער האָט בעסאַראַביע געגעבן, דערהויבנדיק זי פון בעסאַראַביע של מטה צו אַ בעסאַראַביע של מעלה, צו אַ בעסאַראַביע של שירה, אין וועלכער

עס זינגט נאָך אַלץ דאָס וואָלעכל צעצויגן
מיט דער דוינע ווערט אַנטשלאָפן נאָך די סטינע
און עס טרעפט נישט איין מאָל, אַז מען מאַכט נאָר צו די אויגן
גיט אַ בלישטשע אַ פאַרביאַלע, ווי אַ פרומע תחינה

און אין וועלכער

— — — — — — — — — — — — —

״אַ יידישער מחבר,
אַז ער זוכט אַ פירוש אויף אַ טאָג, וואָס איז אים נישט געראָטן,
איז צו וועמען רעדט ער? צו די אייגענע, צו די בעסאַראַבער״.

דאָס האָט דער דיכטער אפרים אויערבאַך דורך דעם איידעלן טרויער פון זיין דיכטונג און דורך איר הייליקער וואָכעדיקייט אַנטפּלעקט פאַר מיר בעסאַ־ראַביע, ווי אַ בעל־שמישע באַלאַדע, וווּ אין יעדער פריידיקער התגלות ציטערט אַ פּאַסיקל געוויין, די שבת־יום־טובדיקע טעג זענען אָנגעטאָן אין סערמעגעס און אין לאַפּטשעס און דער שמועס מיט דער שכינה וועגן ענינים, וואָס שטייען מרובו של עולם, ווערט געפירט אין לשון יידיש.

אַ, וואָכעדיקע מנחה קום און דאַוון ——
— זאָגט דער דיכטער —
וואָס וואָכעדיקער זי איז און גרויער,
אַלץ לויטערער ווערט אין מיר דער טרויער.

די וואָכעדיקייט איז געווען דער בעסאַראַבישער נוסח פון אפרים אויערבאַכס דיכטונג, דער סינאָנים פון פּשטות, געמיטלעכקייט, ליבשאַפט צום פאָלק און צו זיין שפּראַך, אָבער דער אינהאַלט פון דער דאַזיקער דיכטונג זענען געווען מענטש־לעכע בענקשאַפטן און הייליקייטן "יידיש — זאָגט דער דיכטער — האָט צונויפ־געקנופּט די דוינע מיטן בעל־שם־טובס פאָדעם זייד".

פאַראַן דיכטער, וואָס זייער דיכטונג איז כולה די וועלט.
פאַראַן דיכטער, וואָס זייער דיכטונג איז כולה יענע וועלט.

יעדער איינער פון די דאַזיקע דיכטער איז אויף זיין אופן גאַנץ מיט זיך און ער קאָן זיך דערלויבן אין דער רו פון זיין פּאָעטיש געצעלט אויף פאַרשידענע מאַניערן, שאַרפזיניקייטן און איינפאַלן. ערגער איז די דיכטער, וועלכע געפינען זיך צווישן די צוויי וועלטן, זוכנדיק דעם באַשייד פון זיי ביידע און דעם איבער־גאַנג פון איינער צו דער צווייטער. זיי איז פרעמד יעדע מאַניער, יעדע געמאַכטע שורה, ווי שאַרפזיניק און איינפאַלעריש זי זאָל נישט זיין.

אפרים אויערבאַך איז געווען אַזאַ פּאָעט. ער האָט געזוכט דעם אורשטאַם פון זאַכן און זייער באַשייד, דעם קוואַל פון גוטן און שלעכטן, פון שיינעם און מיאוסן, דאָס וווּנדער פון לעבן און דאָס רעטעניש פון טויט:

"מיר די וווּנדער־וווּנדער פאַרגייער ———
ווי די ביימער פאַרגליווערט אין שרעק
בלייבן שטיין פאַרן סוד פון דער שקיעה,
אַזוי שטיי איך ביי דעם סוף פון די טעג..."

דאָס לעבן, וואָס אפרים אויערבאַך האָט ליב געהאַט מיט אַזאַ געזונטער ערדישער ליבע, וועלכע איז געקומען אַזוי פּלאַסטיש צום אויסדרוק אין די שורות:

"כ'וועל נעמען שטיקער פעלד און האלדזען, קושן גאט'ס באשאף
מיט זאנגען האריקע וויל איך זיך פאראיידלען און פארגרעבן
נישטא אויף דעם קיין פסוק, נישטא אויף דעם קיין דף,
א הארץ איז דא אויף דעם" — —

דאס דאזיקע לעבן איז גלייכצייטיק פאר אים געווען א גרויסער סוד, וואס האט אנגעפילט זיין מחשבה מיט אומרו און בייגיר:

"שטילקייט אין דער שטילקייט איז נישט שטיל,
שטילקייט איז א ווייטערדיקער געדאנק
פונעם מענטשנס אויסגערעדטע רייד".

אדער:

אפילו רייד נאך נישט גערעדטע
אפילו מעשים נישט געטוענע זיי זענען ישן.
א פייער אז סע ברענט נישט, דארף מען אויך פארלעשן".

אפרים אויערבאך איז געווען א מייסטער אין אויסגעפינען די סאמע פשוטסטע און סאמע שפארזאמסטע מיטלען אויף אויסצודריקן די סאמע קאמפליצירטסטע געפילן און מחשבות. ער האט אויפגעכאפט די סאמע דינסטע ניואנסן אין דער נאטור און אין מענטשלעכע איבערלעבונגען, איבערגעבנדיק זיי אין בילדער, וועלכע האבן כמעט תמיד געוואנדלט אין נאציאנאלן שטייגער און זענען ארומ־גענומען אלע מאל פון א דיסקרעטן טרויער:

דאס פארנאכטיקע זילבער איז קיל,
ווי צו נעילה א פרומע עטרה" — — —

וואס פאר א שטארק און אינטים געפיל פארבינדט אין די דאזיקע צוויי שורות אויערבאכן, דעם פיינפילנדיקן דיכטער, מיט אויערבאכן, דעם טיף־פילנדיקן יידן אין איין גאנצקייט! און ווי עכט און אריגינעל־יידיש איז דאס בילד אן און פאר זיך!

דאס איז בלויז איין מוסטער פון הונדערטער, כדי זיך צו שאפן א פאר־שטעלונג וועגן אפרים אויערבאכס ספעציפישער ליריק, אין וועלכער דאס מענ־טשלעכע און יידישע איז אזוי באהאפטן צוזאמען מיט פשוטע און שפארזאמע ווערטער אין איין דיכטערישער דערהויבונג און אין וועלכער די שעפערישע פרייד פון זוכן איז תמיד אויסגעמישט מיט א שטילן טרויער פון נישט געפינען. דאס איז א ליריק, וועלכע איז אומאויפהערלעך באהערשט פון א ליידנשאפטלעכן

באַגער צו דערגרייכן דעם מהות פון זאַכן, אַ ליריק פון אַן אייביקן אומרואיקן זוכן, וואָס מאַכט אויפּרודערן די הערצער פון מענטשן, אָבער וואָס לייטערט זיי גלייכצייטיק, שאַפנדיק אין זיי דאָס גרויסע געפיל פון געמיינזאַמקייט מיט דער גאַנצער נאַטור. דער דיכטער אַליין האָט דערגרייכט די דאָזיקע אויסגעלייטערטע רו, אויסדריקנדיק זי אין אַ גאַנצער ריי לידער אין וווּנדערלעכע וויזיאָנעלע ביל־דער, וועלכע זענען דורכגענומען מיט אַ מין הייליקער פשטות און תמימות, ווי תפילות:

„אויף לאַנקעס די שאָף און די רינדער
פאַרוווּנדערטע קוקן צום גליק,
וו ס׳גייען דערוואַקסענע קינדער
אַליין צו דער אייביקער וויג״.

דאָס זענען לידער, וועלכע האָבן ווי קוואַלן זיך געלייטערט דורך צענדליקער פעלדזיקע און זאַמדיקע שיכטן, ביז זיי זענען געקומען צו זייער אַנטפּלעקונג.

אפרים אויערבאַך געהערט אַן שום ספק צו די גרעסטע פּאָעטן, וועלכע עס האָט אַרויסגעגעבן די בעסאַראַבישע ערד און וועלכע זענען נישט נאָר געוואָרן באַווירקט פון איר נאַטור, פון אירע מענטשן און מנהגים, נאָר וועלכע האָבן די דאָזיקע באַווירקונגען אין ריינסטער קינסטלערישער געשטאַלטיקונג דערהויבן צו אַלגעמיינע ווערטן. און ס׳איז פאַר אפרים אויערבאַכן און זיין ליד, ווי אַנגעמאָסטן זיין אייגענער פערז:

„אַז שטערן לעשן זיך, בלייבט אַלץ נאָך איבער איינער,
אַן עלנטער, דערציטערטער באַהיטער,
וואָס בלייכער ווערט דער הימל, בלישטשעט ער אַלץ ריינער,
דער נאַכט געטרייער, שיינענדיקער ריטער״.

ווייל איצט נאָך זיין אויסלעשן זיך האָט אויך ער, דער ריטער פון דער יידישער ליטעראַטור, אויפגעשיינט פאַר אונדז נאָך ריינער מיט זיין עכטן וואָרט.

וואָס זעט אונדז אויס צו זיין רואיק, און עס איז פול מיט אומרו,

וואָס קומט צו אונדז אין וואָכעדיקער קליידונג, און איז כולו שבת,

וואָס זעט אונדז אויס שטענדיק קלאָר, און עס איז כולו סוד און וואָס רעדט צו אונדז פּראָסט און פשוט און איז פול מיט מענטשלעכער גוטסקייט און מילדער חכמה.

אַזעלכע פּאָעטן בלייבן שטענדיק אין דער ליטעראַטור פון אַ פאָלק.

## וועגן דעם בוך „אונטער די שטערן פון נגב" פון ב. שלעווין

דאָס בוך באַזיצט אַלע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון שלעווינס פּראָזע:

די שאַרפע צייכענונג פון די געשטאַלטן און געשעענישן, זייער האַרבע קאָמפּראָמיסלאָזע שילדערונג, אַרומגענומען גלייכצייטיק פון אַ פאַרנעפּלטער און שטימונגספולער אַטמאָספער;

דאָס גיין ווי פון דער זייט, מיט אַ באַזונדערער סטעזשקע, און נישט אויס־לאָזן פון אויג דעם צענטראַלן שליאַך פון אונדזער צייט;

דאָס אַרויסברענגען מכלומרשט נישט קיין עיקרדיקע דעטאַלן, וועלכע גיבן אין סך־הכל אַ פאַרגאַנצט און וועזנטלעך בילד;

אַן אינערלעכע אייגנגעהאַלטנקייט און געצוימקייט האַנט־ביי־האַנט מיט דרייסטן אויסדרוק און געוואַגטער שילדערונג;

און דער ברייטער סאָציאַלער הינטערגרונט, וועלכער קומט נישט אין דער פאָרם פון אַ באַגלייט־באַשרייבונג, נאָר איז אַן אָרגאַנישער טייל פון גאַנצן.

די דאָזיקע אייגנשאַפטן קאָן מען באַמערקן שוין אין דער ערשטער פאַר־צייכענונג אין דעם בוך — „דער לעצטער ייד". געשריבן רעאַליסטיש, שטרענג, מיט אינערלעכער אויפגעבראַכטקייט קעגן דער יידן־שנאה אין פוילן פאַר די לעצטע יאָרן און קעגן דער פיינטלעכער און פאַראַכטנדיקער באַציונג מצד די פּאָליאַקן צו די יידן אין אַלע צייטן, פאַרמאָגט די דאָזיקע פאַרצייכענונג גלייכ־צייטיק אַ דיסקרעטן ראָמאַנטישן הויך און אַ לירישקייט, און פון אונטער אַלע פאַרדרוסן פּילט זיך אַרויס אַ פאַרליבטקייט אין דעם פוילן פון הויכע טאָפּאָלן, שמעקנדיקע יאָדלעס, גרינע לאָנקעס און שייַנע ווייסל־ברעגן, וועלכע זענען אַזוי אינטים געווען פאַרבונדן אין משך פון לאַנגע דורות מיט אַן איינגעפונדע־וועטער, אייגנאַרטיקער און ברוייזנדיקער יידישקייט פון תורה, חסידות, השכלה און בונט. און עס באַקומט זיך טאַקע אין לעצטן סך־הכל דער איינדרוק פון אַן „אַלטער כראָניק", ווי דער מחבר אַליין רופט אָן די פאַרצייכענונג, נישט געקוקט אויף דעם אַקטועלן, פריש־צאַפּלענדיקן סיוזשעט.

דאָס גלייכן דער פּסיכאָלאָגיש ריכטיקער, עמאָציאָנעל אָנגעלאָדענער און פּלאַס־טיש־שילדערנדיקער איבערבליק פון יידישן גייסטיקן מצב אין אַמעריקע, אייראָפּע און ישראל, געזען דורך דעם העלד פון דער נאָוועלע „אַ גוטע נאַכט, ברייטע וועלט". די געפּרעסטע, טרעפלעכע און רעאַליסטישע צייכענונג פון די געשטאַלטן, דערשיינונגען און פּראָבלעמען נעמען נישט אָפּ ביי דעם דאָזיקן קינסטלערישן דין־וחשבון פון די היינטצייטיקע שטימונגען און געמיט־צושטאַנדן פון די שעפער אין דער יידישער שפּראַך זיין אַלט־כראָניקאַלישן פּאַטין, ווי פון אַ מעשה שהיה מיט יאָרן צוריק. מען קאָן דאָס פאַרגלייכן צו אַן אַקטועל בילד, וואָס איז איינגערעמט אין אַן אַלטער גאָלד־געליישטער ראַם.

עטוואָס ענלעכעס קאָן מען אויך זאָגן וועגן דער נאָוועלע „אונטער די שטערן פון נגב". שלעווין גיט אין איר מיט אויסערגעוויינלעכן צימצום אַן אויספירלעך

בילד פון דער אידעענלאָזער און דעגענערירטער יוגנט פון אונדזער צייט. זי טראָגט אַרום זיך איבער דער וועלט אין היפּישע טראַנטעס מיט הויכע ליבקע פראַזן, וואָס אין דער ווירקלעכקייט זאָגן זיי גאָרנישט און פירן צו גאָרנישט. אין דער אמתן אין די דאָזיקע יוגנט עוסק אין לעבן בלויז מיט הערױאין, האַשיש און זנות און אייניקע אויך, מיט איבערפירן אויפרייס־מאַטעריאַל אין "אימפּע־ריאַליסטישן" ישראל, ביי דעם גאַנצן הייסן, אַקטועל־געזעלשאַפטלעכן אָטעם פון דעם סיפור־המעשה און בולטער צייכענונג פון די באַזונדערע געשטאַלטן און זייערע פּערזענלעכע קאָנפליקטן, באַקומען מיר צום סוף אַ מין אַפּאָקאַליפּטיש בילד פון דער צייט, ווען עס קומט אויס דעם יידישן פאָלק אין די שווערסטע באַדינגונגען צו קעמפן פאַר זיין פיזישן און גייסטיקן קיום.

אויך די איבעריקע נאָוועלן גיבן מיט אינערלעכער שפּאַנונג אינטערעסאַנטע און בולט געשילדערטע בילדער, אין וועלכע אויף דעם פאָן פון אונדזער צע־רודערטער צייט ווערן אַרויסגעבראַכט שפּליטערס פון דער חרוב־געוואָרענער יידישער וועלט, ווי אויך פאַרשידנאַרטיקע און פאַרשידנפאַרביקע סביבות און פּראָבלעמען.

דער מחבר ברענגט צוזאַמען אין דעם בוך אין אַ אייגנאַרטיקן באַהעפט־נוסח פון דערמאָנונג, רעפּאָרטאַזש און פאַנטאַזיע אַלערליי יחידים און גרופּן מיט זייערע אידעען, מנהגים און התנהגות אונטער אַ שאַרף פּראָזשעקטאָרן־ליכט, אין וועלכן עס קומען אויף ביז גאָר בולט אַלע צוזאַמען און יעדער באַזונדער.

ספּעציעל טיילט זיך אויס די נאָוועלע "כ'האָב זיך יאָרן געוואָלגערט אין דער פרעמד". דאָס איז אַ צוקונפט־וויזיע וועגן דעם לעצטן יידישן שרייבער, וועלכער דערלעבט צו דעם פאַנטאַסטישן פאַנאַנדערבוי פון מדינת־ישראל, אָבער גלייכ־צייטיק אויך צו דעם פולן אונטערגאַנג פון דער קולטור אין יידיש, וועלכע ווערט נעגירט און אפילו אויסגעלאַכט דורך דער ישראל־יוגנט, וועלכע איז בכלל משונהדיק סיי אין איר אויפפירונג, סיי אין איר קליידונג, סיי אין איר פאַרלייקענען אַלע ווערטן.

מער פון אַלע פאָדערט די דאָזיקע נאָוועלע אַ באַזונדער גרינטלעכן אַנאַליז און דיסקוסיע לויט איר עצם אינהאַלט.

אין אַלגעמיין האָט דאָס בוך אַרויסגעבראַכט באַהאַוונט און אינטערעסאַנט אַ רייכע גאַלעריע פון הייַנטצייטיקע געשטאַלטן מיט זייער הייַנטצייטיקער קאָמפּ־ליצירטער פּראָבלעמאַטיק.

## אויפן ראַנד פון דעם בוך „דעם כוח פון יידישן הומאָר"
## פון שמעון דזשיגאַן

ווי פאַרשידן עס זאָלן נישט זיין די געביטן פון דער מענטשלעכער טעטיקייט, קאָן מען אָפּגעפינען עפּעס געמיינזאַמעס, וואָס דערמעגלעכט צו מאַכן צווישן זיי באַשטימטע פאַרגלייכן. אַזוי, למשל, קאָן מען באַטראַכטן אַ בוך, ווי אַ גייסטיק הויז, אין וועלכן דער שרייבער באַזעצט טייל מאָל אויסשליסלעך זיך אַליין, ווי אין אַ ליריש בוך, טייל מאָל אַ גרעסערע צאָל מענטשן — נאָענטע, צי ווייטע — און טייל מאָל אפילו ביידע צוזאַמען. און פּונקט ווי הייזער זענען פאַראַן אַזעלכע, אין וועלכע מען דערפילט זיך פון דער ערשטער מינוט, ווי ביי זיך אין שטוב, און אַזעלכע, וועלכע בלייבן אייביק פרעמד, אַזוי איז אויך מיט ביכער.

מיט דעם בוך פון שמעון דזשיגאַן „דער כוח פון יידישן הומאָר" דערפילט מען זיך היימיש און נאָענט גלייך פון ערשטן בלעטל. דאָס איז, ערשטנס, דערפאַר וואָס די סביבה, וועלכע דזשיגאַן באַשרייבט, איז פון אונדזער אייגענער וואָכעדיקער און יום־טובדיקער גאַס. מיר קענען דאָרט אַלע פאַרשויבען און זיי אַלע קענען אונדז. צווייטנס, דערפאַר, ווייל די שעפערישע געשטאַלט, וואָס הייסט דזשיגאַן, וועלכע וואַקסט אויס בהדרגהדיק אין דעם בוך — פון שווערקייטן, שטערונגען און שפּעטער אויך יסורים און פּיין — איז נישט פון יענע, וועלכע טוען זיך אָפּזונדערן ערגעץ אויף אַ באַרג און פון דאָרט אַרויסדונערן די קינסטלערישע אמתן, נאָר קומענדיק פון דער געדיכטעניש פון פאָלק, בלייבט דזשיגאַן שטענדיק באַהאַפטן מיט דעם, ווי אַ פלאַם מיט דעם חומר, וואָס איז דער קוואַל פון זיין וואַרעמקייט און ליכט. דזשיגאַנס קלוגער שמייכל און מילדער חוזק זענען גענומען פון פאָלק און פון זיין לשון און זענען צוריקגעגעבן דעם פאָלק אין אַ געלייטערטער, בצימצומדיקער און שלאַגפערטיקער פאָרם. דערפאַר האָט דזשיגאַן זוכה געווען צו זיין פּאָפּולער, געליבט און געשעצט, סיי פון פּשוטן האַרעפּאַשנעם יידן, סיי פון יידישן אַרבעטער און סיי פון דער יידישער אינטעליגענץ.

דערציילנדיק וועגן באַוווסטן יידישן רעוויו־טעאַטער, וואָס איז אַנטשטאַנען אין 1935 און אין וועלכן דזשיגאַן צוזאַמען מיט שומאַכערן ז״ל זענען געווען די הויפּט־זיילן, זאָגט דזשיגאַן: — „אין דעם דאָזיקן טעאַטער האָבן מיר געשטעלט דעם טראָפּ אויף אַקטועלער פּאָליטישער סאַטירע, אויף אָפּצולאַכן און אויסלאַכן די אַנטיסעמיטן מכל המינים, דערביי אויך אויף אויסלאַכן און אָפּלאַכן פון די כלערליי יידישע אַסימילאַטאָרן, וואָס קריכן נאָך אויף אַלע פיר דאָרט, ווו מען וויל זיי נישט און ווו מען וואַרפט זיי אַרויס נישט בלויז דורך דער טיר, נאָר אויך דורכן פענצטער".

אַזעלכע אויפגאַבן האָט דאָס טעאַטער זיך טאַקע געשטעלט. אָבער אַזעלכע אויפגאַבן האָבן זיך געשטעלט אויף פיל אַנדערע טעאַטערן. נישט מער, אין דער קונסט דעצידירן נישט די אויפגאַבן, וועלכע מען שטעלט זיך, נאָר ווי אַזוי מען פאַרווירקלעכט זיי. מען קאָן אויף דער בינע דונערן און בליצן און קיינעם נישט

איבערשרעקן. און עס קאָן אויף אַ בינע אָן דעקאָראַציעס אַרויסגיין אַן אַקטיאָר אָן גרים און מיט זיין בלויזן שווייגן מאַכן ציטערן די הערצער. דאָס גלייכן קאָן מען אַ מאָל אויף דער בינע אָפּהוזקן פון דער גאַנצער וועלט און בלויז אַליין בלייבן דער חוזק. אין דעם טעאַטער פון דזשיגאַן און שומאַכער זענען נישט די אויפגאַבן געווען ניי און אַנטפּלעקעריש. אַנטפּלעקעריש זענען געווען די פאַר־ווירקלעכער פון די אויפגאַבן.

די סיבה פון דזשיגאַנס אויסנאַמלעכן דערפאָלג ביי אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, פון זיין טרעפן צום האַרץ פון יערן יידן, ליגט קודם־כל אין אים גופא, אין דער אייגנאַרטיקייט פון זיין טאַלאַנט, אין דער באַהעפטונג אין זיין וואָרט פון טראַגישן און הומאָריסטישן גלייכצייטיק, אין דער אייגנטימ־לעכער אינטערפּרעטאַציע פון מענטשן און סיטואַציעס. שמעון דזשיגאַן לאַכט אויס און באַדויערט, פאַרווייִלט און מאַכט אומעטיק, ווייזט אָן אויף פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע פאַרקריפּלונגען און אין דער זעלבער צייט דייט ער אָן אויף זייערע סיבות. דזשיגאַן האָט אָנגעבונדן צו די קלוגע, פילאָזאָפישע יידישע ליצנים און צו דעם ספּעציפישן יידישן הומאָר פון געלעכטער דורך טרערן, וועלכער איז געווען אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון אונדזער קלאַסישער ליטעראַטור.

אין די טעקסטן, מיט וועלכע עס באַנוצט זיך דזשיגאַן, געשריבענע פון טאַלאַנטירטע הומאָריסטן און פון אים אַליין, זענען פאַראַן גענוג קאָמישע מאָ־מענטן, וועלכע וואָלטן פאַר פיל אַקטיאָרן געווען גענוג צו פאַרווייִלן דעם עולם. ביי שמעון דזשיגאַן באַקומט דער טעקסט גאָר אַן אַנדער אויסמעסטונג און דאָס וואָרט אַ רייכע גאַמע פון אויסטייטשן, אָפּהענגיק פון דעם אַקצענט, פון דער אינטאָנאַציע, פון דער תנועה. אין דער שטיל פון שמעון דזשיגאַן אַנטפּלעקט די יידישע שפּראַך נישט בלויז איר סעמאַנטישע עשירות, נאָר אויך איר באַזונ־דערע קלוגשאַפט, וועלכע שטאַמט פון דורותדיקע דערפאַרונגען און איבערלע־בונגען, אייַנגעזאַמלטע אין זכרון פון פאָלק. דאָס זעלבע וואָרט אַנדערש אינטאָ־נירט, באַגלייט פון אַן אַנדער תנועה, באַקומט אַן אַנדער אינהאַלט, טייל מאָל אפילו אַ קעגנזעצלעכן. די באַדינגונגען, אין וועלכע דאָס יידישע פאָלק האָט געלעבט אין משך פון דורות, האָבן דעם אויסגעלערנט זיך אויסצודריקן און פאַרשטענדיקן מיט תנועות, מיט רמזים, מיט פאַרשידענע אינטאָנירונגען פון דעם זעלבן וואָרט.

שמעון דזשיגאַן האָט געשעפּט פולע הויפנס פון אָט דער אָנגעזאַמלטער דינאַמישער רייכקייט פון דער יידישער שפּראַך, סיי כדי צו מאַכן די הומאָריס־טישע טעקסטן פאַרטיפטער און פילפאַרביקער, סיי כדי זיי צוצוגעבן אַ וואָס מער יידישלעכן קאָליר. דאָס בלויזע דערשיינען פון דזשיגאַנען אויף דער סצענע האָט שוין געשאַפן אַ ספּעציפישע אַטמאָספער, וועלכע איז געווען אָנגעלאָדן מיט די שטימונגען און געמיט־צושטאַנדן פון צוהערער עולם. דאָס וואָרט פון דזשיגאַנען איז נישט געלעגן אויף קיין אַנאָנימער פלאַך, נאָר געוואָרצלט אין דעם זעלבן צוהערער־עולם און אַרויסגערופן פילזייטיקע אַלוזיעס. עס איז מיט זיין סאַטי־

רישער שאַרף געווענדט צום פּיינטלעכן אַרום, אָבער עס האָט אויך נישט ווייניק פּאַרמאָגט אין זיך זעלבסט־סאַטירע און זעלבסט־איראָניע. עס האָט געריעדט צום מוח און צום האַרץ גלייכצייטיק, איז נישט געווען קיין בלויז פייערווערק, וואָס גיט אַ פינקל און פאַרשווינדט, נאָר אויך סטימולירט נאָכצוטראַכטן.

אַזאַ איין דזשיגאַן געווען יעדעס מאָל, ווען ער האָט אַלע זיינע אַקטיאָרישע מיטלען און אייגנשאַפטן צונויפגענומען אין איין לעבעדיקער גאַנצקייט פון זיין סצעניש־אָרגינעלער, פאַלקסטימלעכער און אויטענטישער געשטאַלט און ווען זיינע ביטערע טענות צו דער וועלט, צו די יידן און אפילו צו זיך אַליין זענען געווען געמילדערט דורך אַ קלוגן שמייכל פון באַדויער און פאַרשטענדעניש. דזשיגאַנס באַרימטער רעקוויזיט די רויטע פאַטשיילע, די לאַנגע קאַפּאָטע און דאָס קליינע פוילישע היטעלע, האָט נאָר בלויז אילוסטרירט און אונטערגעשטראָכן די דאָזיקע געשטאַלט. פון דזשיגאַנס ספּעציפיש לשון, פון זיין באַזונדערער תנועה, פון אייגנטימלעכן טאָן הערט זיך נישט בלויז באַשולדיקונג קעגן די פרעמדע שונאים און אייגענע שמענדריקעס, נאָר גלייכצייטיק אויך שאַרפער יידישער אָפּלאָך און ביטול, וועלכע זענען געוואָרן מיט דער צייט אַ מין נאַציאָנאַל גייסטיק געווער און אָפּווער־מיטל. ביי אַ געלעגנהייט האָט שמעון דזשיגאַן געהאַט אַרויסגע־בראַכט אַזאַ אַפאָריזם: "יידישע פרייד איז געקניפּט און געבונדן מיט יידישן טרערן. אַ מכה ווייסן די גויים פון אַזאַ נחת..." דעם דאָזיקן "נחת" קאָן מען נישט קויפן אין קיין שום קראָם. ער קומט אין רעזולטאַט פון אַ לאַנגן אינערלעכן אַנזאַמל אין פאָלק פון פאַרביטערטקייט און דערשטיקטן בונט און געפינט זיין אַנטפּלעקונג אין איינעם, אָדער אייניקע פון זיינע געזאַלבטע שליחים.

דער יידישער עולם אין פוילן אין די צייטן פון די שטייגער־פּראָצעסן, טשעטשאַקס און פּשיטיקס האָט אין דער געשטאַלט פון דזשיגאַנען געזען די פאַרקערפּערונג פון זיין אייגענער ביטערניש, בטחון און בונט, זיין גייסטיקן ווידערשטאַנד דורך געלעכטער און ביטול. און דעריבער האָט יעדער אַרויסטריט פון דזשיגאַנען זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געשעעניש, אין אַ רעאַקציע פון פאָלק אויף די מעשים פון זיינע אויסערלעכע באַדריקער און אינערלעכע פאַרשעמער, צעיאָגנדיק מיט דער רויטער פאַטשיילע די מרה־שחורה פון יענער צייט.

אין די קוואַליטאַטיוו נייע און אַנדערשדיקע באַדינגונגען פון ישראל האָבן זיך, פאַרשטענדלעך, געענדערט פולשטענדיק די סטימולן און די פאָרמען פון דער דרויסנדיקער שנאה צו אונדז און אויך פון אונדזער אייגענעם אינערלעכן שמענדריקיזם. אָבער טאַקע נאָר די פאָרמען. די צייטן פון שנאה און שמענדרי־קיזם זענען נאָך ווייט נישט פאַרביי, און קיין שום קינסטלער קאָן זיי נישט פאַרבייגיין, און קיין שום שעפערישער אומרו קאָן זיך זיי נישט מאַכן נישט זעענדיק. ווייל טאַלאַנט איז קודם־כל דרייסטקייט און געוואַגטקייט לגבי אַלעמען, לגבי זיך, ווי לגבי אַנדערע.

האָבן מיר טאַקע אין דעם נאָר וואָס דערשינענעם בוך פון שמעון דזשיגאַן — "דער כוח פון יידישן הומאָר" — אייניקע מוסטערן פון אַזאַ דרייסטער סאַטירע

שוין פּאַרן ישׂראלדיקן געברויך, וועלכע באַקומען זייער פולן תּיקון אין דער דזשיגאַנישער אינטערפּרעטאַציע שבעל־פּה. די און פיל אַנדערע ענלעכע צו זיי האָבן געשאַפן דעם קינסטלערישן המשך פון דער דזשיגאַנישער געשטאַלט. אָבער דאָס בוך גופא באַזיצט זיינע אייגענע ליטעראַרישע וואַלאָרן. עס איז אָנגעשריבן מיט אַ סך הומאָר און מיט אַ סך אומעט, און דער עיקר, עס איז אָנגעשריבן פּשוט און מענטשלעך און הייבט אַרויס לעבעדיק, באַטירלעך און אינטערעסאַנט אַ רייכע, פילפאַרביקע עפּאָכע אין יידישן לעבן, וועלכע איז אַזוי קאַשמאַריש פאַרשוווּנדן און וועט זיך שוין קיין מאָל נישט צוריקקערן.

## "געביילטע פויסטן" פון זאַמי פעדער

טויזנטער עדותן, זכרונות, טאָג־ביכער און ליטעראַרישע ווערק דערציילן וועגן די גרויליקע אכזריותן פון די נאַציס, וועגן זייער אוממענטשלעכער און חיה־שער האַנדלונג לגבי קינדער, פרויען און זקנים אָן שום שולד מצד די לעצטע. די זעלבן עדותן, זכרונות ,טאָג־ביכער און ליטעראַרישע ווערק דערציילן אויך וועגן די שוידערלעכע איבערלעבונגען פון די קרבנות און וועגן דעם, ווי אַזוי אונטער דעם כסדרדיקן פּחד פאַר די גרויזאַמע דערנידעריקונגען, יסורים און מיתות משונות האָבן מענטשן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַלע קולטור־הויטן, מיט וועלכע זיי זענען געוואָרן באַוואָקסן אין משך פון יאָרטויזנטער, און זיך פאַרוואַנדלט צוריק אין הונגעריקע געשלאָגענע באַשעפענישן. עס זענען אויך פאַראַן נישט ווייניק באַשרייבונגען און פאַרצייכענונגען וועגן העלדישקייט פון טויזנטער יידן אין די געטאָס און לאַגערן און באַזונדערס אין די פאַרשידענע רעגולערע אַרמייען און פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען. אָבער מיר האָבן נישט זייער פיל וועגן דעם גייסטיקן ווידערשטאַנד פון יחידים אין די נעגל פון דער פאַרצוקנדער חיה. אַוודאי לויכטן אויף אַזעלכע הייליקע געשטאַלטן פון דאָ און דאָרט אין דער אוממיטלבאַרער שואה־ליטעראַטור און עס זענען פאַראַן אייניקע גלענצנדיקע קינסטלערישע שילדערונגען אויף דער טעמע. אָבער דאָס באַקענען און דערלערנען די גבורה פון מענטשן אין אַ צייט, ווען זיינע יידן זענען דערפירט געוואָרן צו געשפּענסטיקע פאָרמען, איז אַזוי וויכטיק פון אַלע שטאַנדפּונקטן, אַז יעדע צוגעקומענע אויף דעם געביט פּובליקאַציע איז אַ געווינס.

די זאַמלונג דערציילונגען פון זאַמי פעדער "געביילטע פויסטן" געהערט צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע. זאַמי פעדער האָט אַליין דורכגעמאַכט דעם גיהנום פון פאַרשידענע נאַציסטישע לאַגערן, אַליין געווען אין די אָפּגרונטן פון פּיין. דאָך לאָזט ער זיך נישט פאַרפּלייצן פון אַ שפע פון געפילן און זכרונות. ער ווייסט אויסצוקלייבן פון דעם דורכגעלעבטן און געזעענעם מאָמענטן כאַראַקטעריסטישע און באַלערנדיקע און ער דערציילט זיי מיט אַ רויקייט, וועלכע רייסט אויף מער ווי אַ געשריי. אַזאַ איז די דערציילונג "שרה'לע", וועלכע גיט איבער דעם

דעמלטיקן גרויל אין קאַרגע דריי זייטלעך אויף אַ רירנדיקן אופן. דאָס גלייכן די דערציילונגען "יאָמע שוסטער", "דער פּאַפּירלעך־זאַמלער", "אַ, ווינטער־אָוונט אין בערגען־בעלזען" א.א. נאָך דאָס סאַמע וויכטיקסטע, וואָס איז ווערט אונטערצושטרייכן אין דער זאַמלונג, איז דאָס אַקצענטירן דורכן מחבר נישט אַזוי די מאָמענטן פון פּיין, ווי פון מענטשלעכער גבורה, פון יחידישן גייסטיקן ווידערשטאַנד.

כמעט אין יעדער דערציילונג ווייזט אָן דער מחבר אויף אַזאַ פּונקט, וועלכער האָט צוגעגעבן די אַסירים דעם מוט נישט צו ווערן פּאַרזונקען אין אַבסאָלוטער פינצטערניש. ווי אַ מענטש, וואָס טרינקט זיך און באַמיט זיך מיט די לעצטע כוחות זיך דערשלאָגן צום ברעג, אַזוי באַמיען זיך פיל אין די סאַמע האָפענונגס־לאָזע סיטואַציעס מיט די לעצטע אָנשטרענגונגען אָפּצוראַטעווען אויף פאַרשיי־דענע אופנים דאָס פינטעלע מענטש. דאָס זענען נישט קיין שרייבערישע קאָנ־סטרוקציעס, אויפגעבויטע פון דער פאַנטאַזיע, נאָר גוט צוגעקליבענע און גוט דערציילטע פאַקטן פון אַ ווירקלעכקייט, וועלכע דער מחבר אַליין האָט מיט־געלעבט. שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז דער מחבר אַליין איז געווען איינער פון אַזעלכע געשטאַלטן. אויסנוצנדיק זיינע רעזשיסערישע פעיקייטן, האָט ער געשאַפן אַ טעאַטער אין לאַגער, וועלכער איז פאַר די אסירים געווען פיל מער, ווי אַן אינדזל פאַר זיך טרינקנדיקע מענטשן. ער האָט די אסירים דערמאָנט אין זייער מענטשלעך לעבן פון אַ מאָל און דערמוטיקט זייערע נשמות אויף דער גרענעץ פון טויט. די דאָזיקע טעטיקייט פונעם מחבר איז גוט דאָקומענטירט אין דער זאַמלונג דורך אינטערעסאַנטע פאָטאָגראַפיעס און בילדער פון מאָלער־אסירים און אויך דורך דער געלונגענער באַאַרבעטונג פון שלום־עליכם׳ס "דער פאַר־כישופטער שניידער" דורכן מחבר.

אין סך־הכל קאָן מען זאָגן, אַז די זאַמלונג דערציילונגען "געבליטע פויסטן" פון זאַמי פעדער זענען אַ ביישטייער צו דער שואה־ליטעראַטור מיט זייער אויטענטישקייט, טעמאַטישן אויסוואַל און גוטער דערציילערישקייט.

---

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## "בלוט אויפן צלם"

אונטער אַזאַ נאָמען האָט דער פּרץ־פאַרלאַג אַרויסגעגעבן אַ נייַ בוך פון אונדזער חשובן מיטאַרבעטער, דעם שרייבער זאב עדרי (וולאַדיסלאַוו באַנק). אין בוך קומען אַריין דערציילונגען געשריבן אין יידיש ווי אויך איבערגעזעצטע פון פּויליש: וועגן דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועגן יידן אין דער פּוילישער אַרמיי ווי אויך דערציילונגען וועגן ישראל־לעבן — דאָס איז די טעמאַטיק פון אָט דעם בוך.

דאָס בוך איז פיין אַרויסגעגעבן מיט אַן אויספירלעכער הקדמה פון יהודה קערש און אַנטהאַלט 328 זייטן.

מרדכי חלמיש

# דער גורל פון משה בראָדערזאָן ז״ל

## צום דערשיינען פון זיין „דאָס לעצטע ליד"

די ווייטערדיקע שורות זענען נישט קיין קריטישע אָפּהאַנדלונג וועגן משה בראָדערזאָנס שאַפונג. עס איז אפילו נישט קיין אָפּשאַצונג פון זיין נישט לאַנג דערשינענעם בוך „דאָס לעצטע ליד" *, וואָס דער עיקרדיקער יישר־כוח דערפאַר, וואָס עס האָט סוף־כל־סוף, 18 יאָר נאָך בראָדערזאָנס מאַרטירער־טויט דערזען די ליכט־שיין, קומט זיין געטרייער לעבנס־באַגלייטערין שיינע מרים און זייער איינציקער טאָכטער חנה. אינספּירירט די דאָזיקע שורות האָט דער פאַקט, וואָס מאַכנדיק הכנות צו אַן אָוונט לזכרון משה בראָדערזאָנען, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין לייוויק־הויז אין תל־אביב אָנהויב יאַנואַר 1975, טאַקע אין שייכות מיטן דערשיינען פון זיינע לעצטע לידער, האָט זיך דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות אָנגעשטויסן אין אַ דערשטוינענדיקער זאַך: נישט בלויז, וואָס ס׳איז נישט פאַראַן ביז היינט קיין איין אויסשעפּנדיקע ביאָ־ביבליאָגראַפישע מאָנאָגראַפיע וועגן דער דאָזיקער מאַרקאַנטער געשטאַלט אין דער יידישער ליטעראַטור — אין כמעט אַלע אירע פאָרמען און זשאַנערן — נאָר די ערנסטע קריטיק און אונדזער ליטעראַטור־פאַר־

שונג האָט אים בכלל געווידמעט זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט. אפילו די ביאָגראַפיעס פון מ. בראָדערזאָן אין דעם לעקסיקאָן פון זלמן רייזין און אין דעם „לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור" זענען ווייט נישט פולקאָם (און טייל מאָל לײדער אויך נישט פּינקטלעך). געוויסע שטריכן פון זיין לעבן און שאַפן זענען צו קורצע כדי צו קאָנען געבן אַ וועלכעס איז גענוי בילד פון דער דאָזיקער פילזייטיקער און פילפאַרביקער געשטאַלט, וואָס האָט במשך פון צענדליקער יאָרן פאַרנומען אַזאַ חשובן פּלאַץ אין דער יידישער וואָרט־שאַפונג. מילא, רייזינס לעקסיקאָן איז דערשינען אין יאָר 1928, ווען בראָדערזאָן איז קוים געווען אין ערשטן דריטל פון זיין שעפערישן לעבן, קאָן מען דאָ נישט קומען מיט צופיל טענות. פאַרוואָס אָבער דער נייער לעקסיקאָן האָט בראָדערזאָנען אַזוי קורץ „אָפּגעפאַרטיקט" — דאָס איז ווייניקער פאַרשטענדלעך. ווייל אַ חוץ זיינע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור און טעאַטער־קונסט איז דאָך משה בראָדערזאָן געווען אויך אַ קרבן פון סטאַלינס רציחות און אין יאָר 1956, בעתן דערשיינען פון דעם ערשטן באַנד פון דאָזיקן לעקסיקאָן, איז שוין באַוווּסט געווען זיין גורל, אַז ער איז געווען פאַרשפאַרט און פאַרשיקט צוזאַמען מיט

* משה בראָדערזאָן, דאָס לעצטע ליד, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1974, 272 ז״ז.

די אַנדערע יידישע שרייבער אין רוסלאַנד, די הרוגי־מלכות, און אַז בלויז צוליב עפּעס אַ נס איז ער נישט געוואָרן דערשאָסן צוזאַמען מיט זיי.

פרעגט זיך טאַקע די פראַגע: ווי קומט עס, אַז סיי שמואל ניגער און סיי כמעט אַלע אַנדערע פראָמינענטע קריטיקער אונדזערע האָבן נישט געפונען פאַר נויטיק צו ווידמען בראָדערזאָנען אַ מער בכבודיקן פּלאַץ אין זייער קריטישער שאַפונג? און נאָך מער: שרייבער, עסייאיסטן און קריטיקער ווי יצחק יאַנאָסאָוויטש און ישעיה שפּיגל,ביידע בראָדערזאָנס בני־עיר, האָבן מיט אַ צייט צוריק אַרויסגעגעבן זייערע געזאַמלטע קריטישע אָפּהאַנדלונגען און אויך ביי זיי קאָנען מיר נישט געפינען קיין עסיי געווידמעט משה בראָדערזאָנען. ש. ביקל און דב סדן האָבן יאָ דערמאָנט, דאָ און דאָרט, בראָדערזאָנס נאָמען, אָבער דאָס איז געמאַכט בלויז אגב אורחא, בעת זיי שרייבן וועגן אַנדערע שרייבערס. און אויב נחמן מייזיל האָט יאָ אָנגעשריבן אַן ערנסטערן עסיי וועגן משה בראָדערזאָן און יצחק גרודבערג־טורקאָוו האָט בראָדערזאָנען געווידמעט אין זיין בוך „אויף מיין וועג" אַ וואַרעם־אָנגעשריבענעם פּאָרטרעט, האָבן זיי עס ביידע געטון ערשט אין שייכות מיט זיין טראַגישן טויט. אויך יעקב גלאַטשטיין ווידמעט בראָדערזאָנען ערשט נאָך זיין טויט איינעם פון זיינע גלענצנדע קורצע עסייען און באַצייכנט, אַז עס איז אים (בראָדערזאָנען) געווען „באַשערט צו ווערן דער סימבאָל פון דעם מיט געוואַלד־אָפּגעמעקטן יידישן שרייבער" אין סאָוויעט־רוסלאַנד *. איז עס באמת דערשטוינענדיק, אַזאַ אַזאַ שרייבער, מיט אַזאַ ביאָגראַפיע, איז כמעט ווי פאַרשוויגן געוואָרן.

גלייביקע מענטשן בכלל, און יידן־מאמינים בפרט, זענען, ווי באַוווּסט, שטאַרקע דעטערמיניסטן און גלויבן, אַז יעדע דערשיינונג און געשעעניש סיי אין דער נאַטור און סיי אין מענטשלעכן לעבן האָבן זיך זייערע סיבות. ווען מיר וואָלטן געהאַט גענוג כוח און צייט צו פאָרשן דעם ענין טיפער, וואָלטן מיר אפשר באַוויזן צו דערגיין לפחות צו אַ טייל פון די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען בראָדערזאָנס מערכה אין דער יידישער ליטעראַטור. אָבער מיר וועלן דאָס איבערלאָזן פאַר מער קאָמפּעטענטע פאָרשערס און דאָס מאָל זיך מסתפק זיין בלויז מיט אַ פּרוּוו אָנצוצייכענען עטלעכע שטריכן צו דער בראָדערזאָן־ביאָגראַפיע. אפשר וועט אויך דאָס זיין אַ שטיקל צושטייער צו געפינען דעם שליסל צום דאָזיקן מאָדנעם פאָרשונגרעטעניש.



מאָסקווע—ניעסוויזש—לאָדזש—מאָסקווע—וואַרשע — דאָס איז די **געאָגראַפיע** פון משה בראָדערזאָנס **ביאָגראַפיע**. דאָס זענען געווען די הויפּט־סטאַציעס פון זיין לאַנגיאָריקן נע־ונד. געבוירן דעם 23טן נאָוועמבער 1890 אין מאָסקווע איז ער פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן נאָך אַלס 4יעריק קינד צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה זיינער, בעת דעם באַרימטן גירוש־מאָסקווע. ביז ניין יאָר האָט ער זיך געהאָדעוועט ביי זיין זיידן ר' שמואל־לייב טוראָוו אין ניעסוויזש און עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז דער דאָזיקער זיידע דער תלמיד־חכם האָט ערלעך געזאָרגט דערפאַר, אַז זיין געלונגען איייניקל זאָל אין די דאָזיקע פאַרמאַטיווע יאָרן איינזאַפּן אין זיין יונגער נשמה וואָס מער תורה, יידישע חכמה און יידישן גייסט. די דאָזיקע גירסא־דינקותא וועט זיך טאַקע דערנאָך אָפּשפּיגלען מיט הונדערט קאָלירן אין בראָדערזאָנס וואָרט־שאַפונג.

דערווייל איז שוין די גאַנצע משפחה געווען אין לאָדזש און אין לעצטן יאָר פון 19טן יאָרהונדערט קומט דאָרט אַהין אויך דער 9־יעריקער משה און פאַר־

* יעקב גלאַטשטיין, אין תוך גענומען, באַנד 1, ז' 204.

בינדט זיין גורל מיט דער דאַזיקער שטאָט אויף גאַנצע פערציק יאָר, מיט איין איבעררייס בעת די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ביז ער פאַר־לאָזט לאָדזש אויף תמיד אין יאָר 1939 נאָך דער נאַציסטער אינוואַזיע קיין פוילן. אויך דעמאָלט איז ער עוקר קיין מאָסקווע, פונקט ווי ער האָט עס געטון בשעתן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווייזט אויס, אַז ער האָט צו דער דאַזיקער שטאָט תמיד גראַוויטירט גייסטיק און זי האָט אים געצויגן צו זיך ווי מיט אַ מאַגישן כוח. אין דער דאַזיקער שטאָט האָט דער קוים 27־יעריקער דיכטער, אויסגעפּיבערט די גרויסע שטורעמס פון אָקטאָבער 1917 און זיי האָבן ווייזט אויס, איבערגעלאָזט אַ שטענדיקן און טיפן רושם אין זיין פיל־באַרער נשמה. אַזוי ווייט, אַז נאָך אין יאָר 1947, עפּעס מער ווי אַ יאָר איידער סטאַלין מאַכט דעם פינצטערן שניט אין די רייען פון די יידישע שרייבערס — און צווישן זיי אויך בראָדערזאָן — און וואַרפט זיי אַריין אין די קעלערן פון דער ענקאַוועדע, שרייבט משה בראָדער־זאָן אין זיין ליד „מאַי אין מאָסקווע" אַזוי צו זאָגן :

ס'איז דריטער זיג־יאָר, אַנהייב פונעם
דריטן, — תחילת מאַי —
בליט מאָסקווע — פון לאַנד דאָס
רחבותדיקע האַרץ דאָס גרויסע.
רופט אַן מיר נאָך אַ שטאָט, ווו
ס'גראַמט זיך אַזוי מאַי מיט פריי,
ווו ס'פּילט זיך האַפערדיק אַזוי דער
בליענדיקער דרויסן ? !

און אויב דער דאַזיקער הימען צו זיין באַליבטער שטאָט איז צו ווייניק, קומען די ווייטערדיקע שורות און שטרייכן אונטער נאָך שטאַרקער זיין פאַרליבט־קייט אין איר. ער שרייבט :

מיין לייביקסטע געבורטשטאָט איז די
שטאָט,
מיט זעקס־און־פופציק יאָר צוריק כ'האָב
זי געהאָט פאַרלוירן.
איצט אָטעם איך ווידער מיט איר
מאַמעשער גענאָד —
אויף ס'ניי האָט זי מיך, איר וואַגלענ־
דיקן זון — אויף ס'ניי געבוירן...

ווידער אַ מאָל : מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געווען אין יאָר 1947 ! און מען מיינט דאָך, אַז אַן אמת־ער דיכטער האָט געירשנט עפּעס פון רוח־הנבואה. בראָדערזאָן אַליין האָט דאָך דאָס באַוויזן אין יאָר 1939, בעת ער האָט געוואָרנט און גערופן אין איינעם פון די 50 לידער פון זיין כמעט נבואישן בוך „ו"

און כ'שריי אויף קולי־קולות — ראַ־
טעוועט זיך מענטשן,
עס קאָן שוין ווייטער מער נישט אַנגיין
דאָס געוואַלד.

— — — — — — — —

מען האָט די זון פאַרוואַנדלט אין אַ
געלער לאַטע
פאַר פיל מיליאָנען מענטשן אויף דער
טרויעריקער ערד.

פרעגט זיך די פראַגע : האָט זיך פון אים אין יאָר 1947 אָפּגעטון דער חוש פון קאָנען פאַרויסזען דאָס אומגליק ? איז עס געווען צוליב זיין טראַגיש־איינזייטיקער ליבע צו מאָסקווע, און ווי עס זאָגט דער מדרש : „האהבה מקלקלת את השורה", דאָס הייסט אַז די ליבע קאָן אַ מענטשן אַראָפּפירן פון גלייכן וועג ? און משה בראָדערזאָן, וואָס אַלע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ חכם־עתיק, האָט נישט דערפילט, וואָס עס פּלאָנע־ווען פאַר אים די אכזריותדיקע הערשער פון זיין געבוירן־שטאָט, אין וועלכער „איצט אָטעם איך ווידער מיט איר מאַ־מעשער גענאָד" — ווי ער האָט געזונ־גען ? אָדער אפשר האָט ער יאָ דערפילט

און זיך געמאַכט נישט פילן, ווער קאָן
וויסן דעם אמת?
איצט איז עס שוין קיין ספק נישט אַז
מאָסקווע איז געווען פאַר אים אַ פאַלשע,
גרויליק־אכזריותדיקע שטיף־מאַמע, וואָס
האָט אים מקצר ימים געווען, און ווען
ער האָט זי סוף־סוף פאַרלאָזט אויף
תמיד, אין יולי 1956, נאָכן זיין פאַר־
משפט צו פינצטערן אין לאַגניאַריקע
קאַטאָרזשנע לאַגערן, איז ער שוין גע־
ווען גייסטיק און פיזיש אַ צעבראָכענער.
ער דערפאַרט בלויז ביז וואַרשע און דריי
וואָכן שפּעטער, דעם 17טן אויגוסט 1956,
לייזט אים דער מלאך־המוות ענדלעך
אויס פון זיינע ביטערע יסורים.



אויב אָבער מאָסקווע איז געווען צו
אים אַזוי פאַלש און גרויזאַם, האָט אים
דאַקעגן לאָדזש באַלד פון אָנהייב אָן
אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, אים
צוגעטוליעט צו איר וואַרעם יידיש האַרץ
און אים דערמעגלעכט אויפצושיינען מיט
דעם פולן גלאַנץ פון זיין גרויסן טאַלאַנט.
נחמן מייזיל און אַנדערע האָבן אַ מאָל
פאַרגלייכט דאָס יידישע לאָדזש אין
פוילן צום יידישן אָדעס אין רוסלאַנד
אין דעם זין, וואָס אַלס סאַטעליטן־
שטעט האָבן זיי ביידע צו זיך צוגעצויגן
די יונגע טאַלאַנטן, וואָס האָבן גע־
שטרעבט זיך צו באַפרייען פון די איינ־
געפונדעוועטע טראַדיציע און האַרבע
בליקן פון די עלטערע שרייבערס — אין
די מעטראָפּאָליעס. אַזוי איז עס געווען
אין אָדעס מיט ח. נ. ביאַליק, אחד העם,
ליליענבלום, ראַווניצקי, לעווינסקי א״א
(דער זיידע מענדעלע איז דאָרט געווען
אַ מין יוצא דופן, וואָס די ייִנגערע
שרייבער האָבן אים טאַקע שטאַרק גע־
שעצט, אָבער זיך געהאַלטן אַ ביסל
דערווייטערט פון אים, אויס מורא פאַר
זיין האַרבן בליק). און עס ווערט דער־
ציילט, אַז דער גרויסער י. ל. פּרץ, ווילנ־
דיק זיך צומאָל באַפרייען פון דער אַ
ביסל צו שטייפער אַטמאָספער אין וואַר־
שע, האָט, פון צייט צו צייט, זיך אַראָפּ־
געכאַפּט קיין לאָדזש, כדי דאָרט „אַ
ביסל פרייער אָפּצואָטעמען״.

על כל פנים ס׳איז אוממעגלעך זיך
פאָרצושטעלן דאָס יידישע לאָדזש אין די
יאָרן פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות
אָן דער געשטאַלט פון משה בראָדערזאָן.
שוין זיין זשורנאַל „יונג יידיש״, וועלכן
ער האָט געגרינדעט אין יאָר 1919, צו־
זאַמען מיט נאָך עטלעכע לאָדזשער שריי־
בער און קינסטלער, האָט אַרום זיך
קאָנצענטרירט אַ פיינע גרופּע דיכטער,
דערציילער, פּלאַסטיקער און מוזיקער.
דאַן קומט זיין באַנייעריש־דינאַמישע
טעטיקייט אויפן געביט פון יידישן טעאַ־
טער, ווו עס זענען מיט זיין נאָמען
פאַרבינדן אַזעלכע אויפטוען ווי דאָס
מאַריאָנעטן־טעאַטער „חד־גדיא״, דאָס
קליין קונסט־טעאַטער „עזאזל״ א״א, אַ
חוץ זיין גרויסן צושטייער אַלס דראַמאַ־
טורג פאַר כמעט אַלע בעסערע יידישע
טעאַטער־אַנסאַמבלען, „די ווילנער טרו־
פּע״ אַריינגערעכנט. אָבער מער ווי אַלץ
האָט ער זיך קונה שם געווען מיט זיין
טעאַטער־סטודיע אין וועלכער ער האָט
באַוויזן צו דערציען יונגע און ערנסטע
שוישפּילער פאַר דער מאָדערנער יידישער
בינע. און דאָס איז דאָך געווען נאָך
פאַר דעם ערשטן וויק״ט פון זיגמונט
טורקאָוו און אַוודאי פריער ווי דאָס
„יונג טעאַטער״ פון ד״ר ווייכערט —
ביידע אין וואַרשע. פון בראָדערזאָנס
פּיאָנערישער סטודיע קומט שפּעטער
אַרויס דאָס קליינקונסט טעאַטער „אַראַ־
ראַט״, וואָס זייערע הויפּט שוישפּילערס,
בראָדערזאָנס תלמידים דזשיגאַן און שו־
מאַכער זענען געוואָרן באַרימט אין דער
גאַנצער יידישער וועלט.

ווען מען רעדט וועגן דער קינסטלע־
רישער פּערזענלעכקייט פון משה בראָ־
דערזאָן, איז עס פּונקט ווי מען וואָלט
גערעדט נישט וועגן איין פּערזאָן, נאָר
וועגן אַ גאַנצער גרופּע קינסטלער, וואָס
האָבן געשאַפן סיי מיט דער פּען און
סיי מיט אַנדערע קינסטלערישע מיטלען
— אַזוי פילזייטיק און פילפאַרביק איז

ער געווען. זיין פילזייטיקער און שפּרו־
דלדיקער טאַלאַנט האָט אים דערמעגלעכט
אַ סך אויפטוען, אָבער ליידער, נישט
תמיד צו זיין גונסטן. טייל מאָל האָט
מען אים פאַרגעוואָרפן, אַז זיין וואָרט־
ווירטואָזיטעט פאַרפירט אים אויף מסוכנ־
דיקע וועגן פון וואָרט־זשאָנגלעריי, אָדער
מען האָט אים גאָר געשטעמפּלט ווי אַ
״פאָרמאַליסט״. כאָטש עס האָט קיינער
נישט אָפּגעלייקנט זיינע ריזיקע פאַר־
דינסטן פאַר דער באַנייונג פון דער לעק־
סיק און פאַרן פאַרפולקאָמען די גראַם־
קונסט אין דער יידישער פּאָעזיע.

אפשר האָט זיך זיין צאַפּלדיקע שעפע־
רישקייט גענומען דערפון, וואָס צוזאַ־
מען מיט אַ גאַנצער ריי יידישע דיכטער
פון זיין צייט, האָט ער איבערגעלעבט
דעם פּלוצימדיקן איבערגאַנג פון באַ־
רוישטער צעהוליעטקייט און ״באַגייסטע־
רונג״ (אַזוי הייסט זיינס אַ באַנד לידער
— אפשר זיינע בעסטע — פון אָנהייב
צוואַנציקער יאָרן), ווען ״עס זידט אין
מיין קעסל אַ ברויזנדיקער ים״ אאַז״וו,
נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעזונגען מיט
הילכיקער פרייד: ״מיר, יונגען, מיר —
אַ פריילעכע צעזונגענע כאַליאַסטרע, מיר
גייען אין אַן אומבאַוווסטן וועג...״
איז פּלוצים, נאָך די טעג פון גרויסער
באַרוישונג און ריזיקע האָפענונגען, וואָס
עס האָט אַרויסגערופן דעם שטורעמדיקער
״אָקטאָבער״, קומט אויף איין מאָל דער
שווידערלעכער בראָך פון די פּאָגראָמען,
שחיטות, חורבן פון יידישע שטעט און
שטעטלעך אין פּוילן, אוקראַינע, ליטע
און ווייסרוסלאַנד און צעטרייסלען און
דערשיטערן דאָס געמיט פון דעם אַזוי
פילבאַרן דיכטער. ער ווערט דעמאָלט
שווער פאַרוואָלקנט, שוואַרצזעעריש, גייס־
טיק־דערדריקט. איז אפשר דאָס די
סיבה פון אַזאַ אומדערוואַרטן ווענד אין
זיין קינסטלערישן גאַנג?

אַ דאַנק זיין שפּילעוודיקן טאַלאַנט,
זיין אומדערשעפּלעכער גייסטרייכקייט
און עספּרי, אַ דאַנק זיין נאַטירלעכן
הומאָר און אויסערגעוויינלעכער לייכט־
קייט פון זיין פּען, צעשפּילט זיך זיין
שעפערישע פאַנטאַזיע און געוואַלדיקע
שפּראַך־ווירטואָזיטעט און ער זוכט,
ווייזט אויס, אַן אַנטרינונג פון זיין
דערדריקטקייט אין אַלע מעגלעכע פאַר־
מען פון ליטעראַרישער שעפערישקייט.
אמת, נישט תמיד דערגייט ער ביז צו
די מעמקים, צו וועלכע ער האָט גע־
קאָנט און מן הסתם אויך געוואָלט דער־
גרייכן. אָבער דאַקעגן בלייבט נישט
כמעט קיין איין זשאַנער אין דער יידי־
שער ליטעראַטור, אין וועלכן בראָדערזאָן
האָט נישט אַרויסגעוויזן זיין גרויסע
יכולת: ליד, פּאָעמע, באַלאַדע, דראַמאַ־
טישע פּאָעמע, דראַמע, קינדער־לידער און
מעשהלעך, עלעגיע, מיסטעריע, גראָ־
טעסק, פאָלקס־לעגענדע, פאַבל, אַפאָ־
ריזם... און אויב ס׳ווערט אים ענג
אין די פאַראַנענע זשאַנערן, געפינט ער
אַליין אויס אַ נייעם, גאַנץ־אייגענעם זשאַ־
נער״ — דעם ״דראַמאַלעט״. און אויב
אויך דאָס איז אים נישט גענוג, וואַרפט
ער זיך אַריין אין איבערזעצן אויף יידיש
שאַפונגען פון דער אייראָפּעישער דראַ־
מאַטישער ליטעראַטור. ער איז אויך
געווען אַ מאָדים אין באַווירקן קינסטלער
פון אַנדערע קונסט־צווייגן, ווי מוזיקער
און מאָלער, כדי מיט זיי צוזאַמען צו
שאַפן קאָלעקטיווע לייכט־שפּילעוודיקע
טעאַטער־פאַרשטעלונגען, בעיקר טאָקע
פאַרן קליינקונסט־טעאַטער, וואָס אונ־
טער זיינע הענט איז עס געווען שוין
גאַנץ ווייט פון קליינער קונסט...



פאַראַן פאַלן ווען גאַנץ וויכטיקע קינס־
טלער ווערן ״פאַרזען״ דורך דער קריי־
טיק און קונסט־געשיכטע צוליב געוויסע
פערזענלעכע טעמים. זייער כאַראַקטער
איז געווען אַזאַ, אַז ער האָט זיי גע־
מאַכט נישט באַליבט צווישן זייערע
צייט־קריטיקער און צווישן זייערע מיט־
מענטשן בכלל. אָבער דאָס איז בשום
אופן נישט געווען דער פאַל מיט משה
בראָדערזאָנען. ער, ״דער פּרינץ פון
פּוילישן מאַנטשעסטער״, ווי מען האָט

אים גערופן צוליב זיין עלעגאַנטער האַלטונג און זיינע ריטערלעכע מאַניערן, האָט תמיד געהאַט אַרום זיך אַ סך פאַרערערס און איז געווען שטאַרק באַליבט ביי דער לאָדזשער יידישער יוגנט ווי אויך ביי ברייטע שיכטן פון יידישער פאָלקס־אינטעליגענץ. אַלע די וואָס האָבן וועגן אים יאָ געשריבן, אָדער אים ווען עס איז דערמאָנט, האָבן אַרויסגעוויזן צו אים אַ סך ליבשאַפט און פאַרערונג. עד היום קאָן מען געפינען יידישע מענטשן, בעיקר צווישן זיינע בני־עיר — די לאָדזשער — וואָס האַלטן אים פאַר זייער רבין און גייסטיקן מדריך. אָט דאָס מאַכט נאָך האַרבער די פראַגע, פאַרוואָס האָט משה בראָדערזאָן נישט באַקומען די ריכטיקע אָפּשאַצונג אַלס וואָרט־מייסטער און שרייבער מיט אַזוי פיל גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור און פאַרן יידישן טעאַטער?



די עובדה פון די פריערדיקע שורות איז געווען בלויז אויפצוּוועקן די פראַגע. אפשר וועט זיך געפינען עמעץ, וואָס וועט פרווון געפינען דעם ענטפער. אויב אָבער מען וויל מוסיף זיין נאָך אַ טראַגישן שטריך צו דער דאָזיקער שוין אַזוי אויך גענוג טראַגישער געשטאַלט פון משה בראָדערזאָן, דאַרף דערמאָנט ווערן אַז זיין אייביקע רו האָט ער נישט געפונען אויף קיין שום סטאַציע פון זיין לעבנס־געאָגראַפיע. אַזוי ווי לויט עפּעס אַ גזר־דין פונעם גורל ווערט דער פאַרפייניקטער טרובאַדור משה בראָדערזאָן, נאָך זיין שווערן לעבן, נאָך זיין טראַגישן נע־ונד און מאַרטירער־טויט, געבראַכט צו זיין אייביקער רו גראָד אין דער ערשטער יידישער שטאָט פון זיין אַלט־באַנייטן היימלאַנד — אין תל־אביב.

זאָל מען זאָגן, אַז ערגעץ ווו איז פאַראַן אַ פאַרבאָרגענע האַנט פון אַ מיסטעריעזן ריכטער, וואָס זיין גזר־דין ווערט תמיד מקויים, טראָץ אַלע אונדזערע בלאָנדזשענישן, שטרויכלענישן און פאַטאַלע פעלערן? . . .

מיר האָבן געוואָלט פרעגן די פראַגע. מיר האָבן אָבער געמיינט אויך אָפּצוגעבן כבוד דעם אָנדענק פון קדוש משה בראָדערזאָן, בחינת חסד־של־אמת פאַר דעם קרבן־תמיד פון יידישער פאַרגלויבטקייט, פון יידישע אייביק תמימות־דיקע חלומות און שטרעבונגען צו דערגרייכן וואָס העכער און העכער — און פון . . . דער גוישער רצחנישער האַק . . .

**דליה קאַופמאַן**

# פיר גלגולים פון בערגעלסאָנס דערציילונג ״באַטשקאַ״

די דאָזיקע געקירצטע ליטעראַטור־פאָרשונג פון דליה קאַופמאַן איז, ווי ס'פּאַסט פאַר דעם געביט, עטוואָס וויסנשאַפטלעך־טרוקן און אַ שפּאַר ביסל ״צו אָביעקטיוו״. אין דער אמתן אָבער זענען מיר אויסן, אַז פאַר דעם לייענער זאָל היינטער אַט דעם ריין־וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז, כאָטש אין אַ קליינער מאָס זיך אַנטפּלעקן בערגעלסאָנס טראַגישער גורל, פאַרפלאָנטערט אין די סאָוועטישע נעצן פון טאָטאַלן שקר, פּחד און זעלבסטפאַרבלענדונג.

יעדער סאָוועטישער קינסטלער, בפרט נאָך אַ יידישער קינסטלער, אפילו אַזאַ גרויסער וואָרט־מייסטער ווי אונדזער דוד בערגעלסאָן איז דאָרט געווען געצוווּנגען צו שעפערישן זעלבסטמאָרד פיל פריער, איידער די ק.ג.ב.־הענקער האָבן זיי, די דאָזיקע קינסטלער, פיזיש פאַרניכטעט.

ס'איז גענוג אַ בלעטער טאָן ״סאָוועטיש היימלאַנד״, כדי זיך איבערצייגן, אַז אויך איצט האָט זיך דאָרט ווייניק וואָס געענדערט, מיט אייניקע אויסנאַמען, פאַרשטייט זיך, און מיט דעם חילוק וואָס איצט זענען די פאַרבליבענע שרייבער דאָרט פון אַ פיל־פיל קלענערן קאַליבער ווי דוד בערגעלסאָן ע״ה.

אין יאָר 1938 האָט דוד בערגעלסאָן אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע אַ זאַמלונג דערציילונגען מיט נאָמען ״טראָט נאָך טראָט״. אַ צווייטע זאַמלונג זיינע איז אַרויס אין 1941. די דאָזיקע ביכער אַנטהאַלטן כמעט ניט קיין נייע שאַפונגען פונעם שרייבער (אין די דערציילונגען פון 1941 זענען אַריין אייניקע זאַכן געשריבן אין די יאָרן 1931—1937). די אויבן דערמאָנטע בענדער זענען באַלערעוודיק, ווייל זיי אַנטפּלעקן פאַר אונדז ווי אַזוי די סאָוועטישע שרייבערס, ביים וועלן אַרויסגעבן אויף ס'ניי פרייערדיקע ווערק, האָבן געמוזט מאַכן אַ ריי באַוווסטזיניקע אידעאָלאָגישע ״אויסבעסערונגען״ און איבעראַרבעטונגען, כדי צוצופּאַסן זייערע יצירות צו די פּאַרטייאישע פאָדערונגען פון דעם געגעבענעם מאָמענט.

אין די צוואַנציקער יאָרן, אין זיין עמיגראַציע־תקופה, האָט בערגעלסאָן געשריבן אַ ריי דערציילונגען אויף די טעמעס פון דער רעוואָלוציע, דעם בירגערקריג, פּאָגראָמען, עמיגראַנטן א. א. וו., דאָס זענען, אייגנטלעך געווען פּראָסאָוועטישע דערציילונגען, אָבער געשרי־

בן אויפריכטיק, לויטן דעמלטיקן פּרינציפּ פון בערגעלסאָנען, אַז דער עיקר ניט צו זינדיקן קעגן קינסטלערישן אמת, אפילו אויפן חשבון פון "אידעאָלאָגישע וואַקלעניש".

דוד בערגעלסאָנס דערציילונגען פון די צוואַנציקער יאָרן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 3 זאַמלונגען: **"שטורעמטעג"** (קיעוו 1927, ווילנע 1928), **"וועלט־איין וועלט־אויס"** (ווילנע 1929), **"צוגווינטן"** (ווילנע 1930).

נאָך דער טעראָר־כוואַליע פון 1937, האָט בערגעלסאָן (ווי אויך אַנדערע סאָוועטישע שרייבערס) געמוזט מאַכן עפנטלעך אַ גרינטלעכע רעוויזיע פון זיינע פריערדיקע אידעאָלאָגישע און קינסטלערישע אָפּנייגונגען, כדי צו כשרן זיך אַליין און אַ געוויסע טייל פון זיינע פריערדיקע ווערק. מיר וועלן ציטירן דעם אויטאָרס אַ כאַראַקטעריסטישע באַמערקונג, געדרוקט אַלס אַריינפיר צו **טראַט נאָך טראַט** (1938):

"וואָס ריכטיקער און טיפער אַ סאָוועטישער שרייבער דרינגט זיך דורך מיט דער אידעאָלאָגיע פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אַלץ מער ציט אים פון צייט צו צייט זיך אומקוקן צו דער טעמאַטיק פון בירגער־קריג, ווי צו די יוגנט־יאָרן פון אונדזער בייערע, ער מעג שוין פריער האָבן וועגן איר בישט איין מאָל געשריבן. פאַר אים שטעלט זיך די פראַגע: ווי אַזוי האָט ער די דאָזיקע יאָרן באַלויכטן, ווען די נייע וועלט־אַנשויונג האָט אין אים ערשט אָנגעהויבן ברויזן? אין דעם ליגט די סיבה, וואָס דער אַוטאָר פון דעם דאָזיקן בוך האָט צו דער טעמאַטיק פון בירגער־קריג זיך אומגעקערט דורך באַאַרבעטן אַ ריי דערציילונגען, וועלכע זענען טיילווייז געשריבן אין די סאַמע ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע און זענען שוין געווען געדרוקט. די כוונה **איז דאָ געווען צו באַזייטיקן יענע בלויז, וואָס די נייע שיין פון אונדזער עפּאָכע האָט זיי פאַרן אַוטאָרס אויג** **אַנטפּלעקט.** מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס די אַריינגעטראָגענע ענדערונגען אין די דאָזיקע דערציילונגען זענען בישט קיין קליינע און אָפט מאָל גרינטלעכע" (אונטערגעשטראָכן דורך מיר — ד.ק.).

אין וואָס באַשטייען די "בישט קליינע ענדערונגען"?

כדי זיך צו באַגרענעצן, וועלן מיר באַטראַכטן בלויז די 4 נוסחאות פון דער דערציילונג "באַטשקא"; ערשטער און פולער נוסח געדרוקט אין **"פּאַרוועטס"** מאַי—אויגוסט 1922, צווייטער (פאַרקירצטער) נוסח געדרוקט מיט זעלבן נאָמען אין **"שטראָם"** 1922, נומ' 3 (אַריין אונטערן קעפּל "בירגערקריג" אין זיין בוך **"שטורעמטעג"**, מאָסקווע 1927), דריטער (פאַרקירצטער) נוסח מיטן נאָמען "צוגווינטן" געדרוקט אין **"צוגווינטן"**, ווילנע 1930, פערטער און לעצטער נוסח אַריין מיטן נאָמען "צוויי פאַרטיזאַנער" אין זיין בוך **"טראַט נאָך טראַט"** מאָסקווע, 1938.

די 4 נוסחאות פון "באַטשקא" באַלויכטן בערגעלסאָנס צוגאַנג צו דער טעמע "בירגערקריג" אין פאַרשיידענע פעריאָדן פון זיין שאַפן, אַ וועג וואָס אילוסטרירט די טראַגישעווירקלעכקייט פון די סאָוועטישע שרייבערס.

בערגעלסאָן ענדערט ניט נאָר די נעמען פון פרקים און געשטאַלטן, נאָר אויך זייערע ביאָגראַפיעס, כאַראַקטערן און האַנדלונג, וועלכע ער "בויט איבער לויט די פּרינציפּן פונעם "סאָציאַליסטישן רעאַליזם", ווי צ. ב. ס'פאָדערט די באַקאַנטע אַקסיאָמע פון "פּאָזיטיווע" און "נעגאַטיווע" העלדן. אַנדריוק, אַ געוויסער פאַרנעפּלטער פאַרשוין, "אַ פּריצל", אַ כיטרער און ברודיקער, וואָס חברט זיך מיט צוויי געוועזענע רויטאַרמייער, ווערט אין גאַנצן פאַרשוווּנדן אין מיטן פונעם לעצטן נוסח און זיין אָרט פאַרנעמט דער געטרייער באָלשעוויק גרעטשקאָ, וואָס פאַרמאָגט אַן אויסערלעכע ענלעכקייט צו אַנדריוקן, זיינע העוויות אאז"וו . . . אַנדריוקס צוויי חברים, די

"צוויי פּאַרטיזאַנער באַטשקא און זיק" (דער ערשטער, אַ קאָמאַנדיר וואָס האָט דעזערטירט פון דער רויטער אַרמיי, דער צווייטער, אַ געוועזענער אַמעריקאַנער אַרבעטער), ווערן "פּאַרבעסערט" אין לעצטן נוסח: באַטשקא (= שפּעטער טאַראַס) ווערט אַ באַוווסטזיניקער באָלשעוויק און זיקס אַמעריקאַנישער אָפּשטאַם ווערט שוין ניט דערמאָנט. זייער צוגאַנג צו אַנדריוקן ווערט אויך פּאַרשאַרפט ווי צו אַ "נעגאַטיוון העלד".

אַ ראַדיקאַלע איבעראַנדערשונג מאַכט אויך דורך די שיקסע פּראָסיאַ, באַטשקאס פריינדין און אַ פאַרביסענע אַנטיסעמיטקע, זי ווערט גאָר פאַרוואַנדלט אין דער קאָמוניסטקע מירע (אַ יידישע!), וועלכע אַרבעט צוזאַמען מיט די רוסישע באָלשעוויקעס פאַר דער געמיינזאַמער זאַך, און איז באַוווסטזיניק קעגן פּאָגראָמען: "דאָס איז קעגן רעוואָלוציע"...

אינעם לעצטן נוסח באַמיט זיך אויך בערגעלסאָן פאַרברייטערן און אונטערשטרייכן די "פּראָגרעסיווע" טעטיקייט פונעם פּאָזיטיוון העלד, סיי דעם יידישן און סיי דעם רוסישן און זייער צוזאַמענאַרבעט. לייזערקע דער שלאָסער, צ. ב. ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ "וואָיענקאָם".

בערגעלסאָן מאַכט נאָך אַ מער בולטן טענדענציעזן שריט: ער פאַרבינדט די 10 דערציילונגען אין "טראָט נאָך טראָט" דורך אַ געמיינזאַמער שטייפער ראַם, וואָס באַשטייט פון אידעאָלאָגישע פאַרבינדונגס־רינגען: דאָס זענען אייניקע "אָנפיר־געשטאַלטן", "פּאָזיטיווע" העלדן, באַוווסטזיניקע באָלשעוויקעס, וואָס פיגורירן אין אַלע דערציילונגען פונעם לעצטן נוסח און האָבן די אויפגאַבע צו באַקעמפן די "רעאַקציאָנערע עלעמענטן" און אויפשטעלן "טראָט נאָך טראָט" דעם נ־סקן צעפאַלענעם באָלשעוויסטישן פּאָלק. אַזעלכע "אָנפיר־געשטאַלטן" געפינען זיך ניט אין בירגערקריג־דערציילונגען פון די 20ער יאָרן.

כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע איבעראַרבעטונגען פון די דרייסיקער יאָרן, זענען אויך די קאָנסעקווענטע באַזייטיקונגען פון העברעיזמען, לויט די פּאַרטייאישע פאָדערונגען פון יענער צייט צו באַזייטיקן די "קלעריקאַל־נאַציאָנאַליסטישע רעאַקציאָנערע עלעמענטן" (צ. ב. "גויקע" פאַרבייט בערגעלסאָן אויף "ווייבל" "תשרידיק" אויף "טיף אָסיענדיק" "יצר־הרע־אייגעלעך" אויף "בליקן" א.א.וו. (גענויער וועגן דעם קאַמף קעגן העברעיזמען אין דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור זען: "אַ שפּיגל אויף אַ שטיין". (רעדאַקציע און אַריינפיר: ח. שמערוק, תל־אביב, תשכ"ה—1964, ז"ז כה—כח).

מיר קערן זיך אום צו דער דערציילונג "באַטשקא" און אירע נוסחאות. דעם פאָן פון די געשעענישן מאַכט קלאָר די פאָלגנדיקע ציטאַטע: "ס'איז אָנהייב 1918. באָלשעוויסטישע גרופּעס האָבן פאַרלאָזט די אוקראַינישע הויפּטשטאָט אין גרויס איילעניש אין פאַרלויף פון איין נאַכט... אויפן לינקן זייט דניעפּר האָבן קליינע פאַרבליבענע טיילן געבלאָנדזשעט צעפּוילט, אָן שום פירער..." (צוגווינטן, ז' 11). אין לעצטן נוסח אויסגעמעקט "צעפּוילט").

די וועזנטלעכע שינויים פונעם לעצטן נוסח וועלן מיר גרופּירן אַרום דריי קרייזן:

1) די געשיכטע פונעם מאָרד פון אַ יידן ("אַ זשידאָטשיק") דורך דעם צווייפלהאַפטן פאַרשוין אַנדריוקן ווערט אין גאַנצן אויסגעמעקט אין 4טן נוסח און אַנדריוק אַליין ווערט פאַרשווונדן אין לויף פון דער דערציילונג און פאַרביטן אויפן באָלשעוויק גרעטשקאָ.

2) עס ווערט דערציילט, ווי אַזוי ס'ווערט אויפגעשטעלט אויף ס'ניי אַ באָלשעוויסטישער פּאָלק פון קליינע פאַרבלאָנדזשעטע טיילן מיט דער הילף פון "פּאָזיטיווע אָנפיר־געשטאַלטן", די באָלשעוויקעס טאַראַס (פריער באַטשקא), לייזערקע, מירע, גרעטשקאָ א.א. (דער דעזערטיר און געוועזענער סאָוועטישער קאָמאַנדיר באַטשקא אָרגאַניזירט אין די ערשטע נוסחאות אַן אַנאַרכיסטישן עס־

קאַדראַן פון רויבער, גנבים און פּאַג־
ראַמשטשיקעס).

3) עס פאַרשווינדט אין לעצטן נוסח **די שיקסע פראַסיאַ, אַן אַם ביי אַן יידיש** נגידיש הויז, וואָס האַלט אין איין פּרעגן איר געליבטן באַטשקא: ווען וועט מען שוין "קוילען" די "זשידעס"? אין לעצטן נוסח פאַרנעמט פּראַסיעס אָרט די קאַ־מוניסטקע מירע (לויטן נאָמען דאַרפן מיר זיך אָנשטויסן אַז זי איז פון יידישן אָפּשטאַם), טאַראַסעס (= באַטשקאַס) חברטע (ביידע, טאַראַס און מירע, שטאַ־מען פון אָרעמע האַרעפּאַשנע עלטערן). בערגעלסאָן בויט דאָ אייגנטלעך ניט קיין נייע קינסטלערישע געשטאַלט, ווי נאָר מעגלעך פון אידעאָלאָגישן שטאַנד־פּונקט לאָזט ער איבער שטריכן פון פּראַסיען, ס'שאַפט זיך אַזוי אַרום אַ שאַרפער קינסטלערישער דיסאַנאַנס, מירע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ סכעמאַטישן "פּאָזיטיוון" העלד, אָבער זי איז ניט קיין לעבעדיק איבערצייגנדיקע געשטאַלט, ווי ס'איז געווען **די שיקסע פּראַסיאַ.** אויף אַן ענלעכן אופן האָט בערגעלסאָן "איבערגעבויט" אויך די איבעריקע גע־שטאַלטן, און ווען ניט מעגלעך — באַ־זייטיקט.

כדי צו אילוסטרירן דאָס אויבן גע־זאָגטע, וועלן מיר זיך באַנוגענען, צוליבן מאַנגל פון אָרט, מיט צוויי ביישפּילן פון זיינע איבעראַרבעטונגען:

1) די סצענע, ווו אַנדריוק דערציילט זיינע חברים וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט געטויט אַ יידן אין וואַלד, געפינט זיך בלויז אין 1טן און 3טן נוסח. אין די סאָוועטישע נוסחאות פון די יאָרן 1922—1938 איז די סצענע אויסגעביטן, אָדער "פאַריכט" (אין לעצטן נוסח איז דער מאָרד פאַרביטן אויף "גניבה").

**נוסח 3, ז' 15:**

"— וואָס איז, אַ? זיק... [פרעגט באַטשקאַ]. — ס'איז דאָך ער. — ווער? — אַנדריוק... אַנדריוק אין פּעטרונס סטודענטישן היטל. — און ווי קומט צו אים אַ פערד און וועגל?... דער ברודיקער נישט געגאַלטער אַנדריוק איז געשטאַנען אין שוואַרצן פעסט־געקאָוועטן וועגל אויף די קניען, מיט דער בייטש אין דער לופט, אין איין פריילעכן פאַר־שרייען דעם טרייסלדיקן גערויש פון וואָגן: — היידאַ, היידאַ, שקאַפּע אַן אַ קליידל... באַטשקאַ און זיק האָבן אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט: — **וועמען האָסטו אָוועקגעלייגט? אַ,** אַנדריוק? אַנדריוק האָט ווי נישט איינגעהערט. זיין שטעכיק ברודיק פּנים מיט די כיטרע אייגעלעך האָט נאָר ווי תמיד מיט אַלע קנייטשן און קנייטשעלעך געשמייכלט... פּלוצים האָט ער אַרונטערגערוקט אַ גאַנצע ברודיקע זשמעניע אונטערן סטודענ־טישן היטל און זיך גענומען קראַצן אין דער טשופּרינע. — אַ זשידאָ־טשיק, — האָט ער זיך פאַנאַנדער־געלאַכט מיט אַ דין געלעכטערל. — כי, כי, כי! נאָך דאָרט אין גרויסן וואַלד, אַ יונגעטשקן אַזאַ, אַ רויי־טינקן... און מיט אַ בלינד אייגל... אַ **בעסטיע... אַ ברודנינקער** אַזאַ... ער האָט זיך געראַנגלט... באַטשקאַ און זיק האָבן זיך אַדורכ־געקוקט, זיך פאַרשטאַנען אויף גיך, אויפן ווונק. זיי זענען ביידע אַרויף צו אַנדריוקן אויפן וואָגן."

**נוסח 4, ז' 13—14:**

"— וואָס איז, אַ? זיק... — ס'איז דאָך ער. — ווער? — אַנדריוק... אַנדריוק אין **ציטרונס** סטודענ־טישן היטל. — איז ווי קומט צו אים אַ פערד און אַ וועגל?... דער ברודיקער, נישט געגאַלטער אַנדריוק איז געשטאַנען... [ווייטער לויטן דריטן נוסח ביז:] — **ביי וועמען האָסטו אָוועקגעשלעפּט דאָס פערד און וועגל,** אַ, אַנדריוק? אַנדריוק האָט זיך ווי ניט איינגעהערט [ווייַ־טער לויטן 3טן נוסח, אָבער עס פעלט די פראַגע וועגן מאָרד און אַנדריוקס ווידוי] נאָך דעם ווי טאַ־ראַס און זיק זענען געפאָרן מיט אַנדריוקן ביז אַ געוויסן אָרט, האָט

טאראס צו אים געזאגט: — פאר דיר צוריק... און מער זאל איך דיך אין מיינע אויגן ניט זען, גע־הערט?".

ס'איז איבעריק צו באמערקן אז אין דריטן (און ערשטן) נוסח, האבן בער־געלסאנס העלדן, די אפגעריסענע רויט־ארמייער, באשלאסן פארשווייגן דעם מארד, כדי זיך צו באנוצן מיטן פערד און וואגן און האבן ניט וועקגעטריבן אנדריוקן. דער מחבר האט דערציילט דעם ענין זאכלעך, און ניט געמשפּט. אינעם לעצטן נוסח האט בערגעלסאן באשלאסן אויסמעקן דעם צו־דראסטישן מארד־אינצידענט און פארביטן עס מיט גניבה, פאר וועלכער אנדריוק "דער נעגאטיווער העלד" ווערט שטרענג באַ־שטראפט דורך די "פאזיטיווע" גע־שטאלטן.

2) א לענגערער פראגמענט צו כאַ־ראקטעריזירן דעם פאלק, באטשקאן [= טאראסן] און פראסיען [= מירען]:

**נוסח 2, ז"ז 16—19; נוסח 4, ז"ז 26—30:**

(ציטירט מיט פארקירצונגען לויט נוסח 2. די ענדערונגען אין לעצטן נוסח גע־געבן אין פירקאנטיקע קלאמערן; אונ־טערגעשטראכן דורך מיר — ד. ק.):

"אויף גרינלעכע וואלקנדיקע [וועלקנ־דיקע] פעלדער... צווישן הויכע גראבנס איז געגאנגען א פאלק, געשפרייט מורא [= פרייד אויף ארעמע מענטשן]... ער האט אוועקגעלייגט ביי זיך די אפיצירן, אט דער פאלק און האט געזאגט אז ער דארף מער קיין עלטסטע ניט האבן [אז ער וויל מער ניט פירן קיין מלחמה]. ער האט אליין אויסגעקליבן פון זיך א געוועזענעם דעזערטיר, א דרייבענדלדיקן ווזוואדנעם קאמאנדיר, וואס פארמאגט זיין אייגנס פערד. דאס איז געווען וולאַ־דימיר באטשקא אליין... [ער האט אליין אין קאוואלעריע־טייל אויסגעקליבן פון זיך איינעם א געוועזענעם ווזוואדנעם קאמאנדיר, ביי וועמען מען האט אין מיטן דער מלחמה פאר ניט פאלגן על־טערע אראפגענומען דריי בענדלעך... טאראס, האט מען צו אים פון אלע זייטן געשריגן... זיי א קאמאנדיר]... אנטקעגן־פארנדיקע פויערים האבן אויס־געגלאצטע אויגן בעת זיי טרעטן דעם פאלק דעם וועג אפ, און יידן אויף די וואגנס טוליען זיך איינער צום אנדערן, קוקן מיט גרויל אויף די סאלדאטנס לאכנדיקע ציין, שרעקן זיך פארן ווארט "זשיד". [ארעמע פויערן שמייכלען... און... קוקן נייגעריק... איז גוט אזוי און פריילעך".] דער פאלק זאגט אומע־טום אויפן וועג, אז ער שלאגט זיך דורך אהיים — ער וויל זיך מער ניט שלאגן אויף די פראנטן. נאר אין זוויל... פארהאלט ער זיך אויף א חודש צייט.

**נוסח 2:**

דארט אינעם גרויסן ווייסן הויז אויף דער הויפטגאנס, וווינט פראסיא. זי איז אלט אין גאנצן 19 יאר, נאר זי האט שוין באוויזן עפעס אויפצוטאן... זי דינט דארט אינעם ווייסן הויז — זי זויגט א קינד ביי א יידן. אלע אָוונט זיצט דארט באטשקא אין יידישן גארטן... ער איז אנגעטאן אין א ענגן אפיצערישן שינעל... אז פראסיא קומט צו אים ארויס, זעצט ער זי אין שטאק פינצטער צו זיך אויף די קניען שמעקט איר פון מיילכל. זי הוכקעט... מיט א ריח פון מיאטנע צוקערקעס אויס־געמישט מיט א גערוך פון זנות־דיקער אסיען נאכט... די באלעבאַ־טים אירע זענען דאך "זשידעס". — מען דארף זיי אויסקוילען דא אין שטאט, אט די זשידעס, ניט אמת? א? באטשקא? וואס זאגסטו גאר־נישט? דעם אמת זאגנדיק איז אים איצט א קליינער חילוק, צי מע וועט זיי אלעמען אויסקוילען צי ניט, אט די זשידעס, — ער האט ליב פראַ־סיען... — דער עיקר, זאגט ער, — וואס קוילען דארף מען... אלע האבן זיך אנגעזויגן... און ביידן ווערט דערפון געלענדערדיק און פריילעך. — ווען מען קוילען? באטשקא שמייכלט אין נאז אריין: נאך א מין!".

נוסח 4:

[דאָרט אין מיטן גרויסן אַלטן סאַד, ווו עס געפינט זיך דער פאַרבליבענער מלחמה־שפּיטאָל, אַרבעט מירע. אַלט איז זי אַ יאָר צוואַנציק, נאָר פיל עלטער איז איר קול — טיף־ברוסטיק און וואַרעם, ווי ביי אַ פאַרזאָרגטער מאַמען: — ט'האָסטו, טאַראַס, געזאָגט: אָן אַ פּיצל אייגן פעלד האָבן געלעבט דייניקע, פון וויניק עסן... האָט דיין מאַמע געהאַט די הינער־בלינדקייט... נו און איך אויך? מיין מאַמע אַ קראַנקע... פון גאַנץ פרי פלעג איך... הונגעריקערהייט פאַנאַנדערטראָגן אין אַ קאַשיק געבעקס איבער רייכע הייזער... כמעט יעדן אָוונט זיצן זיי דאָרט אין דרייען אויף אַ באַנק, וואָס אין גרויסן סאַד ... טאַראַס, זיק און מירע. צווישן די בוימער איז פיל פינצטערער ווי אין אַרומיקן דרויסן... אין דער פינצטער דאַכט זיך, אַז פון מירעס קליינעם מויל הוכקעט די גאַנצע צייט אַ ריח ווי פון מיאַטנע צוקערקעס.. זי איז אַ באַלשעוויטשקע, מירע. זי גיט טאַראַסן לייענען פאַרשיידענע בראָשורן... זי פאַרזיכערט, אַז צו אַלע מיאוסקייטן איז געקומען אַ סוף און אַז מע דאַרף זיך עס גוט אַריינגענעמען אין קאָפּ און זיך מער ניט לאָזן נאַרן — אַלץ אַריינגענעמען אין די אייגענע הענט. דערנאָך טרעפט אַן אָוונט ווען זיי זיצן נאָר אין צווייען דאָרט אויף דער באַנק — טאַראַס און מירע... און אינעווייניק ביי טאַראַסן אין ברוסט קלאַפּט מירעס האַרץ — אַזוי דאַכט זיך אים, און ווייסן ווייסט ער שוין ניט קיין חילוק פון זיין האַנט ביז מירעס הענטל. נאָך טאַראַסן, ווען ער איז אין יענעם אָוונט געזעסן מיט מירען, איז געקומען צולויפן זיק און אויף גיך גערופן אים אין די קאַזאַרמעס: — די ווילדסטע טומלער פון פאָלק... עמעצער האָט זיי אָנגערעדט מאַכן אַ פּאָגראָם. איצט גוואַלדעווען זיי מען זאָל זיי ניט שטערן אַ הוליע טאָן אין שטאָט. — דערלאָז ניט! האָט מירע נאָכגעשריגן דעם אַוועקלויפנדיקן טאַראַסן. — ס'איז קעגן דער רעוואָלוציע!... פאַרהיט דעם פאָלק!... מיר וועלן אים אין גיכן דאַרפן... וועסטו געדענקען, טאַראַס! פאַרהאַלטנדיק זיך, קוקט טאַראַס זיך אום צו איר און שמייכלט אין נאָז אַריין: — איך געדענק... ווי דעם זשע ז".]

מיר ווילן צום סוף צוגעבן, אַז אונדזערע באַמערקונגען, ווי אויך די ווייניקע ביישפּילן זענען ווייט פון אַ פּרווו דורכצופירן אַ גענויע טעקסטאָלאָגישע פאָרשונג פון די גלגולים פון "באַטשקאַ". אונדזער ציל איז געווען בלויז צו אילוסטרירן, ווי אַזוי דער אידעאָלאָגיש־פּאַרטייאישער דרוק האָט באַווירקט און אָפּטמאָל באַשטימט דאָס קינסטלערישע שאַפן און זיין אינערלעכן אמתן אפילו ביי די חשובסטע קינסטלערס אין ראַטן־פאַרבאַנד.

מיר האַלטן אויך פאַר נייטיק צו דערמאָנען, אַז דער באַקאַנטער טעקסטאָלאָגישער כלל, וועגן דעם לעצטגילטיקן נוסח פון אַ ווערק געשריבן ביים לעבן פון מחבר איז לויט זיין אייגענעם ווילן — דער דאָזיקער כלל איז מערסטנטייל ניט גילטיק לגבי די שאַפונגען פון סאָוועטישע שרייבערס. מיר ווייסן, אַז פון די דרייסיקער יאָרן האָט אַ ליטעראַריש ווערק אין סאָוועט־רוסלאַנד געדאַרפט דורכגיין אַ דרייפאַכיקע צענזור פאַר דער פּובליקאַציע: דעם אַוטאָרס צענזור, די צענזור פון דער רעדאַקציע און די רעגירונגס־צענזור, אַזוי אַז פון אַן אָריגינעל ווערק איז אָפט מאָל געדרוקט געוואָרן בלויז אַ טיילווייזע פאַרקריפּלונג. באַלערנדיקע פּרטים און ביישפּילן וועגן טעקסטאָלאָגישע פּראָבלעמען אין ראַטנפאַרבאַנד, זען "אַ שפּיגל אויף אַ שטיין", ז"ז כג—כט.

יאַנקל יאַקיר

# זעליק באַרדיטשעווער

**(פונעם ציקל "בעסאַראַבער פאָלקס־טרובאַדורן")**

זעליק באַרדיטשעווער... אין זיינע פרי־ייִנגלשע יאָרן האָט ער געלערנט אין ישיבה, פריינט און גוטע־פריינט האָבן געחלומט אים צו זען אַ געקריינדלטן מרא דאתרא... נו, האָט מעשה־שטן דורך די ברודיקע ישיבה־פענצטערלעך אריינ־געגרינט דער ביייליגנדער סטעפּ. באַלעמעלאָכעס, פּראָסטאַקעס פלעגן זיך אַריינ־יאָווען מיט פאָלקס־ווערטלעך און מעשיות, וואָס האָבן געלאַקט און געמאַניעט, און איבער אַלעמען האָט געציטערט דער מאַמעס הארציק־עלעגיש ליד, וועלכעס האָט געמאָנט געראָפן און... זעליק איז אַוועק אין פאָלק. אַוועק, און ווי זיין שטייגער איז געווען, מיט לייב און לעבן זיך אַריינגעטאָן אין סאַמע אינגעווייד פון דער ביטערער, האַרטער פאָלקס־אויסקומעניש, זיך געגלצלעך אידענטיפיצירט מיט איר, געוואָרן דער נישט־געקרוינטער קייסער פון דער יידישער פּעריפעריע. און אַלע באַלמעלאָכעס, געזעלן־ייִנגלעך און סתם האַרעפּאַשניקעס פון זיין שטאָט בעלץ און אומגעגנט האָבן געוווּסט, — אַז וואָס ס'זאָגט זעליק איז הייליק.

שוין פון זיין באַמען אַליין ווייעט מיט עכטן יידישן פאָלקס־נוסח, יידישן אָרעמאַנסקע לעבנסשטייגער, וועלכן ער האָט אויסגעזונגען אין זיינע אומצייליקע לידער. און זי, די פאָלקס־אינטואיציע זיינע, האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז איצט, אין דער צייט ווען די יידישע דיכטונג האָט דערגרייכט צו שפּיצבאַרגיקע הייכן, איז אַ סכנה אַרויסצולאָזן זיינע צאַרטע לידלעך — עופּהלעך, אָרעם און בלויז ווי די מאַמע־מאָסע האָט זי אים געבוירן. האָט ער זיי דעריבער טאַקע אָנגעקליידט אין אַזעלכע האַרציקע מעלאָדיעס, ניגונים, וועלכע זענען אויגנבליקלעך געוואָרן דאָס אייגנטום פון די ברייטע פאָלקס־שיכטן.

אַן אויסגעמאָגערטער, אַ געבויגענער, מיט בלויע, מילד שמייכלענדיקע אויגן האָט ער — דאָס וואָרע געראָטענע אייניקל פון דעם באַליבטן פאָלקס־טרובאַדור וועלוול זבאַרזשער — אַרומגעשפּאַנט צווישן דער יידישער אָרעמשאַפט, און, באַוווּסט, אַז דאָס געבוירנלאַנד פונעם יידישן פאָלקס־ליד איז דער ווערקשטאַט און זיינע פריילעכע געזעלן, האָט ער אַן אויפגעהייטערטער אין איינעם מיט זיי געזונגען!

לעבעדיק און פריילעך,
לעבעדיק און פריילעך —
וואָס איז דאָ דער חידוש
מלאָכה — מלוכה
זינגט במנוחה
אַ לידעלע אַ יידיש.

ער האָט די באַלמעלאָכישע בויט־טראַגיק נישט געשטורעמט מיט צאָרן און וואוט־געזאַנגען, נישט געפּרוווט אפילו ווייכער מאַכן איר שטיינערדיק האַרץ מיט קלאָג־לידער. נאָר ווי טוביה דעם מילכיקערס אַ לייבלעכער ברודער זי פּרובירט אויפלייזן מיט אַ דין — שמייכלענדיק איראָניש לידל:

"גיסט און גיסט אַ רעגנדל,
וואַקסט און וואַקסט די בלאָטע.
זיץ איך אויפן בענקעלע
לאַטעווע און לאַטע.
ווייל איז דעם וואָס איז אַ שוסטער אין אַזאַ פּאַגאַדע,
מאַנט דאָס ווייב ביי מיר אויף פּיטע — כ׳מאַך זיך כלא־ידע".

...אין זיין אָפּטימיסטישער וועלט־אַנשויונג און טיפער דערקענטעניש פון עכטער פאָלקס־שמחה, — וועלכע קוועלט אַרויס פונעם יידישן בטחון, וואָס קיין שום צייטגעוויטער קען זי נישט אונטערברעכן — האָט ער דעם מיזערנעם, פינצטערן יידישן לעבן אַקעגנגעשטעלט די ליכטיקע פרייד פונעם יידישן פאָלקס־ליד. פון יענעם זוניקן פאָלקסליד דורך וועלכן עס קומט צום אויסדרוק די טראַ־דיציאָנעלע, שיינע יידישע "שמח בחלקו"־איינשטעלונג, וואָס איז נישט קיין פאַטאַליסטישע בלינדע הכנעה צום גורל, נייערט אַ פריידיק־טראַגישע מיט אַן אַ שיער פיין און מיט געשיכטלעכער דערפאַרונג:

"ווילסטו שאָף און רינדער — האָב איך.
פייגל אַ גאָטס־ווונדער — האָב איך.
שאָף און רינדער, ווייב און קינדער
אוי, זיי זינגען אַ גאָטס־ווונדער,
עלע, בעלע...

צער גידול־בנים — האָב איך,
ברוגזע מחותנים — האָב איך!
מיינע בנים ביי די יוונים
אוי, איז דאָס שוין מחותנים!...
עלע, בעלע...

און דאָך אַזוי, און איבער אַלע דורותדיקע שטרויכלונגען און שווערקייטן, מיט וועלכע ס'איז אָנגעפּראַפּט דעם יידישן האַרעפּאַשניקס לעבן, פּלאַקערט אויף דער טראַדיציאָנעלער "הוליע קבצן", וואָס האָט זיך ביי אים אַזוי האַרמאָניש באַהעפט מיט דער באַהנטער קינדישער, עלע-בעלעדיקער פרייד:

..."געפעלט דאָס אים אַודאי
רייץ איך אים און יאָדע.
עלע, בעלע, דלות, דלות...
דו האָסט גאָרנישט, איך האָב אַלעס.
ווער צעזעצט און ווער צעשפּרונגען!...
וועל איך דווקא לידער זינגען!...
עלע!... בעלע!..."

אין זיין גאַנצן לעבנס-שטייגער, איז געווען עפּעס פון די אַמאָליקע בעסאַ־ראַבער צדיקים-וואָנדערער, וואָס קיין פּדיונות נעמען זיי נישט, קמיעות גיבן זיי נישט, נאָר מען שפּאַנט אַזוי אַרום טאָג און נאַכט מיטן וואַנדערשטעקן אין האַנט און מיטן רוק-זאַק אויף די פּלייצעס פון דאָרף צו דאָרף און מען דער־קוויקט גייסטיק-פאַרשמאַכטע ישובניקעס מיט אַ יידיש וואָרט. אָט אַזוי, פלעגט ער זיך אומבאַמערקט פאַר קיינעם אַרויסשלייכן פון דער קאַכיקער שטאָטישער קולטור-געזעלשאַפטלעכער סביבה, ווו ער איז געווען שרייבער, לעקטאָר, רעזשי־סער און וואָס נישט... אַראָפּכאַפּן זיך אין די ביילינגדע דערפער אַלס לשון־קודש-לערער. און אין אַ קורצער צייט אַרום... האָט דער בעסאַראַבער סטעפּ אַ רעד געטאָן אַ געשמאַקן ליטעראַרישן יידיש, און יידן-אַרענדאַרעס האָבן אין זייערע סוחרישע שמועסן אַריינגעבראַקט שטיקער שלום-עליכם, פּרץ און שטיינ־באַרג, וואָס דער "טשודנער לערער" האָט מיט זיי איינגעלערנט.

דאָ, אויף די רחבותדיקע סטעפּעס, האָט אויפגעציטערט זיין פלאַמיקע ליבע צו דער צויבערפולער בעסאַראַבער לאַנדשאַפט, וועלכע ער האָט אויך געזען מיט די אויגן פונעם איינגעזעסענעם פאַטריאַרכאַלן יידן, פאַר וועלכן די טייכן דניעסטער און פּרוט זענען אויף אַ כישופדיקן, ראָמאַנטישן אופן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ירדן און כנרת — און אויף די גרינע בעסאַראַבער סיני-בערג האָט אַרומגעשפּאַנט משה רבינו... נישט קיין בייז-צאָרנדיקער, נאָר מעשה בעסאַראַבער, אַ מילד שמייכלענדיקער, ווייל בראשית איז געווען די גוטסקייט און ליבע.

...פון דאָנען, פון די גאָלדיק באַזונטע פעלדער פון דער יידיש-מאָלדאַווישער פאָלקס-דיכטונג, האָט ער מיט שטילע, לייכטע טריט אַראָפּגעשפּאַנט אין דער צויבערפולער וועלט פונעם יידישן קינד, ווו ער האָט זיך געשפּירט אָן אייגענער און נאָענטער. זעליק באַרדיטשעווער איז נישט קיין שרייבער פאַר קינדער אין אָנגענומענעם זין פון וואָרט, ווי ס'זענען עס די מערערע קינדער-שריפטשטעלער

אונדזערע. עס האָט נישט עקזיסטירט ביי אים די מער וויניקער אַנזעבאַרע מחיצה צווישן קינדער־שרייבער און זיינע קלייניקע לייענער. ניין! אַ גרויס קינד באַנאַמענט באַרדיטשעווער, זינגט עס פּאַר קליינוואַרג אַזעלכע חנעוודיקע לידעלעך און דערציילט מעשהלעך שייניקע...

איז עס געווען די נאַטירלעכע באַגעגעניש פון דיכטער מיט די איינוווינער פון קינדערלאַנד, צו וועלכע ער האָט געהערט מיט זיין גאַנצן אינערלעכן וועזן.

...אין יאָר 1938, האָט ער אין דער שטאָט יאַס, אויף אַן אָרעמען שפּיטאָל־בעטל, אויסגעהויכט זיין שווערגעפּרוווט לעבן. מיט זיין פּריצייטיקן טויט איז אַוועק אַ וווּנדערלעכער פאָלקס־זינגער, איינער פון די איידלסטע ליכטיקסטע געשטאַלטן פון אונדזער בעסאַראַבער שרייבערישער משפּחה.

זיינע פאַריתומטע שריפטן זענען פאַרטיליקט געוואָרן, פּונקט ווי זיינע בעסאַראַבער יידן, פון היטלערס און סטאַלינס רוצחישע הענט.

נאָר זיינע געציילטע פאַרעפנטלעכטע לידער האָבן געפונען אַ תיקון אין לאַנד פון זיינע חלומות — ישראל, ווו עס זינגען זיי זיינע ברידער און שוועסטער.

---

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

### "לידער צו אייגענע" —

### דאָס דריטע בוך פון מאיר חרץ

● אין פאַרלאַג "ישראל־בוך" (תל־אביב, תשל"ה — 1975) איז דערשינען דאָס בוך לידער פון מאיר חרץ **"לידער צו אייגענע"** (212 זייטן), דאָס איז שוין דאָס דריטע לידער־בוך פון מחבר, וואָס דערשיינט אין ישראל זינט זיין עליה.

די פריערדיקע ביכער: "אין פרעמדן גן־עדן" (תל־אביב, י. ל. פּרץ פאַרלאַג) און "הימל און ערד" (ירושלים, פאַרלאַג "אייגנס"). אַן אָפּשאַצונג וועגן מאיר חרצעס דיכטונג אין קומענדיקן נומער פון "ירושלימער אַלמאַנאַך".

# נאָטיצן, אינפאָרמאַציעס

## קולטור־כראָניק

● אויף דער לעצטער זיצונג פון קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל איז באַשטימט געוואָרן פאַרברייטערן זיין באַשטאַנד. אין קאָמיטעט זענען אַנגענומען געוואָרן אַלס נייע מיטגלידער די שרייבער־עולים פון סאָוועטן־פאַרבאַנד — ה. **אַשעראָוויטש** (תל־אביב־יפו), **מאיר חרץ, יוסף קערלער** און **עלי שעכטמאַן** (ירושלים).

● דער היי־יאָריקער פרייז פון יידישן שרייבער־און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל ווערט צוגעטיילט די שרייבער און דיכטער (לויטן א״ב): **צבי איזנמאַן, לייב אַליצקי, מאיר חרץ** און **יצחק פאַנער.**

מיר באַגריסן האַרציק אַלע פּרעמירטע חברים־קאָלעגן און גאָר באַזונדערס — די אַקטיווע מיטבאַטייליקטע מחברים פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ דעם פאַרדינסטפולן דיכטער און פּראָזאיקער **לייב אַליצקי** און אונדזער ירושלימער תושב — דעם טאַלאַנטפולן פּאָעט **מאיר חרץ.**

אונדזערע בעסטע ברכות צו אַלע פּרייז־לאַורעאַטן פון יידישן שרייבער־און זשורנאַליסטן־פאַראיין — געזונט און פרוכטבאַרע שעפערישקייט!

● אויך אין יאָר תשל״ה זענען אין ירושלים פאַרגעזעצט געוואָרן די ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע אָוונטן, איינגעאָרדנט דורך דער יידישער שרייבער גרופּע בשותפות מיט דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים ביי דער סטאַבילער מיטהילף פון דער ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

### פּראָבלעמען פון יידישער אחדות

דער ערשטער אָוונט אינעם יאָר תשל״ה (21.10.74) איז געווען געווידמעט ״פּראָבלעמען פון יידישער אחדות אינעם איצטיקן מאָמענט״ מיט דער באַטייליקונג פון ד״ר דוד ספרד און הרב מרדכי קירשבלום אַלס הויפּט־רעדנער און ד״ר שמואל הורוויץ אַלס פאָרזיצער. נאָך די אַריינפיר־רעפעראַטן איז פאָרגעקומען אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע מיט דער באַטייליקונג פון אַ סך אָנטיילנעמער פון צווישן עולם. צוו.אַנד. זענען באַהאַנדלט געוואָרן פאָלגנדיקע טעזיסן: די פאַרבינדונגען פון מדינת ישראל מיט די תפוצות, דער קשר מיטן יונגן דור, עליה און קליטה, רעליגיע און וועלטלעכקייט, יידיש ווי אַ צעמענטירנדיקער פאַקטאָר.

## לכבוד עלי שעכטמאַנס ״ערב״

דאָס דערשיינען פון גרויסן ראָמאַן וועגן רוסישן יידנטום ״ערב״ פון שרייבער־עולה עלי שעכטמאַן, אַ תושב פון ירושלים, איז אָפּגעמערקט געוואָרן אויף אַ גרויסן פייערלעכן אָוונט אין אגרון־הויז אין ירושלים אין חודש נאָוועמבער.

פּראָפ׳ סאָל ליפּצין אין זיין אַריינפיר־וואָרט האָט אָנגעוויזן, אַז הגם ״ערב״ שילדערט די תקופה פון ערב דעם ערשטן וועלט־קריג, דערקענט מען אָבער זייער גוט ביים לייענען דעם ראָמאַן די אַקטועלקייט און דעם ענלעכן מצב אינעם היינטיקן רוסלאַנד. דער רעדנער האָט געווינטשן דעם מחבר צו פאַרענ־

דיקן דאָ, אין ירושלים, דאָס גרויסע ווערק וועגן רוסישן יידנטום ביז זיין מאַסן־עליה קיין ישראל.

שמחה סנה האָט אַרויסגעהויבן די ספעציפישקייט פון די הויפט־העלדן אין שעכטמאַנס ראָמאַן — דער שבט פון די באַיאַרס. אויב "זעלמעניאַנער" זענען באַגרענעצט בלויז צו פּראָלעטאַריער, זענען די העלדן פון "ערב" כולל אַלע שיכטן פון רוסישן יידנטום — אַ גאַלעריע געשטאַלטן, וואָס זענען איבער זייער צייט און דורכגעדרונגען מיט יידישן גייסט.

דער העברעישער שרייבער חיים תורן (ערן־סעקרעטאַר פון פּען־קלוב) דריקט אויס צופרידנקייט וואָס "ערב" דערשיינט אויך אין אַ העברעישער איבערזעצונג און לויבט שעכטמאַנס פּראָזע, וואָס האַלט אויס אַלע קריטעריעס פון הויכער מייסטערשאַפט, באַזונדערס מיט איר אַרכיטעקטאָנישן בוי און שילדערונגסקראַפט.

ד"ר דוד ספּאַרד לייענט אַן אַלזייטיקן אַנאַליטישן עסיי וועגן שעכטמאַנס שאַפן, וואָס האָט דערגרייכט דעם רעקאָרד מיטן ראָמאַן "ערב", אַ ווערק, וואָס פאַרמאָגט אַ טיף נאַציאָנאַלן אונטערטעקסט. די קשה־עורפדיקייט פון זיינע העלדן קומט פון ציטער און זאָרג פאַרן יידישן קיום באַגלייט דורך אַ סוביעקטיווער אַנגאַזשירונג פונעם מחבר גופא, וואָס איז טריי דער שליחות פון יידישן ספר אין אונדזער אַלטער טראַדיציע.

עלי שעכטמאַן האָט אין זיין ענטפערערעדע זיך אָפּגעשטעלט אויף די ספּעציפישע אויפגאַבן פון אונדזער ליטעראַטור — אין יידיש און העברעיש, וואָס טאָר נישט זיין "ככל הגויים", ווייל קיין שום פאָלק אין דער וועלט ווייסט ניט וועגן "בדמייך חיי". קיין שום שרייבער איז אויך נישט געשטאַנען אַזוי ווי מיר אויפן קבר פון זיין פאָלק און שפּראַך — און פון דאַנען די גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות פון יידישן שרייבער.

שעכטמאַן האָט פאַרענדיקט מיט לייענען אַ פראַגמענט פון אַ ווייטערדיקן באַנד פון "ערב", וואָס שילדערט די צייט פון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין יאָר 1919.

## קבלת־פּנים פאַר יידישע שרייבער פון אַמעריקע

אין די טעג פון אינטערנאַציאָנאַלן פּען־קאָנגרעס אין ירושלים האָט די יידישע קולטור־געזעלשאַפט צוזאַמען מיטן יידישן שרייבער־פאַראיין (ירושלימער אָפּטיילונג) איינגעאָרדנט אין "אגרון־הויז" אַ קבלת־פּנים־אָוונט לכבוד די דעלעגאַטן פון יידישן פּען־צענטער אין אַמעריקע. די געסט זענען וואַרעם באַגריסט געוואָרן דורכן פאָרזיצער ד"ר גרשון ווײַנער און דורך דעם וויצע־שטאָט־פּרעזידענט פון ירושלים יוסף גדיש, וואָס האָט באַטאָנט די חשיבות פון דער קולטור־טעטיקייט אין יידיש און דעם פאַקט, וואָס מיט דער לעצטער עליה קומען אויך יידישע שרייבער. ער האָט דערביי אָנטפּלעקט אַ קוריאָז, אַז ירושלים איז אפשר איצט אויך די איינציקע שטאָט אין דער וועלט, ווו דריי טויזנט תינוקות של בית רבן באַקומען זייער דערציונג אין מאַמע־לשון יידיש — דאָס זענען די קינדער פון די נטורי־קרתא אין מאה שערים...

דער פּרעזידענט פון יידישן פּען־צענטער אין ניו־יאָרק און רעדאַקטאָר פון "די צוקונפט" יחיאל הירשהויט, ווי אויך איר סעקרעטאַר, דער דערציילער שמשון אַפּטער, האָבן דאַן באַריכטעט וועגן גאַנג פון פּען־קאָנגרעס, וואָס איז געווען אַ גרויסע מאָראַלישע מאַניפעסטאַציע לטובת ישראל, באַזונדערס אין אָנבליק פון דער פּאָליטיזאַציע פון דער אונעסק"אָ, וואָס האָט קאַפּיטולירט פאַרן אַראַבישן נאַפט.

דער דריטער מיטגליד פון דער דעלעגאַציע, דער שרייבער און פּעדאַגאָג,

שאול מאלץ האָט גערעדט וועגן מעמד פון יידיש אין אַמעריקע.

דער צווייטער טייל פון פייערלעכן אָוונט איז געווען געווידמעט דעם שרייבער לייזער ראַן, צום סיום פון זיין מאָנומענטאַל ווערק — דריי אַלבומען וועגן 500 יאָר יידיש לעבן אין ירושלים דליטא, אין ווילנע ערב דעם אונטערגאַנג פון דאָרטיקן פולסירנדיקן רייכן קולטור־לעבן. דעם שרייבער־גאַסט האָבן באַגריסט ד״ר דב לעווין פון אינסטיטוט פאַרן הייַנטצייטיקן יידנטום ביים העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים און דער רעדאַקטאָר פון גרויסן יידישן ווערטערבוך פראָפ׳ יודל מאַרק, וועלכער האָט ביי דער געלעגנהייט געהאַלטן אַ פלאַמיק־באַגייסטערנדיקע רעדע וועגן דער ראָל, וואָס ווילנע האָט געשפּילט אין יידישן לעבן און אין דער יידישער קולטור־שאַפונג.

## אָוונט לכבוד דעם שרייבער קלמן סעגאַל

אַ פייערלעכער אָוונט לכבוד דעם שרייבער קלמן סעגאַל איז פאָרגעקומען אין ״בית־אגרון״, דעם 20.1.1975. דעם אָוונט האָט געעפנט יוסף קערלער מיט אַ וואַרעמע באַגריסונג אין נאָמען פון די פיל לייענער און קאָלעגן פונעם שרייבער. ד״ר דוד ספאַרד האָט אין אַ געשליפענעם עסיי אַרומגערעדט דאָס יידיש־שאַפן פון שרייבער, וואָס האָט אָנגעהויבן אין פויליש און אַרויסגעגעבן אַ דריי צענדליק ביכער אין דער פוילישער שפּראַך, איידער ער איז אַריבער אויף יידיש. ד״ר ספאַרד האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף די צוויי ביכער פון קלמן סעגאַל, וואָס זענען זינט זיין באַזעצן זיך אין ירושלים דערשינען אין אַ העברעישער איבערזעצונג ״מוֹת הארכיבר״ און ״בית הקפה המכושף״, ביכער וואָס האָבן אַרויסגערופן די וואַרעמסטע קריטיק אין דער העברעישער פרעסע און ביים העברעישן לייענער.

קלמן סעגאַל האָט אין זיין ענטפער־רעדע אויף די באַגריסונגען גערעדט וועגן קינסטלערישן קרעדאָ פון אַ יידישן שרייבער, וואָס האָט געוואָגט צו נעמען די פען אין האַנט נאָך די מוראדיקע געשעענישן און חורבן פון יידישן לעבן אין פוילן, באַטאָנענדיק אַז בכדי צו זיין אַ שרייבער הייַנט ביי יידן דאַרף מען האָבן אַ גרויסע מאָס אָפּטימיטיזם און געוואַגטן מוט. סעגאַל האָט פאַרענדיקט מיט לייענען אַ פראַגמענט פון זיינס אַ נייעם ראָמאַן.

## חמישה עשר בשבט־אָוונט

אין דער נאַכט אויף חמישה עשר בשבט תשל״ה האָט די יידישע קולטור־געזעלשאַפט צוזאַמען מיט דער רעליגיעזער אָפּטיילונג פאַר קולטור ביי דער ירושלימער עיריה איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן אָוונט אין גרויסן זאַל פון ״היכל שלמה״. אַ שמועס מעניינא דיומא וועגן חמישה עשר בשבט אין דער יידישער טראַדיציע און ליטעראַטור האָט געהאַלטן ד״ר גרשון וויינער. זלמן הירשפעלד האָט געגעבן אַ רייכן פּראָגראַם פון רעציטאַציעס און פאָרלייענונגען וועגן חמישה עשר בשבט פון דער אַלטער און נייער ליטעראַטור.

## לכבוד פורים...

דעם 24טן פעברואַר 1975 איז אין ״בית מרגוע״, אין בית־הכרם, פאָרגעקומען אַן אָוונט לכבוד פורים. דעם אָוונט האָבן אָרגאַניזירט די ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג און די קולטור־אָפּטיילונג פון דער הסתדרות, לויט דער איניציאַטיוו

פון דער יידיש קולטור־טוערין פרוי פרומה גוזמאַן.

אַן אינטערעסאַנטן רעפעראַט וועגן פּורים־יום־טוב האָט געהאַלטן פריינד אָסלאַוויטש. מאַיאַ ראַשקאָוואַ, עליזה גרינוואַלד, לאה פּרוש און פרומע גוזמאַן האָבן געזונגען לידער אויף יידיש, העברעיש, רוסיש. די יידישע לידער זענען געזונגען געוואָרן לויט די טעקסטן פון די דיכטער מ. געבירטיק, מ. שאַפּיר און י. קערלער. מוזיקאַלישע באַגלייטונג פון קאָמפּאָזיטאָר צבי גובני און מיראָן קאַראָט.

אויך זענען בייגעווען מר הרפז (קולטור־אָפּטיילונג פון דער הסתדרות) און אַ גרעסערע גרופּע יוגנטלעכע אָנטיילנעמער פונעם ליטעראַרישן סעמינאַר ביי דער הסתדרות.

## יובליי־אָוונט צום 60סטן געבוירן־טאָג פון דער דיכטערין רחל בוימוואָל

די יידישע שרייבער פון ירושלים, צוזאַמען מיט דער קולטור־אָפּטיילונג פון דער ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג און משרד הקליטה האָבן אויף אַ פייערלעכן ליטעראַרישן אָוונט אָפּגעמערקט דעם 60סטן געבוירן־טאָג פון דער דיכטערין רחל בוימוואָל.

מיט אָפּשאַצונגס־רעדעס זענען אַרויסגעטראָטן די דיכטער: הירש אָשעראָוויטש, וועלכער האָט אויך געפירט דעם פאָרזיץ, דוד ספאַרד און נחמן ראַפּפּ. די רעדנער האָבן פאַרגעשטעלט די אַלזייטיקע ליטעראַרישע טעטיקייט פון רחל בוימוואָל, סיי אין דער יידישער און סיי אין דער רוסישער שפּראַך.

מיכאל בן־אברהם, האָט רעציטירט לידער פון רחל בוימוואָל און פאַרגעלייענט טעלעגראַמעס פון אינסטיטוציעס און פערזענלעכקייטן פון לאַנד און פון אויסלאַנד. אויך די דיכטערין האָט געלייענט פון אירע שאַפונגען.

אין אַרטיסטישן טייל האָבן זיך באַטייליקט די באַקאַנטע קינסטלערין עטל קאָוועַנסקי און דער קאָמפּאָזיטאָר לעוו קאָגאַן, וואָס האָבן מהנה געווען דעם פאַרזאַמלטן עולם מיט לידער פון רחל בוימוואָל, איציק מאַנגער, ביאַליק, י. ל. פּרץ און אַנדערע.

## קבלת־פּנים פאַר אידאַ קאַמינסקאַ און מאיר מעלמאַן

זונטיק דעם 23טן מערץ איז פאַרגעקומען אַ קבלת־פּנים־אָוונט לכבוד אידאַ קאַמינסקאַ און מאיר מעלמאַן — צו זייער באַזעצן זיך אין ישראל. דעם אָוונט האָט געעפנט מיט אַ פייערלעכער באַגריסונג פּראָפ' סאָל ליפּצין. דער אָנפירער פון דער קולטור־אָפּטיילונג ביים יידישן וועלט־קאָנגרעס יצחק הרכבי, האָט אין זיין באַגריסונג גערעדט וועגן באַטייט פון נאָמען קאַמינסקאַ פאַר דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער. אריה מאַרק, — אין נאָמען פון דער קולטור־אָפּטיילונג ביי דער ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג, האָט גערופן די קינסטלער צו באַנייען זייער טעאַטער־טעטיקייט אין ישראל.

ד״ר דוד ספאַרד האָט גערעדט וועגן שאַפונג־וועג פון קאַמינסקאַ־טעאַטער אין פוילן באַטאָנענדיק אַז אין אַלע פּאַזעס זיינע און ביי אַלע באַדינגונגען איז דאָס טעאַטער קודם־כל געווען יידיש־טעאַטער. מאיר מעלמאַן און אידאַ קאַמינסקאַ האָבן אין זייערע ענטפער־רעדעס — בעת זייער ערשטן אויפטריט נאָכן אָנקומען אין לאַנד — גערעדט וועגן זייער וועג אין טעאַטער אויסדריקנדיק די האָפענונג וועגן אַ המשך אין ישראל, ווו עס זענען פאַראַן גינסטיקע מעגלעכקייטן פאַר דער שאַפונג פון אַן ערנסט יידישן טעאַטער.

יצחק ז. רייזמאַן

# געשיכטע פון יידישן דרוק אין צפת

די באַציונג צום ספר ביי יידן איז אַן אייגנאַרטיקע, ווי צו אַ ווערטפולן אוצר אין דער משפחה. עס איז באַוווּסט דער מנהג צו געבן דעם איידעם וואָס קומט אַריין אין דער משפחה, ש״ס און פּוסקים, חומש מיט מ״ב פירושים און אַנדערע ספרים. אַזאַ מתנה דעם איידעם באַדייט, אַז מען האַלט אים פאַר אַ בר־אוריין און מען האָפט, אַז ער וועט ווי אַ בן־תורה ווערן אַן אָנגע־זעענער און חשובער באַלעבאָס אין שטאָט.

עס איז אויך באַקאַנט דער מאמר חז״ל: ״לעולם ימכור אדם מה שיש לו ויקנה ספרים״ — אַ מענטש זאָל פאַר־קויפן וואָס ער האָט און קויפן ספרים.

עס זענען פאַראַנען צוואות פון עלטערן צו זייערע זין און איידעמס, ווי זיי זאָלן זיך באַגיין מיט זייערע געירשנטע ספ־רים. דאָס אַלץ באַווייזט, ווי טיף עס איז ביי יידן געווען די באַציונג צום אוצר פון ספרים, וואָס זיי האָבן אין משך פון יאָרן אָנגעזאַמלט און געלערנט אין זיי. דער ספר איז ביים יידן געווען דער תוכן פון זיין וועלט־באַנעם און אויסגעפילט זיין גייסטיקע וועלט. מע קען דעריבער מיט זיכערקייט באַהויפּטן, אַז אַזאַ פּיעטעט צום ספר, ווי עס איז געווען ביי יידן, איז ניט צו געפינען ביי קיין שום אַנדערע אומה ולשון.

אויך דער מאָדערנער יידישער גע־לערנטער האָט אין אַ געוויסער מאָס געירשנט די דאָזיקע באַציונג צום ספר פון זיינע אבות, צום ספר מיט אותיות מרובעות. מיטן פעסטשטעלן דעם עצם פאַקט אַליין וועלן מיר פּרווון קלאָר מאַכן די הויפּט טעמע פון אונדזער אַרבעט וואָס שייך דרוקערייען און ספ־רים מיט אותיות מרובעות* ביי יידן.

אין יאָר 1475 זענען אָפּגעדרוקט גע־וואָרן די ערשטע צוויי ספרים מיט אות־יות מרובעות — דער פירוש רש״י אויף תורה אין רעגאָ דע קאַלאַבריאַ און דער ספר ״ארבעה טורים״ אין פּיאַוואָ דע סאַקאָ — בעת דער ניט־יידישער ספר, געדרוקט די באַוועגלעכע בלייענע אות־יות — דערפינדונג פון גוטנבערג — איז געדרוקט געוואָרן מיט איבער אַ פערטל יאָרהונדערט פריער — די וווּל־גאַטאַ אין לאַטיין. — דאָס פירט אַרויף אויפן געדאַנק אַז דער געדרוקטער ספר מיט אותיות מרובעות האָט זיך אין משך פון דער צייט געמוזט אויסקעמפן דאָס רעכט צו זיין ״גלייכבאַרעכטיקט״ מיטן האַנט־געשריבענעם ספר ביי יידן.

די האַנט־געשריבענע ספרים זענען כמעט אַלע ספרי תנ״ך און סידורי תפילה, וועלכע זענען באַנוצט געוואָרן צום לערנען און דאַווענען און בלויז געציילטע ספרים זענען ספרי דרוש פון מחברים פון יענער צייט. פאַרשטייט זיך, אַז דער געדרוקטער ספר האָט פאַרבי־ליקט זיין קאָסט, און יעדער ייד האָט זיך געקאָנט איינשאַפן ספרים צו לערנען און דאַווענען, אין דער צייט ווען בלויז דער גביר האָט געהאַט די מעגלעכקייט

---

* אותיות רש״י אַריינגערעכנט. רעד.

צו באצירן זיין הויז מיט האנט־געשריבענע ספרים.

נאכפאלגנדיק די אנטוויקלונג פון דער דרוקעריי אין די ערשטע צייטן פון דרוק, קען מען זען, אז דער דערפאלג פון יידישע דרוקערייען האט גורם געווען דערצו, אז אויך ניט־יידן האבן אין זייערע דרוקערייען געהאט יידישע אנגעשטעלטע און געדרוקט ספרים מיט אותיות מרובעות, ווייל דער מארק פארן יידישן ספר האט צוגעזאגט פראפיט.

אין פארשיידענע לענדער פון אייראפע האבן עקזיסטירט געוויסע אפצאלן פון ביכער, וועלכע מען האט אריינגעפירט פון איין לאנד אין צווייטן. אזא פאל איז געווען מיטן דרוקער אליעזר ב"ר יצחק, וועלכער האט דאס דרוקער־פאך אויסגעלערנט אין פראג, געדרוקט ספרים אין לובלין און קאנסקא וואליע און געשטרעבט זיך באזעצן אין ארץ ישראל און דארט דרוקן ספרים, ווייל ער איז געווען כמעט זיכער אז ספרים, געדרוקטע אין הייליקן לאנד, וועלן זיין עובר לסוחר, און יעדער ייד וועט גערן קויפן ספרים פון א דרוקעריי אין ארץ ישראל. אויסער דעם זענען אין ארץ ישראל געווען יידישע מלומדים, וועלכע האבן זייערע ספרים געמוזט דרוקן אין קאנסטאנטינאפאל, ווענעציע א. אנד., איז פאר וואס זאל ער ניט אויסנוצן די געלעגנהייט און איינארדנען זיין דרוקעריי אין הייליקן לאנד?



נאכן גירוש שפאניע און פארטוגאל האט א גרויסע צאל אנוסים געצויגן קיין ארץ ישראל, וואס איז געווען אונטער דער הערשאפט פון סולטאן. צווישן זיי זענען געווען פיל וועבערס פון וואלענע שטאפן, און זיי האבן דעריבער זיך באזעצט אין צפת, ווו עס געפינען זיך אין דער אומגעגנט א סך וואסער־קוואלן, וועלכע מען דארף האבן פאר געוועבטע וואלענע שטאפן.

ווי מיר האבן שוין דערמאנט, פלעגן מלומדים פון צפת שיקן דרוקן זייערע חיבורים אין קאנסטאנטינאפאל, סאלאניקי, ווענעציע, און דאס האט גורם געווען, אז דער דרוקער אליעזר ב"ר יצחק פון פראג און לובלין, זאל אריבערפירן זיין דרוקעריי אין דער הויפט־שטאט פון גליל — צפת.

אין צפת האט דער דרוקער אליעזר ב"ר יצחק געמאכט שותפות מיט א צפתער תושב, אברהם ב"ר יצחק, און ביידע זענען באקאנט אין דער געשיכטע פון דער צפתער דרוקעריי אלס אשכנזי, ווייל אזוי האט מען גערופן יעדן ניט ספרדי, וועלכער פלעגט צושטעלן נאך דער חתימה די ראשי תיבות: ס"ט — ספרדי טהור.

אויפן וועג אין הייליקן לאנד, האט דער דרוקער אליעזר ב"ר יצחק, זיין זון יצחק און די ארבעטער זיך אפגעשטעלט אין קאנסטאנטינאפאל, דארט האבן זיי געדרוקט אייניקע ספרים. דער לעצטער ספר איז געווען "מקור ברוך" פון ברוך אבן יעיש (1576) און אין זעלבן יאר זענען זיי אנגעקומען קיין צפת.

אין דער צפתער דרוקעריי זענען אין משך פון די יארן 1577—1579 אפגעדרוקט געווארן דריי ספרים — "לקח טוב", "קהלת יעקב" און "שר שלום", אבער דער פארקויף פון די דאזיקע ספרים איז געווען זייער א קליינער, זענען ביידע שותפים ארויסגעפארן אין די יידישע ישובים פארקויפן די ספרים. אין די יארן 1586—1587 זענען אפגעדרוקט געווארן נאך צוויי ספרים — "זמירות ישראל" און "ברייתא דרבי אליעזר". סך־הכל זענען אין צפת אפגעדרוקט געווארן פינף ספרים און מיט 18 יאר שפעטער זענען די אותיות פארקויפט געווארן קיין דמשק און עס איז מיט די דאזיקע אותיות אפגעדרוקט געווארן דער איינציקער ספר, וואס איז דערשינען אין דמשק "כסף נבחר" אין יאר 1605.

דערמיט האט זיך פאקטיש געענדיקט דער פארזוך צו דרוקן ספרים אין דער הייליקער שטאט צפת און זיי פאר־

שפּרייטן אין די יידישע קהילות אין אַלע גלותן.

אויף דער שטאָט צפת זענען נאָכהער געקומען ערד־ציטערנישן, מגפות און אָנפאַלן פון רויבער און דאָס האָט כמעט אויסגעליידיקט די שטאָט פון אירע איינ־וווינער. ערשט נאָך 250 יאָר, אין אָנ־הייב 19טן י״ה, איז קיין צפת אָנגעקומען אַ דרוקער פון בערדיטשעוו, ישראל ב״ק, און זיך גענומען דרוקן צום מער־סטן באַנוצטע ספרים, ווי ״סידור תפילה שפת אמת״ (1832) א. אַנד. ווי עס ווייזט אויס האָט דער דאָזיקער דרוקער געהאַט אַ חוש פאַר די נויטיקייטן פון ספרים צום דאַווענען און לערנען. ער האָט אויך אָפּגעדרוקט חומש ויקרא און ספר תהלים. ער האָט אויך שפּעטער אָפּגעדרוקט אייניקע אַנדערע ספרים, צו־זאַמען זעקס ספרים. דער לעצטער ספר איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין יאָר 1836.

די אומרועןן האָבן זיך דאַן ווידער געשטאַרקט און ישראל ב״ק האָט זיין דרוקעריי איבערגעפירט קיין ירושלים און דאָרט געדרוקט ספרים ביזן יאָר 1875, ווען ער איז נפטר געוואָרן און די דרוקעריי איז אַריבער צו זיינע יורשים.

אַ דריטע תקופה פון פּרוּוון דרוקן יידישע ספרים אין צפת האָט זיך אָנ־געהויבן מיטן אָנקומען פון אַ דרוקער פון גאַליציע, דובער ב״ר שמואל אין יאָר 1863. אין די יאָרן 1863—1866 האָט דובער אָפּגעדרוקט אַכט ספרים. דער לעצטער ספר איז געווען דער ספר פון ר׳ משה מרומילוב ״אמרי משה״ (1866).

עס האָבן שפּעטער זיך פאַרמאָסטן אַרויסגעבן ספרים אין צפת די תושבים פון שטאָט: משה בובריק, מנחם וויי־דנבערג און אברהם צבי שפּיגלמאַן. זיי האָבן אַרויסגעבן צוויי ספרים — ״זמרת הארץ״ און ״ספר הכוונות ומנהגי האר״י״ (1876). אין 1885 האָבן זיי נאָך אַרויס־געגעבן דעם ״ספר זכרון״ פון דער חברה ״ישועת ישראל״.

במשך פון דער צייט האָבן זיך זייער פאַרפאַלקאָמט די דרוקערייען אין ירו־שלים און עס איז געוואָרן אוממעגלעך צו קאָנקורירן מיט זיי אין זין פון פּרייז און אין דער שיינקייט פון דרוק.

דאָס קאַפּיטל יידישע דרוקערייען און ספרים אין צפת איז דעריבער געבליבן אַ געשיכטע פון פּרוּוון פון יידישע דרו־קערס, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז יידי־שע ספרים, געדרוקט אין דער הייליקער שטאָט צפת, וועלן זיין אַ יקר המציאות און וועלן אויפגעכאַפּט ווערן פון יידן בני־תורה אין אַלע גלותן.



בעת עס איז ענדגילטיק געשלאָסן גע־וואָרן דאָס קאַפּיטל פון דרוקן ספרים אין צפת, איז די יידישע וועלט אין אייראָפּע געשטאַנען אין פלאַמען. די יידן מיט זייערע ספרים זענען געוואָרן מאַטעריאַל פאַר די פייערן פון די גאַז קאַמערן. פּונקט דאַמאָלסט האָבן די דרוקער־אַרבעטער אין ארץ ישראל גע־האָט זייער 2טן כינוס אין עין חרוד (1943) און האָבן באַשלאָסן ״אויפשטעלן אַ זאַמל־פּונקט פאַרן יידישן דרוק״. אין סעקרעטאַריאַט פון דרוקער־פאַריין זענען דערוויילט געוואָרן 6 חברים און צבי אסף אַלס סעקרעטאַר פון דער לאַנד־אָרגאַניזאַציע פון די דרוקער־אַרבעטער. שפּעטער איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער דאָזיקער ״זאַמל־פּונקט״ זאָל זיין אין דער שטאָט צפת, ווו מען האָט געדרוקט ספרים מיט אותיות מרובעות נאָך אין דער צווייטער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט.

עס איז דעם סעקרעטאַריאַט געלונגען צו קריגן אין שטאָט אַ געהעריקע גע־ביידע און דאָרטן איז איינגעאָרדנט געוואָרן דער ״מוזיי פאַר דרוקער־קונסט״ — אין עברית: ״מוזיאון לאמנות הדפוס״.

די ערשטע אַרבעט פון מוזיי איז גע־ווען דאָס אויפזאַמלען אַלע ספרים, וואָס זענען אין משך פון יאָרן געדרוקט געוואָרן אין צפת. צוזאַמען דערמיט

זענען אויך געזאַמלט געוואָרן ספרים פון אַלע יידישע דרוקערייען אין דער וועלט. אַזוי אַרום האָבן זיך אין מוזייום אויפגעזאַמלט מוסטערן פון געדרוקטע ספרים פון כמעט אַלע ערטער, ווו עס איז אַ מאָל געווען אַ דרוקעריי מיט אותיות מרובעות.

אין מוזיי איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ סאַך פּלאַץ דער טעכנישער זייט פון דרוקער־פאַך. עס איז אויפגעזאַמלט געוואָרן אַ רייכע קאָלעקציע פון פאַך־ליטעראַטור אין רוסיש, ענגליש און דייטש. אין אַ ספּעציעל צימער איז אויסגעשטעלט אַן אַלטע דרוק־מאַשין, וועלכע מ׳קען באַוועגן מיטן פוס, אַ קאַסטן מיט האַנט־זאַץ און אַנדערע מכשירים, וועלכע שטעלן צוזאַמען דעם אויסזען פון אַ פּרימיטיווער דרוקעריי אין ערגעץ אַ פאַרוואָרפן שטעטל פון אַ יידישן ישוב פאַרן חורבן.

אין די שאַפעס פון מוזיי און אין די פאַרשיידענע אויסשטעלונגען זענען אויפגעזאַמלט פאַרשידענע זעלטענע קאָלעקציעס פון ספרים און דרוק־מכשירים.



**הגדות של פסח.** יעדע הגדה של פסח, וואָס איז פון אָנהייב 13טן י״ה געווען געשריבן מיטן האַנט, אָדער געדרוקט אין פאַרשיידענע יידישע ישובים איבער דער גאָרער וועלט, אין אָריגינאַל, אָדער פאַקסימיליע;

**עקס ליברים.** אַ קאָלעקציע פון ביכער, ווו עס איז אויפגעזאַמלט אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט מענטשן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט עקס ליבריס. אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג איז געווידמעט עקס ליבריס פון יידישע באַרימטע פערזענלעכקייטן, געצייכנטע דורך באַרימטע מאָלערס, ווי ליליען א. אַנד.;

**תשמישי קדושה.** קאָפּיעס פון די תשמישי קדושה, וועלכע געפינען זיך אין דער גינזבורג־קאָלעקציע אין פעטערבורג;

**קונסט־אילוסטראַציע.** דאָס באַרימטע ווערק פון קינסטלער קאַפּלאַן, וואָס איז געהאַט אַרויסגעגעבן געוואָרן אין מאָסקווע און אילוסטרירט דאָס שלום־עליכם־מעשהלע „אַ מעשה מיט אַ ציג״;

**יידישע איינוואַנדערער.** די ערשטע יידישע איינוואַנדערער אין די פאַרייניקטע שטאַטן און זייער אַקטיווער אָנטייל אין דאָרטיקן בירגער־קריג;

**יידישע אותיות.** אַ זאַמלונג פון מוסטערן פון יידישע אותיות זינט דער אַנטשטייונג פון דער יידישער דרוקעריי;

**קונסט־אַלבומען.** אַ קאָלעקציע פון קונסט־אַלבומען פון פאַרשיידענע מאָלערס אין לאַנד און אין אויסלאַנד;

**הבימה שוישפּילערס.** אַן אַלבום פון צייכענונגען פון די באַרימטע הבימה שוישפּילערס אין זייערע קרוין־ראָלן אין פאַרשיידענע אויפפירונגען;

**פּלאַקאַטן.** פּלאַקאַטן פון יידישן אינהאַלט אין לאַנד און אין אויסלאַנד, דעמאָנסטרירנדיק דערביי די דרוק־מעגלעכקייטן פון קונסט אויספירונגען אין ישראל;

**מחזורים און סידורים.** אַ קאָלעקציע פון ספרי תפילה פון פאַרשידענע ישובים אין דער גאָרער וועלט און זייערע באַזונדערע נוסחאות;

**לוקסוס־אויסגאַבעס.** לוקסוס־אויסגאַבעס פון ספרים, דערשינענע אין די לעצטע יאָרן אין פאַרשיידענע וועלט־טיילן און אין ישראל;

**ביבליאָגראַפיע.** אַ קאָלעקציע פון ביבליאָגראַפישע יאָר־ביכער, אַרויסגעגעבן פון דער ביבליאָגראַפישער צענטראַלע ביי דער יידישער וועלפעיר־אָרגאַניזאַציע אין די פאַר׳ שטאַטן;

**רעפערענץ־ביכער.** קאָרקאָרדאַנצן, ביבליאָגראַפישע ווערק וועגן דרוקערס אין דער גאָרער וועלט, דאַרונטער ספּעציעלע ביבליאָגראַפיעס וועגן הגדות של פסח און אַנדערע ספרים;

**יזכור־ביכער.** אַ קאָלעקציע פון יזכור־ביכער פון די אומגעבראַכטע יידישע קהילות אין די פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט.

**ביבליאָטעק.** אין אַ ספּעציעל צימער, וווּהין עס קומען פאַרשערס זוכן מאַטעריאַלן פאַר זייערע פאָרשונגען, איז אויפגעזאַמלט אַ גאָר גרויסע צאָל ביכער אין עברית, יידיש און אויך אַנדערע שפּראַכן אויף געביטן פון ליטעראַטור, געשיכטע און פאָרשונגען.

מוסטערן פון כמעט אַלע פאַרלאַגן, וועלכע האָבן די לעצטע יאָרן אַרויסגעגעבן יידישע ביכער, סיי אין ישראל און סיי אין אויסלאַנד, געפינען זיך אין ביבליאָטעק אַלע מוסטערן פון די דאָזיקע פאַרלאַגן. ספּעציעל זענען וויכטיק אונטערצושטרייכן די קאָלעקציעס פון פּילאָזאָפישן זשורנאַל „דווקא"; די אויסגאַבעס פון די מוסטער־ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור, אַרויסגעגעבן דורכן ליפשיץ־פאָנד אונטער דער רעדאַקציע פון ש. ראָזשאַנסקי; „ייוו"א"־אויסגאַבעס; „גאָלדענע קייט" און אַ גרויסער צאָל אויסגאַבעס אין עברית און יידיש, וועלכע דערשיינען אין לאַנד און אין אויסלאַנד;

**פאָרש־צימער.** אַ ספּעציעלער צימער איז באַשטימט פאַר פאַרשערס, וועלכע קומען זוכן מאַטעריאַלן פאַר זייערע אַרבעטן אויף פאַרשיידענע געביטן;

**פאַרלאַג.** אין פאַרלאַג פון מוזיי דערשיינען ווערק פון אַ ספּעציעלן כאַראַקטער פאַר די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דרוקעריי אין ישראל אויף ספּעציעלע געביטן.

אין משך פון די לעצטע יאָרן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן פאַרלאַג פון מוזיי פאָלגנדע ווערק: „תולדות הדפוס בצפת"; „תוי ספר יהודיים"; „שערי ספרים עבריים": „אַ פערטל יאָרהונדערט יידישע פּרעסע אין בראַזיל" („רבע מאה לעתונות יידיש בבראזיל"); „עם הספר והספר"; „הגדה המצוירת" און לעצטנס דאָס אַרומנעמענדיקע ווערק „אמנות הדפוס".

**עקספּאָנאַטן.** אַ ספּעציעלן אויפמערקזאַמקייט ציען די עקספּאָנאַטן פון דער דרוק־מאַשין, וואָס האָט געדרוקט די ערשטע ישראלדיקע פּאָסט־מאַרקעס און מוסטערן פון זיי; אַ מאָדעל פון דער דרוק־מאַשין, וואָס סער משה מאָנטיפיאָרע האָט מנדב געווען דער דרוקעריי אין ירושלים בעת זיין באַזוך (אין 1814); מוסטערן פון פאַרשיידענע עברית־כתבן פון די גאָר אַלטע צייטן ביז היינט; בילדער פון גאָר אַלטע און נייע דרוק־מאַשינען; מוסטערן פון דער ערשטער צייט פון דרוק, גיסעריי פון שריפט און אויסאַרבעטונג פון פּאַפּיר; אַ בילד פון גוטנבערג, צונויפגעשטעלט מיט דער האַנט און אָפּגעדרוקט אין ווין; פאַרשיידענע מאָדעלן פון אַלטע און נייע בילדער פון דער דרוקעריי.



ש. אפרים

# אַ מאָנאָגראַפיע פון אַ מענטשן, וועלכע שפיגלט אָפּ אַ גאַנצן דור

אין איינעם פון די עלטסטע און חשובסטע ירושלימער פאַרלאַגן — אין פאַרלאַג ראובן מס — איז אין 1974 דערשינען אַ ביאָגראַפיע וועגן איינעם פון די אָנגעזעענסטע פערזענלעכקייטן אין יידישן אַמעריקע פאַרן לעצטן האַלבן יאָרהונדערט — וועגן **ד״ר ישראל גאָלדשטיין.**

דער מחבר פון דער מאָנאָגראַפיע איז דער באַקאַנטער פובליציסט און שריפטשטעלער אהרון אַלפּערין, וועלכער האָט שוין אויף זיין שרייבערישער קאָנטאָ אַ גאַנצע ריי היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען וועגן ציוניזם, ציוניסטישע פערזענלעכקייטן און אויך וועגן דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע.

ווי אַלע זיינע ביכער, האָט אהרון אַלפּערין אויך דאָס בוך (450 זייטן) אָנגעשריבן אין יידיש, אין דער שפּראַך, וועלכע איז לויט אים באַזונדערס צום האַרצן פון ד״ר ישראל גאָלדשטיין, ווי "די ערשטע שפּראַך, אויף וועלכער ער האָט גערעדט און איז דערצויגן געוואָרן אין דער היים פון זיינע עלטערן, און די אינטימע באַציונג צו איר איז אים פאַרבליבן במשך פון אַלע יאָרן פון זיין איבערגעגעבענער אַרבעט אין דינסט פון יידישן פאָלק און פון דער יידישער מדינה".

שילדערנדיק די געשטאַלט פון ד״ר ישראל גאָלדשטיין, אינפאָרמירט דער מחבר נישט בלויז וועגן זיין הויכער בילדונג, וועלכע ער האָט באַקומען אין די אוניווערסיטעטן פון פּענסילוואַניע און קאָלומביאַ, ווי אויך אין יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק, וועלכער האָט זיך פאַרן ערשטן וועלט־קריג גערעכנט פאַרן העכסטן יידישן לערנאַנשטאַלט אין אַמעריקע. דער מחבר ווייזט אויך אָן אויף די וואָרצלען פון ד״ר ישראל גאָלדשטיינס צוגעבונדנקייט צום יידישן פאָלק און צו זיין גרויסער און רייכער גייסטיקער ירושה און פון זיין טיפער יידישער פאָלקסטימלעכקייט.



אַ געבוירענער אין פילאַדעלפיע ביי עלטערן פון מזרח־אייראָפּעישן אָפּשטאַם, וועלכע האָבן אין אַמעריקע פאַרגעזעצט זייער לעבן אין גייסט פון דער אַלטער היים, אָפּהיטנדיק אַלע יידישע מנהגים און טראַדיציעס, האָט ד״ר ישראל גאָלדשטיין דערצו נאָך אַלס קינד בפועל־ממש איינגעזאַפּט אין זיך די אַטמאָספער פון יידישן שטעטל אין דער ליטע, ווו זיין מוטער האָט אים געבראַכט אויף עטלעכע יאָר צו אירע עלטערן.

אָבער פון אַ באַזונדערן באַדייט איז דאָס, וואָס די פילע און פולזייטיקע אַקטיוויטעטן פון ד״ר ישראל גאָלדשטיין, אַלס לאַנגיעריקער מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, פּרעזידענט פון קרן־קימת אין אַמעריקע, וועלט־פאָרזיצער פון קרן־היסוד, פינאַנץ־לייטער פון דער יידישער אַגענץ, איינער פון די מנהיגים פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, גרינדער און אָנפירער פון דער וועלט־קאָנפעדעראַציע פון אַלגעמיינע ציוניסטן און נאָך אַנדערע, ביז זיין צוריקציען זיך פון

# ביאָ־ביבליאָגראַפיע

## שלמה זיטנער *

געבוירן אין יאָר 1904 אין ביאַליסטאָק, פּוילן. עמיגרירט אין יאָר 1925 קיין אורוגווייַ (דרום אַמעריקע), מיטגעאַרבעט אין פאַרשיידענע צייטונגען, צייט־שריפטן און זשורנאַלן.

אין יאָר 1955 דערשיינט אין מאָנטעווידעאָ זיין בוך "דער גערעַנגל" (204 זייטן), אַרויסגעגעבן פון יידישן שרייבער־און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין אורוגווייַ.

אין יאָר 1967 עולה געווען קיין ישראל, און אין יאָר 1969 דערשיינט זיין בוך "די משפּחה" (256 זייטן מיט אַן אַריינפיר־וואָרט פון יצחק הרכבי. אין יאָר 1974 דער־שיינט דאָס בוך קורצע דערציילונגען "צווישן ווענט" (208 זייטן). ס'איז איבערגעזעצט געוואָרן אין שפּאַניש אַ דערציילונג פון בוך "דער געראַנגל" און אַריינגענומען געוואָרן אין אַ שפּאַנישער ענציקלאָפּעדיע, וואָס איז דערשינען אין מעקסיקע אין יאָר 1957. ס'איז אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעיש דורך דעם דיכטער שמשון מעלצער, געדרוקט אין בוך "זוגות", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1972 אין פאַרלאַג "המנורה".

וווינט אין בת־ים.

## מרדכי חלמיש

געבוירן אין יאָר 1912 אין גער, פּוילן. דערצויגן געוואָרן אין וואַרשע. געווען טעטיק אין "השומר הצעיר"־באַוועגונג. עולה געווען אין יאָר 1935. געלעבט אין רמת יוחנן און אין כפר אתא; זינט 1948 — אין תל־אביב.

רעדאַקציע־מיטגליד פון דער טאָג־צייטונג "על המשמר", לאַנגיעריקער פאַרוואַל־טונגס־מיטגליד פון יידישן ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פאַריין. איבערזעצט אַ גאַנצע ריי ווערק פון יידיש אויף העברעיש. מחבר פון דער העברעישער אַנטאָלאָגיע פון יידישע ארץ־ישראל־דערציילונגען "מכאן ומקרוב", פאַרלאַג "ספרית הפועלים".

* זע "ירושלימער אַלמאַנאַך" נומ' 2—3, 1974.

---

די אַלע אַקטיוויטעטן צו זיין אַלט ווערן 75 יאָר — זיי אַלע שילדערט אהרון אַלפערין אויף דעם ברייטן פאָן פון דער צייט, שאַפנדיק אַ כוללדיק בילד וועגן אַ היסטאָרישער תקופה אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק און פון דער יידישער מדינה.

אַזוי אַרום שילדערט דער מחבר אין דער געשטאַלט פון ד"ר ישראל גאָלד־שטיין נישט בלויז איין און איינציק לעבן פון נאַציאָנאַלער שליחות, נאָר אַ דור אַ גאַנצן, וואָס האָט אויפגעטאָן וווּנדער פאַרן קיום פון פאָלק און פאַרן אויפקום פון דער מדינה און וואָס וואַרט אויך אויף זייער גרויסע צאָל באַכפאָלגער און ממשיכים וועלכע וועלן מיט זייערע מעשים נישט פאַרשעמען זייערע פאָרגייער.

## יעקב יאַקיר

גענוירן אין יאָר 1910 אין שטעטל פערליץ (בעסאַראַביע). זינט זיין דעביוט אין די "טשערנאָוויצער בלעטער", מיט אַן עסיי וועגן פּאַנאַיט איסטראַטי (1930) פאַרעפנט־לעכט ער אַ ריי עסייען, דערציילונגען, לידער. פון 1949 ביז 1955 — אין די סטאַלי־ניסטישע צוואַנגס־לאַגערן פון קאָלימאַ.

אין 1968 פאַרעפנטלעכט ער "שלום־עליכם אין מאָלדאַוויע" ווי אויך דאָס בוך "די לבנה פירט די שטערן" — אין מאָלדאַוויש. איבערזעצט אין מאָלדאַוויש "בלאָנדזשענדע שטערן" פון שלום־עליכם.

עולה געווען אין 1972.

אין 1974 יאָר דערשינען זיין בוך דערציילונגען "אַ שליטן מיט ישובניקעס" (פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב).

פאָטער פון דער באַקאַנטער יידיש־רוסישער שרייבערין בלימעלע יאַקיר ז״ל.

## אַנאַ לענגיל

געבוירן אין 1922 אין יוגאָסלאַוויע, דערצויגן אין רומעניע. די מלחמה־יאָרן פאַר־בראַכט אין בוקאַרעשט, דעביוטירט אין דער ליטעראַרישער ביילאַגע צו די צייטונג "עקאָל" אין דער רומענישער שפּראַך.

עולה געווען אין 1966. געדרוקט אייניקע דערציילונגען אין דער יידישער איבער־זעצונג אין "ישראל־שטימע" און אין העברעישער איבערזעצונג אין "על המשמר".

וווינט אין ירושלים.

## אהרן מענדעלעוויטש

געבוירן אין ווילנע. געלערנט אין דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע, ווו דער לערער פון יידישער ליטעראַטור איז געווען משה קולבאַק ז״ל.

געאַרבעט אַלס לערער אין די ציש״אָ־שולן. אין 1934 אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד. געווען מיטאַרבעטער אין מאָסקווער "עמעס". אין 1939, נאָכן פאַרענדיקן דעם מאָסקווער יורידישן אינסטיטוט, געאַרבעט אַלס אַדוואָקאַט.

אין די יאָרן 1941—1946 אַן אָפיציר אין דער סאָוועטישער אַרמיי. נאָך דער דע־מאָביליזאַציע זיך אומגעקערט קיין ווילנע, ווו געאַרבעט אַלס יוריסט. אין 1975 אַריבער־געפאָרן קיין פוילן, ווו זיך פאַרנומען מיט קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין קולטור־פאַרבאַנד און אויך געווען מיטאַרבעטער פון דער וואַרשעווער "פאָלקס־שטימע".

פון יאָר 1962 אין ישראל. וווינט אין ירושלים.

## נחמן ראַפּפּ

געבוירן אין גראַיעווע, פוילן, אין יאָר 1914. געלערנט אין די ישיבות אין ביאַליסטאָק, לאָמזשע און ראַדין, אין רבנים־סעמינאַר "תחכמוני" אין וואַרשע. ערשטער פּאָעטישער דעביוט: "דאָס געוויין פונעם ווינט", ביאַליסטאָקער "דאָס נייע לעבן", רעדאַגירט פון פּסח קאַפּלאַן. עולה־געווען קיין ישראל אין 1950.

זיינע ביכער: "פונקען אין אַש", פוילן, 1947; "אין שיין פון ברענענדיקן דאָרן", לידער 1958, ישראל; "אַ קרוג מיט וויין" (לידער), 1962; "באשר הוא אדם", סיפּורים 1966; "וואַנדערשטאָק אין בלוי", לידער, 1970; "דער אָנהייב", דערציילונגען, 1972; "Man and His Ways" תנ״ך־דערציילונגען, 1973.

## אפרים רויטמאַן

געבוירן אין יאָר 1910 אין כאָטין, רוסלאַנד, געלערנט אין "בית ספר תרבות". גע־ענדיקט די גימנאַזיע, געלערנט פילאָלאָגיע אויפן טשערנאָוויצער אוניווערסיטעט.

אָנגעהויבן שרייבן העברעיש און אַריבער אויף יידיש. אין 1937 אַרויסגעגעבן אַ לידער־זאַמלונג "פינגער אין ליכט" (טשערנאָוויץ). געדרוקט לידער און עסייען אין "שריפטן", "פאָלקס־שטימע" (וואַרשע), "יידישע קולטור" (ניו־יאָרק), "סאָוועטיש היימ־לאַנד", "האָריזאָנטן", "זאַמלונגען" און אַנדערע אויסגאַבן.

עולה געווען קיין ישראל אין 1972. וווינט אין פתח־תקוה.

## יצחק ז. רייזמאַן

דעביוטירט מיט אַ דערציילונג אין יאָר 1922 ("יידישע אַרבעטער־יוגנט" וואַרשע).

אין אַרגענטינע פאַרעפנטלעכט אַ ריי דערציילונגען אין "די פרעסע", "דער שפיגל", "פאַר גרויס און קליין".

אין פּאָרט־אַלעגראַ (בראַזיל) געווען רעדאַקטאָר פון אַ חודש־שריפט "דאָס נייע וואָרט", שפּעטער פון "בראַזיליאַנער אידישע פרעסע" (ריאָ דע־זשאַניירא), "סאַן פּאַולער אידישע צייטונג". אין יאָר 1935 אַרויסגעגעבן "געשיכטע פון יידן אין בראַזיל" וואָס איז שפּעטער אויך איבערזעצט געוואָרן אין פּאָרטוגעזיש.

מחבר פון היסטאָרישן ראָמאַן "לעבנס אין שטורעם" (תל־אביב, פאַרלאַג "מאָסף ישראל", 1965) — וועגן די ערשטע יידישע קאָלאָניסטן אין בראַזיל.

אין דער אויסגאַבע פון "צפתער מוזעום פאַר דרוקעריי" איז דערשינען זיין בוך "אַ פערטל־יאָרהונדערט יידישע פרעסע אין בראַזיל" (1968). וווינט אין צפת.

## חיים תורן

געבוירן אין דאָמבראָווען, בעסאַראַביע. עולה געווען אין יאָר 1933.

ליטעראַטור־קריטיקער און דערציילער, דירעקטאָר פון י. ל. מאַגנעס־פאַרלאַג ביים העברעישן אוניווערזיטעט אין ירושלים, אַבסאָלווענט פון פאַקולטעט פאַר הומאַניסטישע וויסנשאַפטן. סעקרעטאַר און ערן־גזבר פון פען־צענטער אין ישראל. אַקטיווער געזעל־שאַפטלעכער טוער און ראַטגעבער ביים משרד החינוך והתרבות, ישראל־קאָמיטעט פאַר אונעסק"אָ, דירעקטאָר פון יזכור־פאָנד פאַר יידישער קולטור און אַנד.

זינט 1937 פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען, עסייען און דערציילונגען אינעם רוב צייט־שריפטן פון לאַנד, ווי אויך אין חוץ־לארץ. מחבר פון כוללדיקע מאָנאָגראַפיעס וועגן מ"מ דאָליצקי, מ"צ מאָנע, א"ק שאַפּירא, י"ל קאַנטאָר, יוסף קלאַוזנער א. אנד.

ביכער: "ספרותנו היפה מביאליק עד ימינו" (3 בענד); "שירי אהבה בישראל מימי קדם עד ימינו"; "ירושלים ביצירת הדורות"; "יוסף קלאַוזנר"; "תגים". בעלעטריסטיק: "בית אבא"; "בצל גנים"; "שם ישבנו"; "היה היתה עיירה" און "ספר דאָמבראָווען" (רעדאַגירט דורך אים). די לעצטע צוויי זענען דערשינען צוויי־שפּראַכיק, אין העברעיש און יידיש. רעדאַגירט אַ ריי ליטעראַרישע זאַמלונגען און ווערק וואָס זענען דערשינען אין מאַגנעס־פאַרלאַג.

# שבעה

מיינע פריינד בתיה און יוסף קערמיש

טרערן פון אַ מאַמען שטייגן
צו די העכסטע רוימען —
צו די טיפסטע תהומען
גרייכט אַ טאַטנס שווייגן.

פאַראַנען ווערטער וואָס באַקלאָגן, וואָס באַזינגען,
פאַראַנען ווערטער פון באַדויער —
נאָר פאַר אַ טאַטע־מאַמעס טרויער
קאָנען זיי קיין טרייסט נישט ברענגען.

אַלע ווערטער שטאַרבן אָפּ דאָ אינעם האַרצן
ערב זייער נאָך געבוירן
און זיי גייען ווו פאַרלוירן
אין אבלות שוואַרצער.

זיצט מען שטום צוזאַמען
און מען הערט זיך איין אין יאָמער
פון דער יונג־פאַרשניטענער נשמה
אין דער שטוב פון טאַטע־מאַמע.

ווו דער טייערסטער און ליבער
ווי געוועזן ביז אַצינדער
איז אויף אייביק שוין פאַרבליבן
קיינמאָל מער נישט צו פאַרשווינדן.

**דוד ספאַרד**

---

מיר באַטייליקן זיך אין צער פון אונדזער חשובן מיטאַרבעטער, דעם באַוווּסטן געשיכטע־פאָרשער ד״ר יוסף קערמיש און פרוי בתיה קערמיש, צוליב דעם טראַגישן טויט פון זייער ליבן זון **אלי** ז״ל.

**רעדאַקציע פון ״ירושלימער אלמאַנאַך״**

# קרן קימת —
# אינסטרומענט פאַר דער צוגרייטונג פון דער באָדן־באַזע

• דער קרן קימת לישראל, געגרינדעט דורך דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין יאָר 1901, דערפילט היינט די אויפגאַבע פון צוגרייטן און אויסברייטערן די אינפראַ־סטרוקטור פון מדינת ישראל, די פאַרברייטערונג פון איר באָדן־באַזע און פאַרנעם פון לאַנד־אַנטוויקלונג. זיין באָדן פאַרנעם וואָס איז דאָס אייגנטום פונעם גאַנצן יידישן פאָלק פאַרנעמט אַ שטח פון איבער 2,600,000 דונאַם. דער גרונט־פּרינציפּ פון פאַרבאָט צו פאַרקויפן דעם באָדן און אים בלויז פאַרפאַכטן צו די זידלער און זייערע יורשים איז זינט דעם יאָר 1960 חל אויף אַלע געזעלשאַפטלעכע באָדן־שטחים אין לאַנד, דאָס הייסט אויף איבער 90 פּראָצענט פונעם מדינה־שטח (אין די גרענעצן פון פאַר 1967). מיט דער הילף פון מעליאָראַציע און דרענאַזש האָט דער קרן קימת דערוואָרבן איבער אַ מיליאָן דונאַם פאַר דער אינטענסיווער לאַנדווירטשאַפט און האָט געפלאַנצט איבער 120 מיליאָן ביימער אויף אַ שטח פון נאָך אַ האַלבן מיליאָן דונאַם באָדן. דער קרן קימת שטייט אין רשות פון דער מדינה אין יעדן פאַל און צו יעדער צייט ווען עס איז נויטיק זיין דערפאַרונג אויפן געביט פון אַנטוויקלונג פאַר אַלע עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע צילן.

• דער ים־ברעג און די אינעווייניקסטע טאָלן פון ישראל שטעלן היינט מיט זיך פאַר די געדיכט־באַוווינטע שטחים פון לאַנד אין וועלכע עס לעבן אַן ערך דריי־פערטל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. פאַראַן אויך געוויסע ערטער וואָס געהערן צו די צום־מייניסטן באַפעלקערטע געגנטן אין דער וועלט בכלל. די דאָזיקע פאַקטן פאַרפליכטן אַ באַזונדערע וואַכזאַמקייט וואָס שייך עקאָלאָגישע פּראָבלעמען, אַ געביט אויף וועלכן דער קרן קימת איז באַזונדערס אַקטיוו אין דער לעצטער צייט. איינע פון די צענטראַלסטע אויפגאַבן פון קרן קימת איז דער לעצטער צייט איז צו באַזאָרגן גרויסע שטאָטישע צענטערס מיט גרין הינטערלאַנד, מיט וועלדער און פּאַרקן. גרינע שטחים ווערן פאַר־פלאַנצט אויך פאַר אָפּרו־צוועקן צווישן ווױן און אינדוסטריע־קוואַרטאַלן.

• די באַרגיקע ראַיאָנען פאַרלאַנגען אַ יסודותדיקע אַנטוויקלונגס־אַרבעט כדי זיי פעיק־מאַכן אויפצונעמען אַ גרעסערע באַפעלקערונג ווי ביז איצט. די אַרבעטן פון קרן קימת ביים אויסשטיינערן די באַרג־שטחים און אַרומבויען די פעלדער מיט טעראַסעס האָט דערמעגלעכט די אויפשטעלונג פון דערפער אין גליל און אין יהודה. די ווידער־פלאַנירונג, וואָס דער קרן קימת פירט איצט, פאַרוואַנדלט די אַלטע ישובים אין מאָדערנע ישובים און דערמיט ווערט אויך געהויבן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די איינוווינער און עס פאַרגרעסערן זיך די מעגלעכקייטן פון אויפנעמען נייע משפחות. חוץ דעם ווערט פאַרגעזעצט די באַוואַלדונג פון די נאַקעטע באַרג־אָראָפּהאַנגען וואָס דערמעגלעכן אויך די אַנטוויקלונג פון אָפּרו־צענטערס אין די בערג.

• אין דרום פון לאַנד געפינען זיך פיל פלאַכע געביטן פון וואַנדערנדיקע זאַמד־דיונעס און "לעס"־באָדן ווו עס האָבן אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן געלעבט בלויז בעדוי־אינער־שבטים. דער קרן קימת האָט געענדערט דעם אויסזען פון אַ סך פון די שטחים דורך פאַרבעסערן דעם באָדן, פאַרמיידן עראָזיע דורכן פלייציקן רעגן־וואַסער — דורך בויען שוץ־וואַלן, פּלאַנצונג פון שוץ־אַלייען, אדג"ל. די אויסגלייכונג פון צעשפּליטערטע ערד־שטחים דורך אינסטאַלירן וואַסער־קאַנאַלן פאַרן אָפּפלוס פון די ווינטער־רעגנס צוימט די שאָדן־ברענגענדיקע ווינטער־פאַרפלייצונגען. אינעם מערבדיקן נגב און אין הבשור־געביט איז פיל דערגרייכט געוואָרן אויפן געביט פון צוימען די וואַנדערנדיקע זאַמד־דיונעס.

• דער לאַנגער טאָל פון דער ערבה צווישן דעם ים־המלח און רויטן ים איז באַקאַנט מיטן מדברדיקן און טרוקענעם קלימאַט. די זיכערקייט פון ישראל פאַרלאַנגט אָבער אויך דאָרט אויפצושטעלן נייע ישובים. מיטן פאַרבעסערן דעם באָדן און אַנטוואַלצונג פון די באַאַרבעטע פעלדער, דערוויטערונג פון דער ווינטער־פאַרפלייצונגען־געפאַר, אָדער אפילו דורך ברענגען גוטן באָדן פון דער ווייט, האָט דער קרן קימת אין דעם גרויסן מדבר געשאַפן קינסטלעכע בליענדיקע אָאַזיסן. אויך זענען דאָ טראַנספּלאַנטירט געוואָרן פּאַלמעס וואָס שלאָגן מיט זייערע טיפע וואָרצלען צו די אונטערערדישע געזאַלצענע וואַסער־קוואַלן. לענגאויס דעם שאָסיי קיין אילת ווערן געפלאַנצט וועלדלעך פון עקאַ־ליפּטוסן, טאַמאַריסקן און אַנדערע שאָטן־ברענגענדיקע ביימער.